הדסה פריוועס



# אין רויך פון בזשעזשינקי

פאַרלאַג
י. ל. פרץ
ישראל
1966

דעם הייליקן אָנדענק
פון מיין אומגעבראַכטער משפחה
ה. פ.

# אַזוי האָט זיך עס אָנגעהויבן

דער ערשטער סעפטעמבער 1939. אַ טאָג, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַ טרויעריקע דאַטע. דער אָנהייב פון אונדזערעליידן און פאַרלענדונג אין פוילן.

שוין אין די לעצטע טעג פון חודש אויגוסט האָט זיך געפילט אין דער לופט, אַז עפּעס מוראדיקס גרייט זיך. די מענטשן, וועלכע האָבן פאַרברענגט אויף דאַטשע אין פאַרשידענע קורערטער, האָבן אין דער גרעסטער בהלה זיך געאײַלט אַהיים צו קומען.

האַלושע, מײַן טאָכטער, וואָס האָט פאַרבראַכט אירע פעריען אין ראַבקע, איז אויך פּלוצלינג געקומען צו פאָרן.

— זייער גוט, קינד־לעבן, וואָס דו ביסט שוין דאָ! — האָב איך אַ צופרידענע אויסגערופן — ווי שיין דו זעסט אויס, ווי אָפּגעברענט דו ביסט!

— הלוואי וואָלט שוין אויך יאָסעלע דאָ געווען! — האָב איך געזאָגט מיט אַ ציטער אין האַרצן — וואָס עס זאָל נישט קומען, זאָלן מיר כאָטש זיין אַלע צוזאַמען!

יעדן טאָג לויף איך אָפּוואַרטן מײַן זון, אָבער אומזיסט. ענדלעך, מיטוואָך אָוונט, איז אָנגעקומען אַ באַן פון די בעסקידן (אַן אָפּרו־געגנט אין די בערג), וואָס האָט געבראַכט מיט זיך יאָסעלען.

— אמת, מאַמע, אַז ס׳וועט אויסברעכן אַ מלחמה? — איז געווען זיין ערשטע פראַגע. — מאַמע, דו קאָנסט דיר גאָר נישט פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַ רייזע דאָס איז געווען — האָט ער דערציילט, — מיר זענען געפאָרן אויף די דעכער פון דער באַן. אַ העלפט פון אונדזערע זאַכן זענען

פֿאַרבליבן אין רייטשע. דער וואָקזאַל איז איבערפֿולט מיט מענטשן. אַלע איילן זיך אַהיים. אָבער ווער ווייסט, אויב עס וועט נאָך זיין אַ באַן.

אין גאַס הערשט אַ פֿינצטערניש. די עלעקטרישע לאָמפּן זענען אויס־געלאָשן. אויך דער הימל איז, ווי אויף להכעיס, אַ טרויעריק־פֿאַרכמורע־טער. צוליב דער פֿינצטערניש פֿאַלן מענטשן איינער אויפֿן צווייטן. אַ געדריקטע שטימונג באַהערשט אַלעמען.

— ווי געפֿעלט איך, קינדערלעך, אונדזער נייע דירה? — האָב איך געפֿרעגט, כדי איבערצורייסן די אומעטיקע שטימונג.

— באמת שיין, — ענטפֿערט יאָסעלע.

דורך דער צייט, וואָס די קינדער האָבן פֿאַרבראַכט אויף דאַטשע, האָבן מיר זיי צוגעגרייט אַן אָנגענעמע איבערראַשונג: איבערגעצויגן זיך אין אַן אַנדערער דירה, אַריינגעשטעלט ניי מעבל.

— אַלץ איז אַזוי שיין — זאָגט יאָסעלע מיט אַ צופֿרידענעם שמייכל — דער קרעדענס, דער דיוואַן, די פֿאַרהאַנגען.

די קינדער פֿרייען זיך און פֿאַרגעסן דעם פֿינצטערן דרויסן. מיר פֿרייען זיך אַלע צוזאַמען, הגם די שטימונג איז פֿאַרט אַ געפּרעסטע, אַ נאָגנדיקע.

דאָנערשטיק פֿרי, דער 31סטער אויגוסט 1939. מיין שכנה זאָגט מיר אָן די ערשטע „גוטע" בשורה: עס איז שווער צו באַקומען מעל, צוקער. אויך אַנדערע שפּייז־אַרטיקלען זענען שוין נישט בנמצא. אין די שפּייז־געשעפֿטן איז אַ בהלה. דער וועג, וואָס פֿירט צו מיין געשעפֿט אויף דריטער מאַי־גאַס, איז פֿול מיט מענטשן. פֿון אַלעמענס פּנימער שלאָגט מיט אומעט און פֿאַרצווייפֿלונג.

אויף דער באַן־סטאַציע דונערט אַן אויפֿהער פֿון אַ הילכער, מען רופֿט די באַפֿעלקערונג צו זיין שטאַרק און איינהייטלעךביים אָפּהיטן די גרענעצן.

„פֿאָליאַקן! — הילכט די שטים פֿון מיקראָפֿאָן — זייט גרייט אויף יעדן רוף, צו פֿאַרטיידיקן דאָס גרויסע אומאָפּהענגיקע פּוילן! זאָל לעבן דאָס פּוילישע פֿאָלק! ,ניעך זשיע!'".

מענטשן בלייבן שטיין און הערן זיך איין ווי די שטים אין מיקראָפאָן הילכט, ווערט הייזעריקלעך אָבער פעסטער:

„די דייטשן שאַרפן זייערע ציין איינצושלינגען פוילן, אַזוי ווי זיי האָבן דאָס געטאָן מיט עסטרייך און טשעכאָסלאָוואַקיע. מיר וועלן אָבער נישט אָפּטרעטן קיין איין שפּאַן פון אונדזער ערד!"

„כלאָפּצי! זייט גרייט צו פאַרטרייבן דעם שונא, פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד!" — הערט זיך ווידער די פעסטע, שאַרפע שטים.

— וואָס זענט איר אַזוי נערוועז? — פרעגט ביי מיר נתן יאַקובאָ־וויטש — איר ברעכט די הענט, ווי אַן אמתע יידענע — לאַכט ער.

איך האָב גאָרנישט געענטפערט. מיינע אויגן זענען געווען געווענדט צו די גרויסע רויטע פּלאַקאַטן, וואָס האָבן גערופן צו מאָביליזאַציע אַלע יונגע מיליטער־פליכטיקע מענער.

נאָר איידער כ'האָב באַוויזן זיך רעכט אומצוקוקן, האָב איך שוין געזען ווי מאַמעס ברעכן די הענט. יונגע פרויען באַגלייטן זייערע מענער צום מיליטערישן זאַמלפּונקט מיט נאַסע אויגן, און די פּאַניק וואַקסט פון מינוט צו מינוט.

אַרום זעקס פאַר נאַכט האָט מען שוין געזען אויף דער ברייטער דריטער מאַי־גאַס. דאָס אָנקומען פון מיליטער, וואָס האָט מאַרשירט צו דער גרענעץ קיין שאָפּיעניץ און מיסלאָוויץ.

עס מאַרשירן טויזנטער מיליטערלייט, באַלאָדן מיט פעקלעך. מען זעט אינפאַנטעריסטן, קאַוואַלעריסטן, זעלנער אויף מאָטאָציקלען און ראָווערן; האַרמאַטן און אַנדערע שווערע אַמוניציע — אַלץ אין דער ריכ־טונג צום פראָנט.

פון ביידע זייטן טראָטואַרן שטייען טויזנטער מענטשן, קריסטן און יידן. זיי גיבן צו פּאַטריאָטישן התלהבות. שרייען און ליאַרעמען:

„זאָל לעבן די פוילישע אַרמיי! הוראַא!!!"

איבער די קעפּ פונעם מאַרשירנדיקן מיליטער פאַלן פעקלעך ציגאַ־רעטן, שאָקאָלאַד, בלומען און עס הערן זיך אויסרופן: „זאָל לעבן דאָס פוילישע מיליטער — אונדזער העלדישע אַרמיי!"

אינסטינקטיוו דריי איך זיך אויס און באַמערק, נישט ווייט פון מיר,

דעם ד״ר זאַכאַרסקי. ער איז אָנגעכמורעט און מיט שטעכיקע בליקן באַטראַכט ער די אַרום־שטייענדיקע יידן. זיינע שפּיזיקע בליקן האָבן באַדייט: פון וואַנען נעמט זיך אַזאַ חוצפּה צו די זשידעס, צו באַגריסן אונדזער מיליטער?

מיינע בליקן בלאָנדזשען ווידער און איך דערזע, אַז דאָרט, נעבן ד״ר זאַכאַרסקי שטייט אַ יונגער שגץ. איך האָב אים גלייך דערקענט. נישט איין מאָל פלעגט ער זיך אַוועקשטעלן ביים אַריינגאַנג פון מיין געשעפט און שרייען: „קויפט נישט ביי יידן!", „יעדע זלאָטע, וואָס פאַלט אַריין אין יידישע הענט — פלעגט ער היסטעריש שרייען — גראָבט אונטער אונדזער לאַנד, דער ייד איז אונדזער גרעסטער שונא!" ער פלעגט אויך טיילן פלוגבלעטלעך מיט דער אַנטיסעמיטישער תורה. דער שגץ, דער־זעענדיק דאָ יידן, האָט אויסגערופן: „מיר וועלן אויסשעכטן די יידן!" און ער וויזט מיט דער האַנט ביים האַלדז, ווי אַזוי ער וועט שעכטן.

אַ טיפן זיפץ הער איך פון מיין מאַן, זעליק, וועלכער שטייט נישט ווייט פון מיר, ער רעדט ווי צו זיך:

— אויך איצט, בעת די ערד ברענט אונטער די פיס, מען זעט דעם טויט פאַר די אויגן, האָבן זיי נאָך אַלץ אין זינען דעם ייד!

זיינע ווערטער זענען פאַרשלונגען געוואָרן אינעם קלאַפּן פון די מיליטערישע שטיוול, וואָס באַוועגן זיך אָן אויפהער. זיין טיפער זיפץ האָט זיך צונויפגעמישט מיט דעם קלימפּערן פון שווערע האַרמאַטן און טאַנקן, וואָס הילכן אָפּ מיט אַ באַטויבנדיקן רעש אויפן אַספאַלטירטן שאָסיי.

און אָט האָט דער קאַראַוואַן פון די שווערע מאַשינען אויפגעהערט. גלייך נאָך דעם באַווייזן זיך ליידיקע וואָגנס, געשפּאַנט אין אַ פּאָר פערד. אַ שרעק באַפאַלט אַלעמען.

— וואָס עפּעס ליידיקע וואָגנס אויפן פראָנט? — פרעגט איינער דעם צווייטן.

— פאַר וואָס זעט מען נישט פירן קיין פּראָוויאַנט און פאַשע פאַר די פערד? — קיינער קאָן אָבער אויף די פראַגן נישט ענטפערן.

אַרום האַלב צען אין אָוונט האָט זיך דער מאַרש צום פראָנט פאַרענ־דיקט. מיט אַ מאָל זענען די גאַסן געוואָרן אָפּגעליידיקט. די נישט באַלויכ־

טענע גאַסן און די טונקל פאַרהאַנגענע פענצטער הויערן מיט שרעק און אימה. יאָ, די מלחמה איז געוואָרן אַווירקלעכקייט. עס הערן זיך שוין די ערשטע שאָסן פון ביקסן און האַרמאַטן. געפינען מיר זיך דאָך אויף דער סאַמע גרענעץ.

אין דעם מאָמענט איז מיר איינגעפאַלן אַ געדאַנק: „אַנטלויפן! ראַטעווען זיך מיט די קינדער, כל זמן עס ווערט נישט צו שפעט". די נאַכט האָט קיינער פון די שטוב־מענטשן קיין אויג נישט צוגעמאַכט.

ערשטער סעפּטעמבער. פרייטיק פאַרטאָג. עראָפּלאַנען האָבן זיך באַוויזן איבער דער שטאָט. זיי פליען זייער נידעריק, כמעט איבער די דעכער פון די הייזער.

מיט צוגעגרייטע גאַז־מאַסקעס לויפן מיר אין דער גרעסטער בהלה אין די שוץ־קעלערן.

— טאָ נאַשע — זאָגן די קריסטן, אויפהייבנדיק די בליקן צום הימל, נאָך דעם ווי די עראָפּלאַנען זענען פאַרשוווּנדן.

דער הילכער אויף דער באַן־סטאַציע גיט איבער די ערשטע ידיעות, וואָס וואַרפן אָן אַ שרעק און פאַרשטאַרקן נאָך מער די בהלה:

„אין וואָלין — דערהערט זיך די הייזעריקע שטים — האָט אַ דייטשע באָמבע געטראָפן אין אַ קינדער־שפּיטאָל. 26 קינדער זענען דערהרגעט געוואָרן".

— רוצחים! — שרייען אויס די גויים און ביילן די פויסטן — אומשולדיקע קראַנקע קינדער דערהרגעט!..

אָבער זעט אויס, אַז די זעלבע „באַרמהאַרציקע" גויים האָבן גאָר פאַרגעסן, אַז דעם זעלבן פרייטיק, בעת עס האָבן זיך דערהערט די ערשטע באָמבע־אויפרייסן פונעם שונא, האָט מען נאָך באַוויזן אַרויסצושלעפּן יידן פון די בעטן, געשלאָגן זיי אין קייטן און אַוועקגעשיקט קיין קאַרטוז־בערעזאַ. יאָ, כדי אָפּצולענקען די אויפמערקזאַמקייט פון דער פאַקטישער פאָליטישער לאַגע, וואָס האָט דעמאָלט געהערשט אין פוילן, האָבן די ענדעקעס געפּרוּווט געפינען אַ שעיר לעזאזל און ווי תמיד איז עס געווען דער ייד.

פרייטיק צו נאַכט און דעם גאַנצן שבתדיקן טאָג האָט זיך געהערט

דאָס זשומען פון עראָפּלאַנען און הילכיקע אויפרייסן. די סירענעס האָבן וואָס אָפּטער געוואָיעט מיט זייער טרויעריקן געוואָי און באַפוילן דער באַפעלקערונג צו לויפן אין די שוץ־קעלערן.

שבת צו נאַכט קומט אַריין מיין פאָטער און זאָגט מיט אַ געבראָכענער שטים:

— קינדער, אויב איר ווילט בלייבן לעבן, מוזט איר גלייך אַנטלויפן פון דאַנען. הגם איך האָב שוין געהאַט געטראַכט וועגן דעם, בלייב איך שטיין ווי פאַרגליווערט. די ווייטערדיקע ווערטער האָב איך שוין נישט געהערט, נאָר אין געווירבל פון געדאַנקען, וואָס האָבן מיך באַהערשט, האָט זיך דערטראָגן צו מיינע אויערן אַ האַרציקער ניגון: „אליהו הנביא, אליהו התשבי".

דאָס האָט דער שכן פון דער דערנעבנדיקער שטוב אַזוי פאַרבענקט אויסגעברומט דעם ניגון ביי דער מלווה מלכה, ווי ער וואָלט געזוכט זיין רעטונג ביים אייביקן יידישן גואל — אליהו הנביא. אָבער פאַר וואָס ווירקט איצט דער ניגון אַזוי טעמפּ און שטאַר? מיר פאַרלאָזן דאָס הויז און לויפן איבער די פינצטערע גאַסן. מיר זוכן מיטלען, ווי אַזוי אַרויס־צובאַקומען זיך פון שטאָט.

דערוויילי איז דאָס געוואָרן אַן אוממעגלעכע זאַך. אַלע פערד און וועגענער זענען רעקוויזירט. שוין פריִיטיק האָט אויסגעפעלט בענזין, און וועגן פאָרן מיט אַן אויטאָ האָט קיין רייד נישט געקענט זיין. שוין אין דעם ערשטן מעת־לעת פון דער מלחמה האָבן מיר דערפילט דעם כאָאָס און די וויסטע בהלה.

מידע און דערשעפטע, האָבן מיר זיך אומגעקערט שפּעט ביינאַכט אַהיים.

קוים באַוויזן איינצודרימלען, דערהערן מיר אַ גוואַלדיקן טומל אין גאַס. מיר לויפן אַרויס און פאַר אונדז אַנטפּלעקט זיך אַן אויסטערליש בילד. דאָס ערשטע קאָשמאַרפולע בילד פון יענער גרויליקער תקופה:

די גאַסן זענען פול מיט מענטשן. טייל באַלאָדן מיט רוקזעק, טייל מיט זעקלעך אויף די פּלייצעס, און אַלע גייען, שטופּן זיך אין בהלה און איילעניש.

איך רייב זיך אויס די אויגן און זע: איינער טראָגט אויף די פּלייצעס אַ פּעקל בעטגעוואַנט, ווו עס ליגט איינגעוויקלט אַ קינד, וואָס מען האָט אַרויסגעכאַפּט פון בעסטן שלאָף. אַ צווייטער שלעפּט אַ ציג ביי די הער־נער, וואָס וויל זיך נישט רירן פון אָרט. אַ דריטער שלעפּט אַן אַלטע קראַנקע מוטער ביי די הענט און אַליין איז ער באַלאָדן מיט פּעק, קוים וואָס מען זעט ארויס זיין איינגעבויגענעם גוף. ווי געיאָגט פון אַן אינער־לעכן אינסטינקט, לויפן אַלע אַוועק פון שטאָט, כדי צו געפינען זיך וואָס ווייטער פון פראָנט־אָפּשניט.

דער זייגער ווייזט אויף פינף. מיינע בליקן בלאָנדזשען און דאָס האַרץ קלאַפּט מיט אומרו. עס שטיקט מיר אין קעל. די אויגן פאַרלויפן מיט טרערן. ס'איז אַזאַ פרעמדער גרויליקער פרימאָרגן אויף די גאַסן פון שטאָט.

און אָט האָב איך באַמערקט פון אַ זייטיק געסל אָנקומען אין דער גרעסטער איילעניש אַ גרופּע זעלנער. זייערע פּנימער אַשיק־גרוי. עס שלאָגט פון זיי מיט פאַרלוירנקייט. די אויגן — אויסגעלאָשן, שטאַר.

— פון וואַנעט קומט איר, כלאָפּצי? — פאַל איך צו מיט פראַגעס — ווו זענען אייערע ביקסן?

— פון פראָנט קומען מיר — דערקלערן זיי מיט גלייכגילטיקייט און אַפּאַטיע.

זיי האָבן נישט געוואַרט, ביז איך וועל ווייטער פרעגן, נאָר אַליין דערציילט:

— שוין דריי טעג, ווי מיר האָבן נישט געהאַט קיין ביסן ברויט אין מויל. זדראַדאַ נאַ צאַלים פראָנטשע — אַ פאַרראַט אויפן גאַנצן פראָנט — זאָגן זיי מיט פאַרביטערונג — אויף אייגענע האָט מען געהייסן שיסן. די קוילן, וואָס מיר האָבן באַקומען, פּאַסן זיך גאָר נישט צו די ביקסן.

מאָמענטאַל ווערן די זעלנער אַרומגערינגלט פון מאַסן נייגעריקע. יעדער וויל זיך דערוויסן נייעס, גענויערע פּרטים. אָבער די זעלנער האָבן פּשוט נישט קיין כוח צו רעדן.

— שקאָדאַ גאַדאַטש — אַ שאָד צו רעדן — זאָגן זיי מיט פאַרכמור־רעטע פּנימער.

— אַ פאַרראַט אויפן גאַנצן פראָנט — איז געווען זייער ענטפער.
ווישנדיק דעם שווייס פון זייערע מידע פנימער האָבן זיי צוגעגעבן:
— מיר זענען פאַרלוירן. מיר זענען קוים אַנטלאָפן, כדי נישט אַריינ־צופאַלן צום שונא אין געפאַנגענשאַפט.

די באַגעגעניש מיט די זעלנער האָט נאָך מער דערדריקט די געמי־טער. און אָט האָט זיך פאַרשפרייט אַ קלאַנג, אַז פון דער איוואַנגראָדער סטאַציע וועלן 9 אַ זייגער פרי אָפּפאָרן עטלעכע באַנען. עס זענען שוין צונויפגעשטעלט וואַגאָנעס און יעדער איינער קאָן פאָרן.

עס ווערט אַ יאָגעניש, אַ געלאָף צו דער איוואַנגראָדער באַן־סטאַציע. אַלע ווילן זיך אַרויסבאַקומען פון שטאָט. צוזאַמען מיטן טאַטן און מיין יינגסטן ברודער נפתלי האָבן מיר זיך קוים אַריינגעשטופּט אין די אָפענע וואַגאָנעס.

ברויט, האָב איך געהאַלטן, דאַרף מען נישט שלעפּן מיט זיך, ווייל יעדער האָט ביי זיך געלט און פאַר געלט באַקומט מען דאָך אַלץ.

שוין עטלעכע שעה ווי מיר זיצן אין ענגשאַפט אין די אָנגעשטאָפּטע וואַגאָנעס, אָבער די באַן רירט נישט פון אָרט.

מענטשן דענערווירן זיך און איינער פרעגט ביים אַנדערן:
— ווען דאַרף די באַן אוועקגיין? עס איז אָבער נישטאָ ווער עס זאָל ענטפערן.

ענדלעך, שפּעט ביינאַכט, הייבט זיך די באַן אָן צו רירן. זי פאָרט אָפּ עטלעכע קילאָמעטער און בלייבט שטיין. עס הייבט אָן טאָגן, אָבער די באַן שטייט נאָך אויפן זעלבן אָרט.

מיר זעען ווי עס פאָרט פאַרביי אַן אַנדערע באַן מיט 50—60 אָפענע וואַגאָנעס, וואָס זענען איבערגעפּולט מיט מענטשן, נאָר אונדזער באַן רירט זיך נישט פון אָרט.

פּלוצלינג כאַפּ איך זיך, אַז אין צעטומלעניש האָב איך פאַרגעסן, ווו ס'איז דער טאַטע און ווו נפתלי. איך וויל זיי אויפזוכן, נאָר ווער קאָן צווישן דער געדיכטער מענטשן־מאַסע עמעצן געפינען?

מיט גרויס מי שטופּ איך זיך דורך די וואַגאָנעס און רוף כסדר:
נפתלי! נפתלי!

ענדלעך דערהערט זיך זיין שטים: איך בין דאָ!

— ווו איז דער טאַטע? — פרעג איך, נישט זעענדיק אים.

— איך ווייס נישט — דערהער איך זיין ענטפער.

פאַרנאַכט האָט די באַן ווידער אָנגעהויבן זיך באַוועגן. מען פאָרט אָפּ אַ פערטל שעה און מיר בלייבן ווידער שטיין אין קאָזשימיערזש. ערשט איצט דערוויסן מיר זיך די סיבה, הלמאי מיר שטייען מער ווי מיר פאָרן:

עס קרייזן עראָפּלאַנען איבער אונדזערע קעפּ. און אָט הערן מיר דעם גרויליקן געוואָי. מאָמענטאַל פליען שטיקער פון צעשמעטערטע וואַגאָנעס און זייער אָפּקלאַנג מישט זיך צונויף מיט די יאָמערדיקע געשרייען, וואָס קומען פון די פאַדערשטע וואַגאָנעס, געטראָפענע פון די באָמבעס.

„לייגט אַוועק אייערע פעקלעך ביי די ווענט״ — דערהערן זיך שטימען.

עס פליען ווידער קוילן. זיי פאַלן האַרט נעבן אונדז. עראָפּלאַנען זשומען איבער אונדזערע קעפּ זייער נידעריק.

„זעצט זיך אַראָפּ״ — דערהערן זיך ווידער קולות. די שיסעריי ווערט אַלץ שטאַרקער און הילכט אָפּ אַלץ נענטער.

נאָך עטלעכע שעה האָט זיך די שיסעריי איינגעשטילט און מיר פאָרן ווייטער.

ווידער איז אַוועק אַ טאָג אין שרעק און אין אומרו. עס איז צוגעפאַלן די נאַכט, אַ פינצטערע, ווי אין אונדזערע הערצער.

זייענדיק אויסגעהונגערט און פאַרמאַטערט, און געפינענדיק זיך אונטערן רושם פון דער באָמבאַרדירונג, זענען אַ סך מענטשן אַנטלאָפן אין די נאָענטע וועלדער.

אין מיטן דער נאַכט האָבן זיך די שיסערייען ווידער באַנייט, נאָך שטאַרקער ווי בייטאָג. מיר זיצן איינגעטוליעט איינער צום צווייטן און וואַרטן אויף דעם וואָס וועט געשען — —

פאַרטאָג פאָרט ווידער פאַרביי אַ באַן אָנגעפּראָפּט מיט פעקלעך און מענטשן. אויך אונדזער באַן רירט פון אָרט. זי שלעפּט זיך לאַנגזאַם אַ פערטל שעה און בלייבט ווידער שטיין.

— וואַסער, אַ ביסל וואַסער! — דערהערן זיך קולות, און די פּאַר־צווייפלונג וואַקסט פון מינוט צו מינוט.

פּלוצלונג באַווייזט זיך פאַר די אָפענע וואַגאָנען אַ מאַן מיט רויטע פּלאַקאַטן, וואָס רופן די יונגע מענער לויפן צו דער נאָנטסטער באַן־סטאַציע און מעלדן זיך דאָרט צום מאָביליזאַציע־פּונקט. דער אומבאַקאַנטער וואַרפט שנעל אַרייַן די פּלאַקאַטן אין יעדן וואַגאָן און פאַרשווינדט.

אויפן דריטן טאָג פון דער „רייזע" דערהערט זיך אַ געוואַלדיקע שיסערײַ פון אַלע זייטן. קוילן קלאַפּן אין די ווענט פון די וואַגאָנען. פון דער נאָענט דערהערן זיך מעכטיקע האַרמאַטן־שאָסן. און איידער מיר באַווייזן זיך אומצוקוקן, געפינען מיר זיך אין מיטן פון פראָנט.

די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט נישט ווייט פון דער גומי־פאַבריק „וואָלבראַם", וואָס איז געוואָרן דער אָביעקט פון די הויפּט־קאַמפן: פאַר אונדז האָבן זיך געפונען די דייטשן, הינטער אונדז דאָס פּוילישע מיליטער, וואָס האָט זיך קאָנצענטרירט אין די וועלדער.

די קוילן פליִען איבער אונדזערע קעפּ און פאַרטויבן די אויערן. מיר קריכן אַרונטער אונטער די וואַגאָנען, כּדי צו האָבן כאָטש אַ שטיקל דעקונג.

— שנעלער! אַרויס פון די וואַגאָנען! — דערהערן זיך באַפעלן, און אונטער אַ האָגל פון קוילן לויפן מיר צוזאַמען מיט די באַפעל־געבער, זעלנער פון פּוילישן מיליטער, אין וואַלד אַרייַן. פאַרנאַכט זענען מיר מידע, דערשעפּטע, הונגעריקע און דורשטיקע אָנגעקומען קיין וואָלבראַם.

די שטאָט האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ בית־הקברות. זעלטן געווען צו באַמערקן אַ מענטש אויף דער גאַס. די געשעפטן און הייזער פאַרהאַקט אויף שלעסער און ס'איז נישט געווען קיין אָרט, ווו אויסצובאַהאַלטן זיך פון די קוילן, וואָס זענען געפאַלן מיט אַ שווישטשערײַ.

געיאָגט פונעם אינסטינקט צום לעבן, האָבן מיר אויפגעריסן אַ היל־צערנעם טויער און באַגאַסענע מיט אַנגסט־שוויס דאָרט אַרייַנגעפאַלן מער טויט ווי לעבעדיק.

ביים אַרייַנקומען אין טויער איז אַ יונגער בחור געטראָפן געוואָרן פון אַ דייטשער קויל און געפאַלן טויט. און, מאָדנע, כאָטש ערשט דער דריטער טאָג נאָכן קריג־אויסברוך, האָט מען זיך שוין נישט אומגעקוקט אויף קיין

טויטן. די מענטשן האָבן זיך געשטופּט פאַרויס, אַלץ טיפער אין הויף פון דעם קליינעם, בידעריקן הייזל, ווו עס האָבן זיך געפונען עטלעכע צימערן.

אין פּאָדערהויז איז געשטאַנען אַ גרויסע פאַס מיט וואַסער. און דאָ האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַ געדרענגעניש. אַלע שטופּן זיך נאָך אַ ביסל וואַסער.

אין איינעם פון די צימערן, פון וואַנען די באַוווינער זענען זיכער אַנטלאָפן אין פּאַנישער שרעק, האָבן זיך געפונען זעק מיט מעל, אָנגעלייגט ביזן סופיט. אין די איבעריקע צימערן זענען אַלע שענק געשטאַנען אָפענע, אויפגעריסענע. לאַנג טראַכטן איז נישט געווען קיין צייט. די שיסערייען ווערן שטאַרקער פון מינוט צו מינוט. אַלע זענען אַראָפּ אין קעלער. איך בין פאַרבליבן און גענומען זוכן אין די שענק אַ שטיקל ברויט פאַר מיינע קינדער. פּלוצלינג — טררראַך! נישט ווייט פון מיר האָט אויפגעריסן אַ באָמבע. עס האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז כ׳בין געטראָפן געוואָרן. כ׳האָב נישט געזען מער פאַר די אויגן און גאָרנישט געהערט מער, נאָר געפילט ווי עמעצער כאַפּט מיך אָן פאַר די הענט און שלעפּט מיך אַראָפּ אין קעלער.

אין קעלער, ווו עס האָבן זיך געפונען עטלעכע מאַגאַזינען מיט פעסער וויין, זענען שוין געווען הונדערטער מענטשן. עס האָט זיך כסדר געהערט דאָס רוישן פון עראָפּלאַנען, וואָס זענען געפלויגן זייער נידעריק. די שיסערייען זענען געוואָרן שטאַרקער און העפטיקער און די אויפרייסן אַלץ אָפטער.

פרויען ספּאַזמירן. יידן זאָגן תהילים, גויים צלמען זיך און זאָגן מאָדליטוועס. אַזוי האָבן מיר פאַרבראַכט די גאַנצע נאַכט. באַגינען האָבן זיך די שיסערייען איינגעשטילט.

אָבער באַלד האָבן מיר דערהערט ווילדע געשרייען און קלעפּ אין טויער. די געשרייען זענען געווען אויסגעמישט מיט אַ פייפעריי און אַ גערויש פון פאַרנדיקע אויטאָס.

— וואָס זאָל דאָס באַדייטן? — פרעגן מיר — זאָלן דאָס זיין דייטשן?

— מיר דאַרפן אַרויס פון קעלער און נישט זיצן ווי אַ באַהאַלטענע בנופיה — רופט אויס עמעצער, אַ דרייסטער. זיינע רייד ווערן באַלד

אונטערגעכאַפּט דורך אַנדערע. און נישט וואַרטנדיק, הייבן זיי אָן אַרויפּ־גייען מיטן לייטערל אין דער הייך.

נישט אַלע האָבן באַוויזן אַרויפצוקריכן אין דער הייך, איז מיט אַ שטורעם אַריין אַ גרופּע דייטשן מיט אויסגעשטרעקטע ביקסן און מיט ווילדע קולות גענומען שרייען:

— ראַוס! ראַוס! הענדע האָך!

מיט אויפגעהויבענע הענט לויפן מיר, איינגעקאָרטשעטע אונטער זייערע אויסגעשטרעקטע ביקסן, גלייך אין הויף אַרויס.

— אַלע מענער הערויס! — דערהערט זיך אַ באַפעל.

די מענער פאַרלאָזן דעם הויף. פרויען און קינדער בלייבן אויף די ערטער.

מיר כאַפּן אַ בליק אויף דער גאַס, און עס ווערט אונדז פינצטער פאַר די אויגן. דער מאַרק־פּלאַץ איז פול מיט טויזנטער מענער. זיי שטייען אויסגעשטעלט מיט אויפגעהויבענע הענט און זענען אַרומגערינגלט מיט מיליטער־לייט, מיט האַרמאַטן, טאַנקן און מאַשין־געווער.

עס איז 12 אַ זייגער בייטאָג. די זון ברענט. מיין מוח אַרבעט פיבער־דיק: ווי אַזוי קאָן מען זיי דערלאַנגען אַ ביסל וואַסער. איך זוך מיט גיריקע בליקן איבערן הויף, וווּ מיר שטייען. ענדלעך האָב איך פון דער ווייטנס באַמערקט צוויי פלעשלעך. איך טראַכט נישט לאַנג, כאַפּ שנעל די צוויי פלאַשן, פיל זיי אָן מיט וואַסער און הייב אָן מיט זיי צו לויפן אין דער ריכטונג, וווּ עס שטייען די מענער.

— וווּהין? — שרייט צו מיר אַ זעלנער מיט אַן אויסגעשטרעקטער ביקס אין האַנט.

— פאַר מיין קינד אַ ביסל וואַסער — ענטפער איך דרייסט.

— צוריק! צוריק! — שרייט ער ווי אַ צעיושעטע חיה.

פון אַ צווייטער זייט איז מיר יאָ געלונגען אַדורכצורייסן זיך צו די מענער. די מענער רייסן ביי מיר דאָס וואַסער פון די הענט. איך זוך מיט די בליקן זעליגן, נפתלין און יאָסעלען.

מיט דעם זעלבן וועג פרוּוו איך נאָך אַ מאָל מיין מזל און כ׳גיי ווידער מיט צוויי פלאַשן וואַסער.

— האַלט! — דערהער איך הינטער מיר אַ געשריי — וואָס האָסטו דאָ?!

— וואָסער פאַר מיין קינד — ענטפער איך דעם דייטשן זעלנער.

— ווער האָט דיר דאָס דערלויבט? — צערעוועט ער זיך.

— לאָס זי! — זאָגט אַ צווייטער זעלנער. זי איז אַ דויטשע (מסתמא צוליב מיין גוטער דייטשער אויסשפּראַך).

און עס איז מיר ווידער געלונגען אַדורכצוטראָגן צוויי פלעשער וואָסער.

— נעמט מיט מיין קיט און זייגער — בעט מיך אַ ייד, ער וויל דאָס אָפּראַטעווען.

— און מיין טייסטער מיטן געלט נעמט אַרויס פון מיין בוזעם־טאַש — רעדט צו מיר שטיל אַ צווייטער.

— מיין בויך־בינדע מיטן געלט אפשרווילט איר צונעמען — בעט מיך אַ פאַרציטערטער אַן עלטערער ייד מיט אַ גרוילעכער באָרד. אָבער דאָס איז טעכניש געווען נישט מעגלעך...

עס איז געוואָרן פאַרנאַכט. די מענער שטייען נאָך אַלץ מיט אויפגעהויבענע הענט אויפן זעלבן פּלאַץ. עס פאַרקלעמט מיך ביים האַרצן. געוואַלד, וואָס טוט מען, כדי אַרויסצוראַטעווען כאָטש יאָסעלען פון זייערע הענט! און מיר איז איינגעפאַלן אַ געדאַנק.

— ווו איז דער קאָמענדאַנט — ווענד איך זיך צום זעלנער, וואָס האָט מיך אָנגענומען פאַר אַ דייטשקע — פיר מיך צום קאָמענדאַנט. אין דעם מאָמענט זענען אָנגעקומען עטלעכע דייטשע אָפיצירן. און כאָטש עס האָט מיך אַרומגעכאַפּט אַ טויט־שרעק, רוף איך אויס דרייסט:

— הער קאָמענדאַנט, איך בין אין וועג מיט צוויי קינדער; עס איז שוין באַלד נאַכט. איך וויל אַהיים גיין. האָט מען פאַרהאַלטן מיין יונגעו. ער איז ערשט פופצן יאָר. דאַרפט איר אים דאָ האָבן?

דער הויכער באַשטיוועלטער קאָמענדאַנט מיטן לאַנגן מונדיר האָט מיך אויפמערקזאַם אויסגעהערט, פאַרטראַכט זיך אַ ווײַלע און געזאָגט: איז דאָס וואָר וואָס דו זאָגסט?

— יאָוואָל, — זאָג איך — ער האָט ביי זיך אַ געבורט־שיין.

— ברענג אים אַהער — גיט ער אַ באַפעל צום זעלנער. איך דערגענ־

טער זיך צוזאַמען מיטן סאָלדאַט צו יאָסעלען, אָבער ער פאַרשטעקט זיך, האָט מורא צו גיין.

— קום, יאָסעלע, דו גייסט אַהיים מיט מיר — האָב איך שטיל געזאָגט. מיינע ווערטער האָבן אים באַרויִקט. דער קאָמענדאַנט האָט זיך דערנענטערט, אַדורכגעלייענט די מעטריקע און, צו מיין גרויסער פרייד, רופט ער אויס:

— יאָ, דו קאָנסט גיין!

שנעל האָבן מיר זיך דערווייטערט, גליקלעכע. איך האָב ווידער צוריקבאַקומען מיין קינד, אָבער דאָס האַרץ ווערט צעריסן, זעענדיק פון דער ווייטנס זעליגן און נפתלין, ווי זיי שטייען מיט אויפגעהויבענע הענט. אָבער פאַר זיי האָב איך ליידער קיין שום עצה נישט געקענט געפינען. גאָט! ווי קאָן איך זיי העלפן?

אַרום זעקס פאַרנאַכט האָט מען זעליגן באַפרייט. ער איז געקומען מיט אויסגעוויינטע אויגן, די ציין האָבן אים געקלאַפּט פון שרעק:

— נפתלין אַוועקגעפירט! — האָט ער קוים אַרויסגעבריענגט די ווערטער פון מויל.

— וווּהין פירט מען זיי? — האָב איך פאַרבראָכן די הענט, וואָס וועט זיין מיט נפתלין? וואָס וועל איך ענטפערן דעם טאַטן? איך זע, מען פירט זיי מיטן וועג — אַ געדיכטע שוואַרצע מענטשן־מאַסע. כ׳בין זיי נאָכגעלאָפן, געשרופן: נפתלי! נפתלי! ער האָט מיין שטימע דערהערט, אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו מיר, מיך אָנגעקוקט מיט פאַרוויִינטע אויגן און ווייטער געגאַנגען פאָרויס.

כ׳בין נאָכגעלאָפן אַ דייטשן אָפיציר, געפרעגט, ווּ פירט מען זיי? — מיין ברודער! מיין ברודער! — האָב איך געהעשעט, — וועלן זיי באַקומען עסן?

— ניין — האָט ער זיך צעלאַכט און געוויצלט, — דייטשלאַנד האָט דאָך קיין עסן. ביי אונדז מוזן זיי פאַרהונגערן.

פון מאַרק־פּלאַץ יאָגן די זעלנער, צעטרייבן דעם פאַרזאַמלטן עולם, נאָר איך הער נישט און זע נישט, וואָס אַרום מיר טוט זיך. פאַרטויבט,

פאַרביטערט, לויף איך נאָך די אַוועקגייענדיקע, וואָס דערווייטערן זיך שנעל. איך זע נאָר אַ שוואַרצן פונקט פון ווייטן.

מיט קלעפּ און קאָלבעס ווערן מיר צעטריבן, דער מאַרק־פּלאַץ ווערט ווידער אָפּגעליידיקט.

מיט אַ שווער געמיט האָב איך זיך אַוועקגעלאָזט זוכן צו קויפן עפּעס עסן. אַלע געשעפטן זענען אָבער געווען פאַרמאַכט, ס'איז גאָרנישט געווען צו באַקומען.

מיט אַ מאָל האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז נישט ווייט פון מאַרק, אין אַ שמאָל זייטיק געסל, האָט אַ בעקער געבאַקן קיכלעך. טויזנטער מענטשן זענען אים באַפאַלן, עס קומען פאַר געשלעגן, כדי צו קויפן אַ קיכל.

ווען די לאַגע האָט זיך אַ ביסל איינגעשטילט, האָבן מיר באַשלאָסן צוריקגיין אַהיים. פּרייטיק פרי זענען מיר אַרויס אויפן שאָסיי, וואָס איז געווען אָנגעפּראָפּט מיט טויזנטער מענטשן. דער גאַנצער וועג ביז אָלקוש, בערך 30 קילאָמעטער, איז געווען באַלייגט מיט דייטשיש מיליטער און מאַשינען. אָבער נישט געקוקט דערויף גייען מיר פאָרויס. כדי אָבער דאָס גיין זאָל נישט אויסקומען אַזוי שווער, באַשליסן מיר אַוועקצוואַרפן די פּעקלעך. דאָס האָט טאַקע פאַרלייכטערט דעם מאַרש, און אַקוראַט ערב שבת, צו ליכט־בענטשן, זענען מיר אָנגעקומען קיין אָלקוש.

דאָ האָט אונדז דערוואַרט אַ פרישע אַנטוישונג. אויף די גאַסן פון אָלקוש האָבן זיך געוואַלגערט טויזנטער מענטשן, קריסטן און יידן, באַערשט פון אַ גרויסער פּאַניק. אַלעמענס אויגן זענען אויסגעלאָשן. די פּנימער גרוי. אַלע רעדן וועגן גיין אַהיים.

אַ באַזונדערע באַאוּמרויִקונג רופט אַרויס אָט דער וועג „אַהיים" ביי די יידן. מען ווייסט שוין, אַז די סלאַוואָקאָוועער בריק, וואָס מיר מוזן דורכגיין ווערט באַגאָסן מיט יידיש בלוט. עדי־ראיה האָבן איבערגעגעבן, אַז די דייטשע זעלנער דערשיסן די יידן און זייערע קערפּערס ווערן אַריינגעוואָרפן אין טייך.

אין דער שווערער שטימונג האָבן מיר איבערגעלעבט דעם שבתדיקן טאָג.

זונטיק פרי איז אין מאַרק געפּויקט און אויסגערופן געוואָרן: ווער עס וויל אַהיים גיין, זאָל זיך אויסשטעלן אין דער ריי, לויט זיין שטאָט.

עס גייט אַוועק די ערשטע גרופּע פון טויזנט מאַן, צוזאַמען מיט זייערע קי, ציגן, שלעפּנדיק מיט זיך פּעקלעך און זעקלעך אויף די פּלייצעס.

מיר האָבן נאָך נישט באַשלאָסן וואָס צו טאָן. גיין אָדער אָפּוואַרטן? אפשר וועט זיך פאַרט די לאַגע אויסקריסטאַליזירן? און עס איז בעסער אָפּצוואַרטן?

ווי לאַנג קאָן מען אָבער לעבן אויף דער גאַס? ביזן היינטיקן טאָג ווייס איך נישט גענוי, ווי אַזוי עס האָט פּאַסירט, וואָס מיר האָבן זיך אינסטינקטיוו אַוועקגעשטעלט אין דער ריי, גרייט אָפּצומאַרשירן.

איינער פון די, וואָס זענען געגאַנגען אין שפּיץ פון דער גרופּע, האָט באַקומען דעם „פּאַסירשיין" און מיט גוואַלדיקן פּחד האָבן מיר פאַרלאָזט אָלקוש. ביז צו דער סלאַוואָקאָווער בריק איז צוואַנציק קילאָמעטער. אַ גע־דיכטער דאָרפישער שטויב הייבט זיך אויף פון אונדזערע טריט, שטעכט אין די אויגן, אין די נאָזלעכער און פאַרשטאָפּט די אויערן. פּויערים און פּויערטעס לויפן אַרויס פון זייערע הייזער, שושקען זיך שטיל. די הינט בילן, ווי זיי וואָלטן פון עמעצן אָנגערייצט געוואָרן.

דאָס גיין ווערט אַלץ שווערער, אָבער ווער טראַכט איצט וועגן מידקייט. די הערצער קלאַפּן האַסטיק און אין מוח עקבערט איין איינציקער געדאַנק:

— וואָס וועט ווערן פון אונדז אויף דער סלאַוואָקאָווער בריק? עס הייבט אָן שווינדלען פאַר די אויגן, בעת מיר באַמערקן פון דער וויטנס אַ צאָל זעלנער, באַוואָפנטע מיט מאַשין־געווער. מיר פאַרקלענערן די טריט, הייבן אויף די אויגן צום הימל, אָבער די זון־שטראַלן שטעכן ווי שפּיזן, ווי זיי וואָלטן געזאָגט: אָט דאָ אויף דער בריק ווערט אייער גורל אַנטשיידן און איר האָט גאָרנישט וואָס צו זוכן אין די הייכן...

פאַרשעמטע לאָזן מיר אַראָפּ די אויגן און מיר גייען.

„זאָל טאַקע דאָ זיין אונדזער סוף?" — אָט דער געדאַנק הערט נישט אויף צו עקבערן און פּייניקן. די זייגערלעך, פינגערלעך, געלט און אַנדערע ווערטזאַכן האָבן מיר ווי ס'איז באַהאַלטן. אָבער דאָס נאַקעטע לעבן איז איצט אין זייערע הענט.

דאָס פלוצימדיקע רוישן פון אַ מאָטאָציקל האָט איבערגעריסן די שלעכטע מחשבות. מיט אימפּעט קומט צו אַ באַוואָפנטער זעלנער, וועל־כער שטעלט זיך אַוועק האַרט נעבן דער בריק. ער ווייזט די וואַך־זעלנער עפּעס אַ דאָקומענט, זיי מאַכן פאַר אים פריי דעם וועג, און גלייך נאָך אים הייבן מיר אָן שטעלן ציטערדיקע טריט איבער דער בריק.

— טויזנט מאָן קאָמען דורך! — שרייט אויס דער ספּעציעלער שליח. עס איז געלונגען בשלום אַדורכצוגיין די בריק.

מאָנטיק פאַרנאַכט זענען מיר מידע, דערשעפּטע, אָנגעקומען צוריק אַהיים קיין סאָסנאָוויץ. דער איינדרוק איז אַ דערשיטערנדיקער: די גאַסן אויסגעליידיקטע און אומהיימלעך שטילע. שווער צו גלייבן, אַז מיט עטלעכע טעג צוריק האָט דאָ געברויזט און געשפּרודלט מיט לעבן אין יעדן ווינקל. די געשעפטן פאַרמאַכט. אַ סך אויסגעראַבירטע מיט אויסגעהאַקטע שויבן. אין די גאַסן וואַלגערן זיך קעסטלעך, שטיקער גלאָז, שמאַטעס. הייזער מיט אָפענע פענצטער. די שטאָט זעט אויס ווי נאָך אַ פּאָגראָם.

איז דאָך טאַקע פאָרגעקומען עפּעס ערגערס ווי אַ פּאָגראָם: דעם ערשטן טאָג, ווי נאָר די דייטשן האָבן אַריינגעמאַרשירט אין שטאָט, האָבן זיי דערשאָסן צענדליקער יידן. מיין שכנה וויינט מיט בלוטיקע טרערן: מען האָט ביי איר צוגענומען דעם מאַן מיטן איינציקן זון און צוזאַמען מיט נאָך טויזנטער יידן פאַרשפּאַרט אין שענס פאַבריק.

— איר האָט מזל, וואָס איר זענט דאָ נישט געווען — זאָגט זי — איר קענט אייך גאָרנישט פאָרשטעלן, וואָס עס האָט זיך דאָ אָפּגעטאָן — הערט זי נישט אויף צו יאָמערן.

— איר זעט — ווייזט זי אָן מיט די הענט — אָט די וואָלקנס רויך זענען פון דעקערטאַ־גאַס, פון דער שול, וואָס ברענט נאָך איצט.

די שול ברענט. ס'פליען אין די גאַסן שטיקער אָפּגעברענטע שמות, די פייגל, וואָס האָבן דאָרט יאָרן לאַנג געניסטעט אונטער די קאָלירטע שפּיציקע שול־דעכלעך, פליען אַרום צעפלאָשעטע איבער פרעמדע דעכער. די הייזער נעבן דער שול שטייען פאַררויכערטע, מיט געפּלאַצטע און אַרויסגעזעצטע שויבן. דער שול־פּלאַץ איז שוין גלייך מיט דער ערד, פונעם

בארג אַש זעצט אַ רויך. פֿאַרן גרויסן הויז נעבן דער שול שטייט סאָנצעווו־סקי, דער גויישער בעל־הבית פֿון אָט דעם הויז, וואָס ער האָט געמויערט. ער איז פֿון די בענדינער גויים, וואָס רעדן יידיש, ער רעדט אַזוי ווי מיר, מישט אַריין לשון־קודש־ווערטער: „דער ערל", „שבת־גוי" אאז"וו. ער קען אַלע יידישע דינים און מנהגים. זיינע קינדער רעדן יידיש און לער־נען אין שול צוזאַמען מיט די יידישע קינדער. האָט ער געהאַט אַ סכסוך מיט זיינע יידישע שכנים, פֿלעגט ער זיי רופֿן צום רב און באַצאָלן פּסק־געלט.

— הינטישע זין! — וואָרטשעט ער אונטער דער נאָז — וואָס זיי האָבן געמאַכט פֿון דער שול! — כאָטש ער רעדט אַלץ אויף יידיש, איז אים אָבער צום שעלטן פֿאַרט געווען לייכטער אויף פּויליש, און אויב דאָס איז ווייניק, האָבן מיר איצט דאָס אומגליק פֿון שענס פֿאַבריק.

די גרויסע האַלע פֿון שענס פֿאַבריק האָט זיך שוין געהאַט „פּאָפּולער" געמאַכט ביי די סאָסנאָוויצער יידן, בעת זי איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ לאַגער פֿאַר טויזנטער יידן פֿון דייטשלאַנד און טשעכאָסלאָוואַקיע, וועלכע זענען געוואָרן אַרויסגעטריבן פֿון זייערע היימען.

אין זכרון טויכן אויף די טראַגישע געשעענישן פֿון מיט העכער אַ יאָר צוריק, פֿון יענעם חודש, אויגוסט 1938, ווען נאָך אַ ריי „שטילע" פּאָגראָמען האָט מען אָנגעהויבן פֿאַרברענען יידישע שולן, און יידן זענען אין מיטן נאַכט אַרויסגענומען געוואָרן פֿון זייערע היימען און מיט צען מאַרק אין קעשענע זענען זיי פֿאַרטריבן געוואָרן פֿון דייטשלאַנד. מיט צוואַנג זענען זיי אַריבערגעוואָרפֿן געוואָרן דורך דעם גרענעץ־פּונקט זבאָנשין קיין פּוילן.

דעמאָלט זענען די אומגליקלעכע היימלאָזע יידן איינגעקוואַרטירט געוואָרן אין דער האַלע פֿון שענס פֿאַבריק, אין דער זעלבער האַלע, ווו די דייטשן האַלטן איצט פֿאַרשפּאַרט טויזנטער יידישע מענער פֿון סאָסנאָוויץ.

אָפּהאַלטנדיק זיי דאָרט צוויי וואָכן, ווו די יידן זענען געפּייניקט גע־וואָרן, האָט מען זיי נאָכן אָפּשערן באָרד און פּאות גרופּנוויַיז באַפֿרייט. אָבער אַ גרויסע צאָל יידן האָט זיך נישט אומגעקערט אין זייערע היימען. די דייטשן האָבן זיי דערשאָסן און אַריינגעוואָרפֿן אין אַ געמיינזאַמען

מאַסן־קבר. נאָכן באַפרייען די יידן פון שענס פאַבריק, איז אויפן באַפעל פון די דייטשן געשאַפן געוואָרן דער אַזוי גערופענער יודענראַט. און אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן די דייטשישע הערשאַפט איבער אונדזער לעבן. יעדן טאָג, און טייל מאָל עטלעכע מאָל אין טאָג, זענען געקומען אין דער גמינע דייטשן, מיטברענגענדיק מיט זיך פאַרשידענע נייע גזירות. ווי נאָר מען האָט באַמערקט אַ דייטשן אויטאָ פאָרן הויז פון דער גמינע, וואָס האָט זיך געפונען אויף טאַרגאָווע 12, האָט אַ צאַפּל געטאָן אין האַרצן: ווער ווייסט, וואָס פאַראַ צרות עס דערוואַרטן ווידער דער יידישער באַפעלקע־רונג? יעדער נייער טאָג ברענגט מיט זיך פרישע גזירות פאַר יידן.

אָט באַווייזט זיך די ערשטע מעלדונג, אַז אַלע יידן מוזן איבערגעבן זייערע ראַדיאָס דער גמינע.

מען האָט נאָך נישט באַוויזן ווי געהעריק אויפצונעמען און קאָמענ־טירן די ערשטע גזירה, און שוין באַווייזט זיך אַ נייע מעלדונג: „אַלע יידי־שע הייזער מוזן פיר אַ זייגער נאָך מיטאָג געשלאָסן ווערן, און נאָך דער שעה טאָר קיין שום ייד זיך נישט באַווייזן אויף דער גאַס“.

און אָט אַ נייע פאַראָרדענונג:

„עס איז יידן נישט דערלויבט צו פאָרן מיט דער באַן אָדער טראַמוויי. יידן טאָרן נישט קויפן און פאַרקויפן קיין שום זאַך“.

און ווידער:

„במשך דריי טעג מוזן די יידן צושטעלן אַלס קאָנטריבוציע אַ גרויסן קוואַנטום גאָלד און זילבער“.

פון אַלע שטובן האָט מען אָנגעהויבן טראָגן אין דער גמינע אַריין לייכטערס, בעכערלעך און אַנדערע זילבערוואַרג. באַלד נאָך דעם זענען לויט אַ פאַראָרדענונג פון דער גמינע רעקווירירט געוואָרן אַלע שרייב־מאַשינען, עלעקטרישע אייוועלעך, עלעקטרישע טשייניקעס, פאָטאָ־אַפּאַ־ראַטן אאַז״וו.

הגם דאָס אַלגעמיינע יידישע לעבן אין שטאָט ווערט איינגעשרומפּענער פון טאָג צו טאָג, וואַקסט אָבער כסדר די יידישע גמינע. יעדן טאָג זענען צוגעקומען נייע באַאַמטע און די גמינע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ „יידישער מלוכה“. יעדן פרייטיק פלעגט דערשיינען אַן אַמטלעכע דייטשע

ציטונג. מיט אומגעדולד האָט די יידישע באַפעלקערונג אָפּגעוואַרט די „צייטונג", נישט צוליב די „נייעס", וואָס מ'האָט דאָרט בכלל נישט געפונען, נאָר כדי צו דערוויסן זיך וועגן נייע גזירות פאַר יידן.

ביסלעכווייז האָט מען זיך צוגעוווינט צו דעם אַרט לעבן. און אַט זענען געקומען די ימים־נוראים. הושענא רבא איז אַ גרופּע יידן זיך צונויפגעקומען אין הויז אויף גלאַוואַצקעגאַ 1, אין שטוב אויפן דריטן שטאָק, כדי צו דאַוונען בציבור.

פאַרן טויער האָט געהיטן הערשל שלעזינגער. ביי יעדער פאַרדעכטיקטער באַוועגונג איז ער געלאָפן אָנזאָגן די מתפללים זאָלן זיך פונאַנדערגיין.

פלוצים גיט ער אַ פראַל אויף די טיר און רופט אויס אַ דערשראָקענער:

— יידן, נעבן דער גמינע האָבן זיך אָפּגעשטעלט זעקס גרויסע ליידיקע מאַשינעס, באַדעקט מיט שוואַרצן ברעזענט.

— וואָס קען דאָס זיין?

די מתפללים זענען זיך גלייך צעלאָפן. מאָמענטאַל זענען אויך די גאַסן אָפּגעליידיקט געוואָרן פון דערוואַקסענע. יעדער פאַרשטעקט זיך אין שטוב און מיט האַרץ־קלעמעניש דערוואַרט מען דאָס, וואָס עס דאַרף קומען.

לאַנג האָט מען נישט געדאַרפט וואַרטן. די אויטאָס זענען באַלד פאַרשוווּנדן, מיטנעמענדיק מיט זיך דריי הונדערט יינגלעך, וועלכע מען האָט געכאַפּט אין גאַס.

צו די אויערן דערטראָגן זיך גלייך יאָמערדיקע קולות און געוויינען פון טאַטעס און מאַמעס, וועלכע לויפן איבער די גאַסן זוכן זייערע קינדער.

זיי לויפן צו דער גמינע, אָבער זייער ווייגעשריי שטויסט זיך אָן אויף טויבע ווענט. עס געפינט זיך נישט דאָרט קיינער, וואָס זאָל געבן אַן ענטפער, אָדער אַן אויפקלערונג וועגן דעם וואָס האָט פּאַסירט.

וואָס אַ מאָל ווערט שווערער דאָס לעבן. איין ביטערע גזירה יאָגט אַ צווייטע. אָט איז ווידער אַ נייעס: יעדער ייד מוז טראָגן אויפן לינקן אָרעם אַברייטן ווייסן באַנד מיט אַ גרויסן בלויען מגן־דוד אין מיטן.

די גזירה האָבן מיר אויפגענומען מיט אַ טראַציקער רויִקייט. מיר האָבן אָנגעטאָן די ווייסע בענדער מיט אַ געפּיל, אַז דערמיט ווײַזן מיר אויך אַרויס פאַראַכטונג צו אונדזערע שונאים און אונטערדריקער און אַז מיר שעמען זיך נישט מיט אונדזער יידישן עמבלעם — — —

אין דער לופט שפּירן מיר, אַז עפּעס גרייט זיך. יעדער גייט אַרום מיט טרויעריקע געדאַנקען, וואָס ער האָט מורא אַרויסצוברענגען אויף די ליפּן.

אין איינעם אַ פאַרנאַכט קומט צו אונדז אַריין אַ טויט־בלאַסער נח שידלאָווסקי, זעליגס אַ חבר. שטייענדיק נאָך אויף דער שוועל, שרייט ער אויס:

— איך וועל דאָס נישט אויסהאַלטן! דעם קעלער מיט ווײַן און קאָניאַק האָבן זיי מיר שוין אויסגעליידיקט. אָבער איך זאָל ווערן אַ מסור?! — צעכליפּעט ער זיך — אָנווייזן ביי וועמען עס געפינט זיך ווײַן און קאָניאַק? — ניין! דאָס וועל איך בשום אופן נישט טאָן! קיין מסור וועל איך נישט ווערן! אָ, איך וועל דאָס נישט איבערלעבן!

אין עטלעכע טעג אַרום האָט דער יונגערמאַן געמאַכט אַ פּרווו צו באַגיין זעלבסטמאָרד, אַראָפּוואַרפנדיק זיך פונעם צווייטן שטאָק. ער איז צופעליק געבליבן לעבן. אין אַ קרענקלעכן צושטאַנד און מיט שטענדיקן פּחד פאַר די דייטשן, איז ער שוין נישט געווען פעיִק צו ווּעלכער עס איז אַרבעט און אַלס יונגער מענטש אַריבער צוזאַמען מיט זיין מוטער אין זקנים־הויז אויף פּראָסטע־גאַס און פון דאָרט געוואָרן אויסגעזידלט מיט דער אַקציע פון אַלטע לייט.

די לאַגע איז געוואָרן אַזוי געפּערלעך, אַז יידן האָבן מורא געהאַט זיך צו באַווייזן אין גאַס. נישט איין מאָל האָט געטראָפן, אַז דייטשן זענען איבערפאַלן יידן אויפן גאַס און זיי געשלאָגן מכות רצח.

נאָך די כסדרדיקע גזירות האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע סדרה: אַקציעס.

עס הייבט זיך אָן אַן אַקציע אויף קראַנקע און קאַליקעס. דעם בלינדן משה שטופּט אַ זעלנער אַריין אין אַ טויער און רייסט אים מיט רציחה אויס די באָרד. אייזיק פּעפּער, וועלכער גייט, ווי זיין שטייגער, אַ באָרוועסער, אַרומגעבונדן זיין כאַלאַט מיט אַ גראָבן שטריק און אויף דער פּלייצע טראָגט ער אַ הילצערנע ביקס, גייט אויך דאָס מאָל אַ זאָרגלאָזער

אויף דער גאַס און זינגט זיך אונטער. אויך ער ווערט אַריינגעשלעפּט אין טויער. אַ ייִנגל, וועלכער הינקט אויף אַ פוס, דער שטומער לייביש, אַן עלטערע פרוי, אַן אומבאַקאַנטער ייד — אַלע ווערן זיי אַריינגעשלעפּט אין אַ טויער און געהיטן דורך זעלנער. אַ ביסל שפּעטער ווערן זיי אַרויסגעטריבן, באַגלייט מיט מערדערישע קלעפּ, און אַוועקגעפירט.

ביינאַכט גייען אַרום זעלנער איבער די שטובן מיט אַ ליסטע אין די הענט, נעמען אַרויס קראַנקע און קאַליקעס, וועלכע ווערן אַוועקגעשיקט אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג, פון וואַנען זיי קומען נישט מער צוריק.

עס זענען נאָך נישט פאַרטריקנט געוואָרן די טרערן פון די אויגן נאָך דער לעצטער אַקציע, און ווידער ווערן מיר אויפגעציטערט פון דער ידיעה וועגן דער עקזעקוציע איבער פיר יידן, צווישן זיי אַ פאָטער און זון, אומשולדיקע טייערע נשמות! די דייטשן האָבן געצוווּנגען יידן און קריסטן זאָלן בייזיין ביי דער עקזעקוציע, וואָס איז פאָרגעקומען אין מיטן פון דער מאַנדזשעווער גאַס — פאַר די יידן אין סאָסנאָוויץ איז דאָס אָרט געוועזן באַקאַנט אַלס מקום לפורעניות — קעגנאיבער דעם „ראָזווי"־מאַרק, וואָס האָט זיך געגרענעצט ביים עק מיט דער קאָשטשעלנאַ־גאַס.

נישט איין מאָל האָט פּאַסירט, אַז אַ ייד, פאַרבייגייענדיק דאָ, האָט אין די „נאָרמאַלע" און „גוטע" צייטן באַקומען געשלאָגן. האָבן טאַקע יידן אויסגעמיטן פאַרבייצוגיין דאָס אָרט, וואָס האָט געדאַרפט מיט זיך פאָרשטעלן דעם צענטער פונעם קריסטלעכן האַנדל. אָט אויף דעם אָרט, אויף הויכעביימער, זענען געהאָנגען געוואָרן די פיר יידן. די גרינע צווייגן פון די קאַשטאַן־ביימער האָבן זיך געטרייסלט, ווי זיי וואָלטן פּראָטעסטירט קעגן דעם פאַרברעכן, וואָס איז אויסגעפירט געוואָרן איבער אומשולדיקע יידן.

דריי טעג און דריי נעכט זענען די קערפּערס געהאָנגען, געהיט פון דייטשע זעלנער. און טאָמער איז נאָך ווייניק געוועזן, האָבן די רוצחים דעם זעלבן טאָג אויפגעהאָנגען נאָך צוויי יידן.

אויף דעם דאָזיקן אָרט האָבן די דייטשן נאָך אויסגעפירט אַ ריי עקזעקוציעס איבער יידן.

לעבנדיק אַזוי אין אַ קאָשמאַר הינטער פאַרשלאָסענע טירן, דערהערן

מיר אין מאָל שווערע זעלנערישע טריט און גלייך דערנאָך אַ קלאַפּ אין טיר און אַ באַפעל: אויפמאַכן!

געווען איז עס אין אַ פרייטיק צו נאַכט. אויפן טיש ברענען צוויי שבתדיקע ליכט. הערנדיק דעם באַפעל פאַלט ממש אַרויס דאָס האַרץ פאַר שרעק. איך טראַכט: אפשר גאָר פאַרלעשן די ליכט? עס איז שוין אָבער קיין צייט נישט געווען צו טראַכטן. גלייך דערהערט זיך נאָך אַ פעסטערער קלאַפּ און עטלעכע שטימען מיט אַ מאָל:

— אויפמאַכן!

מיט וואַקלענדיקע טריט גיי איך צו צו דער טיר, און שוין רייסן זיך אַריין אין שטוב צוויי גראָבבייכיקע דייטשע מיליטער־לייט.

— גיב אַהער די שליסלען פון דיין געשעפט! — דערהער איך אַ באַפעל. אַלץ צאַפּלט אין מיר. צי האָב איך ריכטיק געהערט, אָדער ס׳דוכט זיך מיר נאָר אויס — וואָס ווילן זיי? די שליסלען פון מיין געשעפט? איך ווער ווי אויסגעניכטערט, ווען איך הער ווידער אַ מאָל די זעלבע שטים, באַגלייט פון אַ זעץ אין טיש, אַז אַלץ איז אונטערגעשפּרונגען:

— וואו זינד די שליסעל?!

— איך ווייס נישט! — ענטפער איך.

ווי ער וואָלט נישט געהערט מיין ענטפער, כאַפּט ער אַ בליק אויף זיין האַנטזייגער און זאָגט מיט דעם זעלביקן גרילצעדיקן טאָן:

— איצט איז האַלב זיבן. אום זיבן אוהר מוזן די שליסעל זיין דאַ! זאָנסט ווירסטו דו וואָס ערלעבען!

פּונקט זיבן זענען זיי ווידער געקומען, און אַוועקגעגאַנגען זענען זיי מיט די שליסלען.

דאָס לעבן איז געוואָרן וואָס אַ מאָל אַלץ שווערער, אומדערטרעגלע־כער. מיר זענען געצוווּנגען צו פאַרקויפן צירונג און שטוב־זאַכן, כדי צו קענען קויפן ברויט. זעליג גייט יעדן טאָג אין דער גמינע בעטן אַרבעט. גאַנצע שעהן פאַרברענגט ער דאָרטן, אָבער אומזיסט!

טראָץ דעם פאַרבאָט און טויט־געפאַר, האָבן איינצלנע יידן דאָך ריזי־קירט און געהאַנדלט מיט גויים. באַן־אַרבעטער ברענגען פּוטער, קעז, אייער און אַנדערע שפּייז־אַרטיקלען. אויך ביי מיר אין הויז, אויף גלאַ־

וואַצקעגאַ 1, אין אַ פּאַרטער־שטוב, קאָן מען באַקומען עפּעס צו קויפֿן. דעם הענדלער האָבן די דייטשן שוין געהאַט פֿאַרשיקט. אין שטוב זענען נאָר פֿאַרבליבן די פֿרוי, פֿיר קליינע קינדער און אַן אַלטע מוטער.

כדי צו האָבן אַ קאָנטראָל איבער די ייִדן, האָבן די דייטשן איינגע־טיילט די שטאָט אין קוואַרטאַלן. פֿאַר ייִדן זענען רעזערווירט געוואָרן די גאַסן: דעקערטאַ, מאַנדזשעווער, טאַרגאָוואַ, וואַרשאַווסקאַ, קאָלאָנטאַיאַ, גלאָוואַצקעגאָ, קאָוואַלסקאַ. אַנדערע גאַסן זענען געווען פֿאַרבאָטן פֿאַר ייִדן. די נויט און דער הונגער ווערן אַלץ גרעסער. עס פֿילט זיך דער מאַנגל אין געלט, אויסצוקויפֿן די פּראָדוקטן אויף די לעבנסמיטל־קאַרטן.

נעכטיקע נגידים שיקן אַרויס זייערע קינדער מיט גרויסע טעפּ צו דער בליקער פֿאָלקס־קיך, אָפּצונעמען דאָס ביסל זופּ און אַ שטיקל ברויט פֿאַר דער גאַנצער פֿאַמיליע. דאָס איז דאָס „מיטאָג”, וואָס ווערט אויס־געטיילט דורך דער „טאַניאַ קוכניאַ”, וואָס געפֿינט זיך אין בנין פֿון דער תלמוד־תורה אויף יאַסנאַ־גאַס.

כאָטש די פּאָרציעס פֿלעגט מען אָנהייבן אויסטיילן צען אַ זייגער, האָט מען שוין פֿון פֿאַרטאָגס זיך געשטעלט אין דער ריי. דאָס פֿונאַנ־דערטיילן די זופּן האָט זיך פֿאַרצויגן ביז פֿיר נאָך מיטאָג.

אין אָנהייב זענען פֿאַרטיילט געוואָרן בערך פֿינף טויזנט פּאָרציעס יעדן טאָג, שפּעטער איז די צאָל געשטיגן אויף מער ווי טאָפּלט. און נאָך אַ פֿאָלקס־קיך, וואָס האָט זיך געשאַפֿן, האָט אַרויסגעגעבן ביז צוויי טויזנט מיטאָגן יעדן טאָג. אויסער די צוויי קיכן איז געווען פֿאַר די גמינע־באַאַמטע די אַזוי גערופֿענע „אינטעליגענטן־קיך”, וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַרום 1.200 מיטאָגן טעגלעך. די קיך איז געווען אין קינאָ־זאַל „ריאַלטאָ” אויף וואַרשאַווסקאַ־גאַס.

די געשעענישן יאָגן איינע די אַנדערע. איינע טרויעריקער פֿון דער אַנדערער. ווידער איז אַ בהלה אין גאַס. עס קומט פֿאַר אַן אַבלאַווע אויף מענער. ס'איז שוין שפּעט. דער טויער איז געשלאָסן און זעליג איז נאָך אַלץ נישטאָ. — ווו איז ער? האָט מיט אים עפּעס פּאַסירט? — האָט געעגבערט אין מוח.

קוים דערלעבט דעם פֿרימאָרגן און נאָך איידער עס איז דערלויבט

צו זיין אין גאַס, בין איך מיט זייטיקע געסלעך געלאָפן צו דער גמינע. ביסלעכוויז זענען זיך צונויפגעקומען הונדערטער מענטשן, יעדער מיט זיין שווער געמיט. נישט געווען כמעט קיין שטוב, אַז ס׳זאָל נישט פעלן אַ זון, אַ פאָטער, אָדער דער מאַן. אַלע זענען פאַרצווייפלט, דערשלאָגן. און אָט פאַרשפּרייטן זיך קלאַנגען, אַז עס וועט באַלד זיין אַ קאָמיסיע און אַ טייל מענער וועט מען באַפרייען. פון מינוט צו מינוט וואַקסט דער עולם און עס וואַקסט די פאַרצווייפלונג. איינער פרעגט דעם צווייטן:

— וואָס דאַרף מען טאָן? וווּהין דאַרף מען גיין? מען וויל זיך אַריינרייסן אין גמינע־לאָקאַל, רעדן מיט עמעצן פון די באַאַמטע, אָבער מען לאָזט נישט צו, די מיליץ טרייבט אַוועק.

איך פיל, אַז אַזאַ מצב וועל איך לאַנג נישט אויסהאַלטן. אין קאָפּ לויפן די געדאַנקען. איך זוך אַן אויסוועג, ווי אַזוי אַרויסצוראַטעווען זעליגן. פּלוצלינג דערגייט אַ קלאַנג, אַז די פאַרהאַלטענע געפינען זיך אין דער שול אויף דעמבלינסקע.

שנעל לאָזן מיר זיך לויפן פון דער גמינע צום זאַמלפּונקט אויף דעמב־לינסקע 15, מיט דער האָפענונג עמעצן צו טרעפן, וואָס זאָל אונדז קענען העלפן. צוקומענדיק צום אָרט, באַמערקן מיר פון דער ווייטנס אַ גרופּע געסטאַפּאָווצעס. מיר זענען געוואָרן ווי פאַרשטיינערט פון זייערע רוצחי־שע פּנימער. זיי וואַרפן חוצפּהדיקע בליקן צו די טויזנטער פאַרזאַמלטע יידן און פאַרגייען זיך פון געלעכטער.

אַ גאַנצן טאָג זענען מיר געשטאַנען פאַר דער שול. די זון האָט זיך שוין אָנגעהויבן זעצן און מען זעט נאָך אַלץ קיינעם נישט אַרויסקומען. מ׳זאָגט, אַז מ׳וועט זיי באַלד אַוועקשיקן, אַז מען שטעלט זיי שוין אויס צום טראַנספּאָרט. ווי קאָן איך אָפּראַטעווען מיין מאַן? מיינע בליקן בלאָנדזשען צו די פענצטער אין דער הייך. און אָט האָב איך אים דערזען, זיין אויסזען האָט מיך נאָך מער דערשיטערט. זיין פּנים בלייך, זיינע אויגן — רויט פון וויינען. אָבער איך בין געווען מאַכטלאָז, אים מיט גאָר־נישט נישט געקענט העלפן. אַלע אָנשטרענגונגען אים צו ראַטעווען זענען געווען אומזיסט. עס איז מיר מער נישט פאַרבליבן ווי צו געזעגענען אים מיט טרויעריקע בליקן, און מיט דעם געדאַנק, אַז ווער ווייסט, צי מיר

וועלן זיך נאָך אַ מאָל זען. ס׳האָט אָנגערוקט די נאַכט־שפּערע. אַן עלנטע און איינזאַמע, באַגאָסן מיט טרערן, בין איך געגאַנגען אַהיים. אָבער אומ־דערוואַרט איז געשען אַ נס. ביים אַרויספירן די מענער צום טראַנספּאָרט, איז אים געלונגען פון דאָרט צו אַנטלויפן. אין שטוב איז ווידער געוואָרן אַ פריילעכע שטימונג. זענען מיר דאָך ווידער צוזאַמען.

די אַקציע אויף מענער האָט זיך פאַרענדיקט מיטן אַוועקפירן הונ־דערטער מענער אין די פאַרשידענע דייטשע לאַגערן.

די אויגן פון די מוטערס און פרויען זענען נאָך נישט אויסגעטריקנט פון טרערן נאָך דעם אומגליק מיט זייערע מענער און זין, און שוין האָבן זיך ווידער פאַרשפּרייט קלאַנגען וועגן אַ פרישער מענער־אַקציע. אין צווישן האָבן אַ סך פאַמיליעס באַוויזן צוצוגרייטן סקריטקעס, וווּ די מענער זאָלן זיך קאָנען אויסבאַהאַלטן.

אויך די מענער פון גלאָוואַצקעגאַ 1 האָבן שוין געהאַט אַ „סקריט״, איינגעאָרדנט אין אַ צימער אויפן צווייטן שטאָק. אַ שיין גרויס צימער מיט אַ באַלקאָן. דאָרט זענען אויך געווען באַהאַלטן מאַשינען פון אַ שטריקעריי־פאַבריק. די טיר פונעם צימער פאַרשטעלט מיט אַ גרויסער שאַנק. אין דער וואַנט פון שאַנק אויסגעשניטן אַ טירל, וואָס פירט צום אַריינגאַנג אין דעם צימער. דאָרט זענען די מענער געווען באַהאַלטן יעדעס מאָל, ווען ס׳איז געוואָרן אַן אָבלאַווע אין גאַס אָדער ווען מען האָט גערעדט וועגן אַן אַקציע.

אין די ערשטע צייטן איז דאָס קעגן די דייטשן געווען אַ גוט באַהעל־טעניש, קעגן דער יידישער מיליץ, האָט דאָס געהאַט אַ קנאַפּע באַדייטונג. ביי יעדן קלאַפּ אין טויער, ביי יעדן אויפבליץ פון אַ קעשענע־לעמפּל זענען מיר ווי פאַרגליווערט געוואָרן.

די שרעק איז נאָך שטאַרקער געוואָרן, ווען די גמינע האָט אַרויסגע־שיקט מעלדונגען און גערופן זיך צוצושטעלן צום אַרבעטס־איינזאַץ. אַ גרויסע פּראָפּאַגאַנדע האָט געפירט די גמינע אין דער ריכטונג, גערופן די באַפעלקערונג צו שיקן די קינדער אין די לאַגערן, און אַזוי אַרום וועלן די עלטערן קענען פאַרבלייבן אין דער היים. ס׳זענען פאַרגעקומען מיטינגען אין קינאָ „ריאַלטאָ״. פון דער בינע האָבן זיך געהערט אויסרופן:

לאָזט גיין אייערע קינדער אין די לאַגערן, וועט איר, עלטערע, קענען בלייבן אין דער היים. נאָר ווער איז דען געווען גרייט אַליין איבערצוגעבן זיך אין די הענט פון די רוצחים! ס'איז שוין געווען באַוווּסט, אַז דער אַרבעטס־איינזאַץ באַדייט אַוועקגיין אויף קאַטאָרגע־אַרבעט, פּייניקן זיך אין הונגער און נויט. פאַרשטייט זיך, אַז גוטוויליק האָט זיך קיינער נישט צוגעשטעלט. דאַן האָט די מיליץ אויסגעפירט די אַרבעט פּינקטלעך און שלימותדיק. רעוויזיעס אין יידישע הייזער זענען פאָרגעקומען כמעט נאַכט נאָך נאַכט. אַט די אַלע כסדרדיקע פּייניקונגען און קאַשמאַרן. האָבן אונדז אין גאַנצן צעבראָכן, גייסטיק און פיזיש.

אָן אַ וועלכן אַמטלעכן באַפעל פלעגן דייטשע זעלנער אַנקלאַפּן אין יידישע הייזער און זיך לאָזן ווילגיין, — ראַבעווען און פּלינדערן, אַראָפּ־לאָזן צו זיך אין קעשענע אַריין וואָס עס איז זיי נאָר געפעלן. עס איז גענוג געווען, אַז די אַריינקומענדיקע דייטשן זאָלן אַ געשריי טאָן: „הענדע האָך!" — אַז די שטוב־מענטשן זאָלן בלייבן שטיין ווי פאַר־שטיינערטע, אַפילו נישט קיין פינטל טאָן מיט קיין אויג און צוקוקן ווי די דייטשן באַלעבאַטעווען אין די שענק, שופלאָדן, נעמען צו געלט, ווערטזאַכן און אַלץ וואָס עס האָט זיך געלאָזט. ביים פאַרלאָזן די שטוב האָבן זיי נישט פאַרגעסן אויסצוטיילן מערדערישע קלעפּ די שטוביקע.

אָפט מאָל פלעגן זיי זיך אַריינרייסן מיטן אויסרייד, אַז זיי זענען פון לופט־שוץ און, אַז די פענצטער זענען כלומרשט נישט גוט פאַרטונקלט. עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז פון פענצטער האָט זיך נישט אַרויסגעזען דער מינדסטער ליכט־שטראַל, אָבער פאַר זיי איז עס געווען אַ גוטער אויסרייד, אַריינצוּוואַרפן די שטוב־מענטשן אין אַ טויט־שרעק און אויס־פּרעסן ביי זיי געלט „אַלס שטראָף".

נישט זעלטן זענען אויך פאָרגעקומען רעוויזיעס דורך דער „קריפּאָ" (קרימינאַל־פּאָליציי). די רעוויזיעס זענען פאָרגעקומען לויט אַנגעוויזענע אַדרעסן פון אַ מסור, וועלכער פלעגט איבערגעבן ביי וועמען עס געפינט זיך מאַנופאַקטור, לעדער און אַנדערע סחורות.

לעבנדיק אין כסדרדיקער שפּאַנונג, האָט יעדער שאָרך אונדז אויפ־געשוידערט. יעדער קלאַפּ אין דער טיר האָט געמאַכט גליווערן דאָס בלוט

און אַז עס איז פאַרביי אַ נאַכט אָן אַ רעוויזיע, איז עס געווען ווי אַ גרויס געווינס. הגם מיר האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז עס איז נאָר אַ חיי־שעה, האָט זיך דאָך געוואָלט האָפן, אַז עס וועט קומען אַן ענדערונג צום בעסערן. דיווירקלעכקייט האָט אָבער לאַנג נישט געלאָזט וואַרטן און פאַרשפּילן זיך מיט אילוזיעס. די ווייטערדיקע געשעענישן האָבן באַוויזן, אַז מען דאַרף זיין אויף צוגעגרייט צו רעוויזיעס אין מיטן טאָג און נישט נאָר ביינאַכט.

ס'איז געווען אַ קורצע צייט נאָך דעם, ווי זעליגן איז געלונגען, על פּי נס, צו אַנטלויפן פונעם טראַנספּאָרט אויף דעמבלינסקאַ־גאַס, און נאָך דעם ווי מיר האָבן שוין געהאַט געמאַכט די „סקריטקע" אין צימער.

געווען איז עס אַכט אַ זייגער פרי, אין אַ שיינעם זוניקן טאָג, ווען די דייטשע פּאָליציי איז באַפאַלן דאָס הויז. זיי האָבן אָנגעהויבן מאַכן רעוויזיעס אין אַלע דירות. איך הער ווי ביים שכן עפנט זיך די טיר. און ווייטער, אַ קלאַפּן ביי אַנדערע טירן. זייערע שטימען זענען גראָב און חוצפּהדיק. מיט שווערע טריט דערנעענטערן זיי זיך צו מיין וווינונג. אויפן שוועל זענען געבליבן שטיין צוויי מונדירטע דייטשן מיט צעררייצטע, ווילדע אויגן. זיי שטופּן מיך ברוטאַל אַוועק. איינער בלייבט שטיין ביי דער טיר און דער צווייטער לויפט אַריין זוכן.

ער פירט אַדורך אַ גרינטלעכע רעוויזיע, באַוואַרפט מיך מיט פראַגן, אָבער פאַר שרעק האָב איך קיין וואָרט נישט געקענט אַרויסברענגען פון מויל.

זאָלן זיי נאָר נישט געפינען די טיר צו דער „סקריטקע", וווּ די מענער זענען באַהאַלטן — ווער איך פאַרציטערט. ווייזט אָבער אויס, אַז דאָס מאָל האָבן זיי נישט געזוכט קיין מענטשן, נאָר עפּעס אַנדערש...

ווי דורך פאַרנעפּלטע אויגן זע איך ווי דער דייטש נעמט אַרויס פון קיך־שענקל אַ ביסל מעל, רייז און צוקער. זיין פּנים ווערט אָנגעצונדן מיט רציחה. מיט כעס און מיט שוים אויף די ליפּן שרייט ער צום צווייטן זעלנער:

— זעסט, ווי די יידן האָבן צום פרעסן!

ער קוקט אויף מיר מיט בלוט־פאַרלאָפענע אויגן און רופט אויס:

— פאַרפלוכטע יודען! איר וועט וואָס ערלעבען!

עס האָט מיך געוואָרפן אין היץ און אין קעלט, אַנגסטן האָבן מיך באַשלאָגן. אין געדאַנק זע איך זיך שוין נישט צווישן די לעבעדיקע. איך טראַכט וועגן מיינע קינדער. וואָס וועלן זיי זאָגן ווען זיי וועלן אַהיים קומען פאַרנאַכט פון דער אַרבעט און מיך נישט טרעפן? און זעליג וועט אַפילו נישט וויסן, וווהין מען האָט מיך פאַרשלעפּט. אַ יאָמערלעך געוויין רייסט איבער מיינע געדאַנקען. דאָס וויינט די שכנה, ביי וועלכער זיי האָבן געטראָפן זיך קאָכן עפּעס אין טעפּל. איר מאַן ליגט קראַנק און מיטן טעפּל אין האַנט שטייט זי אין מיטן הויף. צוזאַמען מיט איר זענען דאָרט נאָך אַנדערע שכנים. אַלץ וואָס זיי האָבן ביי עמעצן געפונען- ליגט אין דרויסן. זיי וועלן דאָס באַלד צונעמען.

פון די אַרעסטירטע דערטראָגט זיך אַ געוויין. אַ סך חלשן פאַר שרעק.

דער פלוצימדיקער איבערפאַל האָט, ווי געוויינלעך, זיך פאַרענדיקט מיט אָוועקפירן אַ גרופּע מענטשן. און וועמען זיי האָבן אָוועקגעפירט, דער איז מער נישט צוריקגעקומען.

*

אין דעם מצב, אין וועלכן עס האָט געלעבט די יידישע באַפעלקערונג, איז דאָך געלונגען די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס מיט דער הילף פון דער גמינע אָפּצוריייניקן אַ פאַרלאָזענעם שטח ערד אין דער פאָרשטאָט, וואָס האָט געדאַרפט באַאַרבעט ווערן דורך דער יוגנט.

דער ציל איז געווען, אַז די יוגנט זאָל זיך אויסלערנען אַגריקולטור־אַרבעט. דאָס וואָלט גלייכצייטיק דערמעגלעכט אַריינצוברענגען שפּעטער אַ ביסל גרינצייג פאַר דער משפּחה און וואָלט געלינדערט די נויט. גרינצייג איז בכלל נישט געווען צו באַקומען. דאָס דאָזיקע אַרטיקל איז פאַר יידן געווען שטרענג פאַרבאָטן. יידן האָבן געמוזט אויסקומען מיט די צוגעטיילטע פּראָדוקטן פון די לעבנסמיטל־קאַרטן. די צוגעטיילטע ראַציע איז באַשטאַנען פון ברויט, צוקער, מאַרמעלאַד און וואַש־פּולווער. יעדע משפּחה האָט באַקומען במשך פון חודש פינף קילאָ קאַרטאָפל. די חודשדיקע צוטיילונג איז געווען אַזוי ווייניק, אַז עס האָט אַפילו ביי אַ בצומצמדיקן

לעבן קוים געסטאַיעט אויף איין וואָך. די איבעריקע דריי וואָכן איז אויסגעקומען, בוכשטעבלעך, צו הונגערן.

די אָפּגערייניקטע ערד איז פונאַנדערגעטיילט געוואָרן אין קליינע שטחים, וואָס האָבן באַקומען דעם נאָמען „דזשאַלקעס" און זענען צוגעטיילט געוואָרן פאַר משפחות מיט דערוואַקסענע קינדער, וועלכע האָבן די „דזשאַל־קעס" געקענט באַאַרבעטן. אין זכות פון די קינדער האָבן מיר באַקומען צוגעטיילט אַ „דזשאַלקע".

די דזשאַלקעס פאַר משפחות האָבן פאַרנומען נאָר אַ טייל פון דעם שטח, די אַנדערע טייל איז באַאַרבעט געוואָרן פאַר דער גמינע, וועלכע האָט דאָס גרינצייג גענוצט פאַר די פאָלקס־קיכן.

אין אָנהייב איז דאָס געווען אַ ביסל שווערלעך און צו גלייך מאָדנע! נעמען אין האַנט אַ לאָפּאַטע און איבערדרייען די ערד. וואָסער האָט מען געדאַרפט ברענגען מיט אַן עמער פון זייער ווייט. מיר זענען דאָך קיין מאָל נישט געווען געוווינט דאָס צו טאָן. אָבער, אַז די ערד האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן די ערשטע שפּראָצונגען, האָט דאָס אַריינגעבראַכט אַ שטיקל אויפהייטערונג אין אונדזער דערשלאָגנקייט, ווי מיר וואָלטן דערוואַכט פון אַ טיפן שלאָף. ווידער האָבן מיר אָנגעהויבן קוקן מיט אַנדערע אויגן אויף דער טרויעריקער ווירקלעכקייט. עס האָט זיך געדאַכט, אַז דער הימל איז געוואָרן קלאָרער. ערגעץ אויף אַ צווייגל האָט געצוויטשעט אַ יונג פייגעלע און אויף גרינע קרויט־בלעטער האָבן געפלאָטערט שמעטערלינגען. יאָ, צוזאַמען מיט די יונגע שפּראָצונגען און דעם בליען פון גרינס האָט אויפגעבליט אַ שטראַל פון האָפענונג אין אונדזערע הערצער.

די דאָזיקע שטימונג האָט נאָר אָנגעהאַלטן אין דער צייט פון די אַרבעט־שעהן. אָבער, ווי באַלד ס׳איז צוגעפאַלן דער אָוונט און מיר האָבן זיך געלאָזט גיין אַהיים, אין איילעניש, כדי נישט איבערטרעטן די דער־לויבטע שעהן, איז ווידער געוואָרן אומהיימלעך אויף דער נשמה, און אַ שווערע משא האָט פון דאָס ניי אָנגעהויבן פרעסן דאָס האַרץ.

און לאָמיר נישט פאַרגעסן וועגן נאָך אַ וויכטיקן פּרט, אפשר דער סאַמע וויכטיקסטער אין יענער צייט. אָט די „דזשאַלקעס" זענען זייער

שנעל געוואָרן דער צענטראַלער פּונקט, ווו עס האָבן קאָנצענטרירט זייער טעטיקייט די יוגנטלעכע אָרגאַניזאַציעס.

ביי די „דזשאַלקעס„ פּלעגן זיך גרופּירן מיטגלידער פון אַלע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס. ס׳זענען געהאַלטן געוואָרן רעפעראַטן אויף פאַרשידענע טעמעס, דאָ זענען פאָרגעקומען העברעישע לעקציעס אאז״וו.

אָבער איינער פון די הויפּט־צילן איז געווען, צו אַנטוויקלען אַ גע־מיינזאַמע ווידערשטאַנד־אַקציע קעגן די דייטשן.

ס׳זענען אויסגעאַרבעט געוואָרן פּלענער, ווי אַזוי זיך צו באַוואָפענען, ווי אַזוי זיך צו אָרגאַניזירן, צו שאַפן פאַרבינדונגען, אָנקניפּן קאָנטאַקטן.

די געהיימע פאַרזאַמלונגען וועגן אָרגאַניזירן אַ ווידערשטאַנד־אַקציע האָבן אויך אָנגעהאַלטן אַ צייט לאַנג נאָך דעם, ווען אויפן פעלד איז שוין נישט געווען מער וואָס צו טאָן.

ווען דער זומער איז אַוועק, זענען די לעקציעס פאָרגעקומען אין פּרי־וואַטע הייזער, באַוואַכט, אונטער פאַרשלאָסענע טירן. אָזעלכע צוזאַמענ־טרעפן זענען אויך פאָרגעקומען ביי מיר אין שטוב. האַלושע האָט אויך געהערט צו דער באַוועגונג.

אַ וויכטיקער אָנטייל אין דער אַרבעט איז אויסגעפאַלן אויף די מייד־לעך. זיי האָבן אויסגעפירט געפערלעכע שליחותן אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. זיי פלעגן זיך פאַרבן די האָר אויף העל בלאָנד, כדי צו באַקומען „אַרישע״ פּנימער, און דאָס האָט זיי דערמעגלעכט צו באַוועגן זיך פריי און אָנבינדן אַ קאָנטאַקט מיט אָרגאַניזאַציעס פון אַנדערע שטעט וועגן איינ־שאַפן געווער.

שפּעטער האָט זיך אָנגעהויבן אַ פאַרצווייגטע טעטיקייט פון איינשאַפן אַרישע פּאַפּירן פאַר דער יוגנט און אַרויסשיקן זיי אין די דערפער פון אויבערשלעזיע. איינצלנע איז מיט דער הילף פון די אָרגאַניזאַציעס גע־לונגען אַזוי אַרום זיך צו ראַטעווען. אַלע אַנדערע האָבן צוועקלאָז געוואַרט, ביז עס וועט קומען זייער ריי, וואָס איז נישט געקומען.

אין יענער צייט איז אויך געווען אַ שטילע באַוועגונג פון מענטשן, וועלכע האָבן זיך אָרגאַניזירט אין גרופּעס און געשטראָמט צו דער רוסישער גרענעץ. צענדליקער טויזנטער יידן, מענער, פרויען, משפחות מיט קינ־

דער, זענען אַריבער אויף דער סאָוויעטישער טעריטאָריע, און אויף אַזאַ אופן זיך אַרויסבאַקומען פון די רוצחישע נעגל.

נאָך אַ מכלומרשטער רויִקייט, וואָס האָט אָנגעהאַלטן געציילטע טעג, האָט זיך ווידער באַוויזן אַ מעלדונג: „אין משך פון אַכט טעג מוזן יידן איבערגעבן דער גמינע זייערע פוטערס״.

גלייך נאָך דער דאָזיקער מעלדונג, איז די גמינע באַלאַגערט געוואָרן פון פרויען און מענער, וועלכע האָבן זיך געאיילט אָוועקצוגעבן זייערע פוטערס, די פרויען — זייערע פאָקענע און קאַראַקולנע מאַנטלען.

לעבנדיק אין פּערמאַנענטער שרעק, נישט צו פאַרלירן דאָס ברויט, די ברויט־קאַרטן, האָט די באַפעלקערונג אויסגעפירט יעדע פאַראָרדענונג פּינקטלעך און געגוי. ווי ווייט די זאָרג פאַרן שטיקל ברויט האָט פאַרטעמפּט אַלע חושים, קאָן דינען פאָלגנדיקער פאַקט: מיין נאָענטסטער שכן איז כל ימיו געווען אַ חברה קדישא־מאַן. אויך זיין פרוי האָט די זעלבע חסד של אמת־אַרבעט געטאָן ביי פרויען.ביידע האָבן זיי געהערט צו דער זעלבער גמינע־אָפּטיילונג. פאַר דער מלחמה פלעג איך זיך אָפּרוקן פון מיין שכן, אַז כ׳האָב אים באַמערקט, פלעג איך אים אויסמיידן. עס האָט זיך מיר שטענדיק אויסגעוויזן, אַז עס שלאָגט פון אים מיט דעם ריח פון טויט.

היינט, אַז איך הער אים אַרויפגיין אויף די טרעפּ, לויף איך אים אַנט־קעגן מיט אַ ציטער אין האַרצן, און מיינע בליקן פאַלן אויף זיין לעדער־נער ברוינער טעקע, וואָס ער טראָגט אונטערן אָרעם. איך ווייס, אַז יעדן טאָג, אַהיימקומענדיק פון דער אַרבעט, ברענגט ער מיט זיך אַ ברויט. איצט פאַרטרייבט מיך מער נישט דער ריח פון קברים־גראָז. איך וויל אויך נישט וויסן פון וואַנען ער איז געקומען, — איך וויל נאָר וויסן איין זאַך: צי אין דער טעקע, וואָס ער טראָגט אונטערן אָרעם, געפינט זיך אַ ברויט, און ערשט נאָך דעם ווי ער האָט פאַר אונדז, די צוויי נאָענטסטע שכנים, אָפּגעשניטן אַ רעפטל ברויט, זענען מיר איבערגעגאַנגען צו טאָג־טעגלעכע ענינים (ברויט איז במשך דער צייט נישט געווען צו באַקומען פאַר קיין געלט).

— נו, וואָס הערט מען עפּעס, ר׳ וועלוועלע? איר האָט דאָך אויך

אַ שייכות צום גמינע־פּערסאָנאַל, דאַרפט איר דאָך וויסן, וואָס מען שמועסט.

— מען שמועסט אין גאַס, אַז עס גרייט זיך אַן אויסזידלונג, — כאַפּט אונטער זעליג.

— יאָ, „די גאַס״ ווייסט אַלע מאָל פריִער — זאָגט ער, אומקוקנדיק זיך צי קיינער הערט נישט, און גיט צו שטיל — יאָ, ס׳איז אמת, עס וועט עפּעס זיין. די גמינע מאַכט שוין צוגרייטונגען. עס וועלן צוגעשיקט ווערן צעטלען צו יעדער משפחה, וואָס דאַרף ווערן אויסגעזידלט. יעדע פאַמיליע וועט באַקומען אָנגעוויזן דעם גענויעם טערמין און דאָס אָרט, ווו זיי דאַרפן זיך שטעלן.

— ווער וועט זיין פון די ערשטע? — פרעגט זעליג מיט אַ ציטערנ־דיקער שטימע.

— איך רעכן — זאָגט וועלוועלע — אַז קודם־כל אַזעלכע, וואָס האָבן אויף זיך עפּעס אַן עבירה, אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַנדלט אומלעגאַל, אָדער נישט אַריינגעטראָגן די גאַנצע געלט־סומע, וואָס די גמינע האָט זיי באַשטייערט. — פאַרטראַכטנדיק זיך אַ ווילע זעצט ער וויטער פאָר — איר ווייסט דען, וויפל געלט די גמינע דאַרף האָבן? קודם כל, אויסצוהאַלטן הונדערטער באַאַמטע, אויסער דעם ליגט דען נישט די געסטאַפּאָ אויף אירע פּלייצעס? זיי פרעסן און זויפן פאַר יידיש געלט — רעדט וועלוועלע מיט צאָרן — די טייערסטע וויינען און ליקערן, באָנען־קאַפע, ביליצער סחורות אויף אָנצוגן און קאָסטיומען, די פיינסטע העמדער און איבערצוגן, — אַלץ דאַרף די גמינע צושטעלן.

— איך האַלט — זאָגט זעליג — אַז דאָס איז אַ פּשוטער טריק פון דער גמינע, וואָס וויל אויף אַזאַ אופן איינקאַסירן אַ גרעסערע סומע געלט, און דערפאַר אַרויסגעלאָזט אַזעלכע קלאַנגען.

— הלוואי זאָל עס טאַקע בלויז זיין אַ טריק — האָב איך באַמערקט.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָבן שוין אָנגעהויבן אָנקומען מעלדונגען צו פאַמיליעס, ווו עס איז זיי מיטגעטיילט געוואָרן, אַז זיי דאַרפן זיך שטעלן צו דער איבערזידלונג. אין דער מעלדונג איז געווען גענוי אָנגעגעבן די דאַטע און דאָס אָרט פונעם זאַמלפּונקט. ס׳איז דאָרט אויך געווען גע־

מאַלדן, וואָס עס איז דערלויבט מיטצונעמען: אַ מאַנטל, אַ וואַלענע דעק, צוויי פּאָרלעך וועש איבערצוטאָן, צוויי האַנטעכער, אַ צאָן־בערשטל. אַ שיך־בערשטל און נאָך אַנדערע קלייניקייטן, נישט מער פון 25 קילאָ. אַ פּאַניק איז אַנטשטאַנען. יעדער האָט מיט שרעק דערוואַרט, אַז היינט־מאָרגן וועט מען אויך אים צושיקן אַזאַ צעטל. דער עיקר האָט געעגבערט אין מוח די פראַגע: וווהין פירט מען אונדז? וואָס איז דער וויטערדיקער וועג? אין אַלע הייזער האָט מען זיך אַנגעהויבן גרייטן צו דעם אומפאַרמיידלעכן. מען האָט געפּאַקט פּעקלעך און וואַליזעס. מען איז אַרומגעגאַנגען פאַר־יאושטע. יידן זענען געזעסן און געזאָגט תהלים, מיט די אויגן צום הימל, געוואַרט אויף אַ נס. אַ סך, וואָס האָבן באַקומען די צעטלען האָבן געשוויגן און בסוד זיך באַזאָרגט מיט אַ גוטער „סקריטקע״, אָדער אַוועק פון שטוב ערגעץ ווו אויסבאַהאַלטן זיך.

צום באַשטימטן טערמין האָט זיך נאָר אַ קליינע צאָל צוגעשטעלט ביים זאַמלפּונקט, דעמבלינסקי 15.

די מיליץ איז כסדר געלאָפן צו די, וועלכע דאַרפן זיך צושטעלן, אָבער זייערע שטובן געטראָפן פאַרשלאָסן.

די פּאַניק איז געוואַקסן. מען האָט זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז היות דער טראַנספּאָרט מוז אַוועקגיין צו דער באַשטימטער צייט, איז זייער מעגלעך, אַז נישט געפינענדיק די, וועלכע האָבן באַקומען צעטלען, וועט מען קאָמפּלעטירן מיט אַזעלכע מענטשן, וועלכע שלאָפן רויִק אויף זייערע געלעגערס, וויסנדיק, אַז זיי מיינט מען נישט.

נאַיווע האָבן מקנא געווען די, וועלכע האָבן יאָ באַקומען צעטלען און וועלן זיך גוט אויסבאַהאַלטן און זיי וועלן שוין מיט דעם טראַנספּאָרט נישט גיין. יאָ, יעדער האָט געוווּסט, אַז ביים קאָמפּלעטירן דעם טראַנס־פּאָרט וועט מען צונעמען יעדן איינעם, וואָס וועט קומען אונטער דער האַנט און אים אַריינוואַרפן אין די וואַגאָנעס, אַבי דער קאָנטיגענט זאָל זיין געדעקט.

ס׳איז געוואָרן אַ בהלה פון אויסבאַהאַלטן זיך. די גאַסן זענען געוואָרן אָפּגעליידיקט פון מענטשן. אויך די הייזער זענען געוואָרן ליידיק. מען איז

אָוועק זיך באַהאַלטן אין קעלערן, בוידעמס, אין לעכער פון איינגעפאַלענע הייזער און ווו עס האָט זיך נאָר געלאָזט.

מיר האָבן זיך באַהאַלטן אין אַ ליידיק געשעפט און איבערגעלעבט דאָרט אַ גאַנצע וואָך.

אַ בלויער, שטילער הימל איז אויסגעשפּרייט איבער די דעכער פון די הייזער אויף מאַנדזשעווער גאַס. אויך אין די איבעריקע גאַסן הערשט אַ בית־עולם־שטילקייט. פענצטער און טויערן פאַרקלאַפּט, די לופט איז אָנגעפילט מיט פּחד. די הערצער קלאַפּן האַסטיק. מען פילט, אַז עפּעס וועט פאַרקומען.

אין אַ טויט־שטילקייט, איינהאַלטנדיק דעם אָטעם, זיצן מיר באַהאַלטן אונטערן בופעט פונעם ליידיקן געשעפט אויף מאַדזשעיאָווסקאַ 7. די פּוסט־קייט פון געשעפט פאַרשטאַרקט דעם פּחד. די מאַנופאַקטור־סחורות זענען שוין לאַנג אויסגעראַבירט. די שויבן אויסגעהאַקט. די פאַרנאַכטיקע טונקלקייט, די אָפּגעריסענע ווענט שרעקן און ווילע קוקן מיר אויף די פאַרשלאָסענע טירן, הינטער וועלכע מיר געפינען זיך.

ס׳דערהערן זיך טריט. שווערע טריט פון זעלנערישע שטיוול קלאַפּן אין די שטיינער פון די אויסגעליידיקטע גאַסן.

גרויסע קעשענע־לעמפּלעך בלענדן אַריין אין ווינקל, ווו מיר זיצן איינגעקאָרטשעט. דורך די אויסגעהאַקטע שויבן הערן מיר די שטאַרקע באַוועגונגען און געשרייען פון דייטשע מיליטער־לייט. גרויסע רעפלעק־טאָרן, צוגעבונדן צו די עלעקטרישע גאַסן־דראָטן, באַלייכטן דעם אַרום. עס איז איצט ליכטיק, ווי בייטאָג. די באַוועגונג ווערט וואָס אַ מאָל האַס־טיקער. דאָס גייען אַזוי די דייטשן הין און צוריק. פון דער ווייטנס דער־גייען צו אונדז וויינענדיקע קולות. — ווער ווייסט, וועמענס גורל עס איז היינט ?

אין אָט דער קאָשמאַר־שטימונג האָבן מיר קוים איבערגעלעבט די נאַכט. אין דער פרי באַווייזן זיך אין גאַס דערשראָקענע יידן. זיי רייסן די האָר פון קאָפּ און ברעכן די הענט :

— אַזאַ שחיטה ! אַזאַ בראָך !

מיר דערוויסן זיך, אַז ביי נאַכט איז מען באַפאַלן די הייזער: טאַרגאָווע 2, דאָס ווינקל־הויז פון מאַלאַכאָווסקע־גאַס, מאָנדזשעווער 33, טאַרגאָווע 9 און דעקערטאַ 14 — און פולשטענדיק זיי אויסגעליידיקט פון די איינוווינער, גאַנצע משפחות, אויך פרעמדע און קרובים, וועלכע זענען געקומען דאָרט זיך באַהאַלטן, זענען אַריינגעפאַלן. דער רב ר׳ ישעיה ענגלאַרד האָט זיך צוזאַמען מיט זיין משפחה געפונען צווישן די קרבנות פון טאַרגאָווע 2.

זאָל דאָ דערמאָנט ווערן דער קידוש־השם־אַקט פון הרב ר׳ ישעיה ענגלאַרד אין יענעם מאָמענט. די גמינע האָט זיך געווענדעט צום רב, ער זאָל פאַרלאָזן דעם זאַמל־פונקט, מחמת עס איז געלונגען פאַר אים אויסצו־פועלן די באַפרייונג. דער רב האָט אָבער אַנטשיידן זיך אָפּגעזאָגט פון דער פריווילעגיע און דערקלערט:

— דער גורל האָט געוואָלט, אַז איך זאָל זיין דער, וואָס איז אָנווזנד בעת די עדה יידן ווערט געפייניקט. וועל איך זיי איצט נישט פאַרלאָזן. צוזאַמען מיט זיי וויל איך גיין און מיטמאַכן מיט זיי דעם לעצטן וועג...

דורך זייטיקע גאַסן זענען די געפאַנגענע פון די דערמאָנטע גרויסע הייזער אָוועקגעפירט געוואָרן צום זאַמל־פונקט. עס האָט זיך דערנענטערט דער טערמין, ווען דער טראַנספּאָרט האָט געדאַרפט אָפּפאָרן. אָבער עס האָט נאָך געפעלט צום קאָנטיגענט. דאָ האָט די יידישע מיליץ פאַרענדיקט די מלאכה. זיי זענען אַרויס אין די גאַסן, באַפאַלן יידישע הייזער, אַרויסגעטריבן פון די שטובן יעדן, וועמען זיי האָבן געטראָפן און אָוועקגעפירט צום זאַמל־פונקט, אויף דעמבלינסקי 15 — בעהמשטראַסע, ווי די דייטשן האָבן די גאַס גערופן.

די גאַסן זענען אָפּגעליידיקט און שטיל. די פאַרבליבענע באַהאַלטן זיך אויס. מיליץ, אָנגעטאָן אין ווייסע היטלען לויפט אַרום און זוכט קרבנות.

און ווידער ווערט אַ געיעג אויף מענטשן, ווי אויף היימלאָזע הינט. אין דער דירה פון אליהו איינהאָרן, גלאָוואַצקעגאָ נומער 1, פאַלט אַריין אַ מיליציאַנט. די פרוי בלייבט שטיין מיטן קינד אויף די הענט.

— קומט נאָר אויף אַ רגע — זאָגט צו איר דער מיליציאַנט — מען רופט אייך.

— ווער רופט מיך ? — פרעגט זי פאַרווונדערט. — כ׳וועל נישט גיין אין ערגעץ נישט, כ׳בין באָרוועס. זעענדיק אָבער ווי ער מאכט אַ באַוועגונג זיך צו דערנענטערן, רופט זי אויס מיט טרערן אין די אויגן: — וואָס ווילט איר פון מיר ? האָט רחמנות !...

מיט כוח, נישט געבנדיק איר אַפילו צייט זיך אָנצוטאָן די שיך, רייסט ער זי אַוועק פון דער שטוב און שלעפּט זי צום טראַנספּאָרט, אין שטוב זענען פאַרבליבן זיבן קליינע קינדער.

אין דעם טראַנספּאָרט זענען אויך אַריינגעפאַלן אַזעלכע, וואָס זענען געגאַנגען צו דער אַרבעט. באַזיצנדיק אַ גוטן „זאָנדער" (אַרבעט־קאַרטע), פאַר וועלכן נישט איינער האָט באַצאָלט אַ גרויסע געלט־סומע און געווען איבערצייגט, אַז דאָס וועט אים אָפּהיטן און באַשיצן פון דער אַבלאַווע און אַקציע. דאָס מאָל אָבער האָט דער בעסטער „זאָנדער" פון שאָפּ אָדער אַפילו פון דער ווערמאַכט פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ ווערטלאָז שטיקל פּאַפּיר. די געסטאַפּאָ האָט די אָרדערס צעריסן אויפן אָרט און דעם באַזיצער אַוועקגעשלעפּט צו דער אויסזידלונג.

מיטוואָך, דעם 13־טן מאַי 1942, איז אַוועק דער טראַנספּאָרט. די שטאָט איז איינגעהילט געוואָרן אין טרויער. ס׳איז כמעט נישט געווען קיין שטוב, פון וועלכער עס זאָל נישט האָבן עמעצער געפעלט. אַ סך מענטשן האָבן, קומענדיק פון דער אַרבעט, געטראָפן בלויז ליידיקע ווענט. וואָס איז זיי געבליבן מער צו טאָן, ווי נאָר אויסשרייען, אויסקלאָגן זייער ווייטיק ? געווען אויך אַזעלכע, וועלכע האָבן זיך פּרובירט טרייסטן, אַז דאָס איז נישט מער ווי אַן איבערזידלונג, און „דאָרט", אויף דעם נייעם אָרט, וועט מען זיך איינאָרדענען און לעבן. און אין דעם נאַיוון גלויבן נאָך געהאָפט צו באַקומען בריוו פון זייערע אָפּגעריסענע משפחות. אַנדערע האָבן געוווסט צו דערציילן, אַז לויט אַלע סימנים איז דער טראַנספּאָרט אַוועק־געשיקט געוואָרן קיין טערעזיענשטאָט אין אינטערנירונגס־לאַגער. מען האָט אויך איבערגעגעבן וועגן א מוטער, וואָס האָט באַקומען אַ בריוו פון איר טאָכטער, וואָס שרייבט איר, אַז פון טשעכאָסלאָוואַקיי זענען זיי אַוועק־געשיקט געוואָרן קיין טערעזיענשטאַט, ווו זי אַרבעט און איז צופרידן. נאָך אַזעלכע ענלעכע קלאַנגען קורסירן. מען ווייסט נישט, וויפל אין דעם איז

אמת, אָבער מען זוכט נישט דעם אמת. ס׳האָט זיך געוואָלט גלייבן אין די אַלע קלאַנגען. מען האָט זיך באַמיט צו טרייסטן זיך און אַנדערע און מיט אַלע כוחות זיך קלאַמערן אין ווייטערדיקן לעבן.

אויף מיר איז אויסגעפאַלן דער גורל צו טרייסטן די מומע חיה, איר מאַן ר׳ בצלאל ערלעך מיטן זון עזריאל, אַן אַכצן־יעריקער ישיבה־בחור, אויך זיי זענען געווען צווישן די קרבנות.

עס זענען אַוועק בלויז געציילטע טעג און שוין האָט מען ווידער געהערט, אַז עס גרייט זיך אַ נייע אַקציע. דאָס מאָל זענען באַפאַלן געוואָרן בענדין און דאָמבראָווע. דיביידע שטעט האָבן אויך געליטן אַ גרויסן פאַרלוסט פון מענטשן. דער בלוטיקער שניט פון דער וואָך אין זאַגלעמביע האָט באַטראָפן קנאַפּע פינף טויזנט יידן.

נאָכן אַוועקשיקן די טראַנספּאָרטן האָט זיך אָנגעהויבן אַן אַרבעט־פּסיכאָז. אַלע ווילן אַרבעטן, כדי ראַטעווען זיך פון אַוועקשיקן. יעדן פאַרטאָג און פאַרנאַכט זענען די גאַסן פול געוואָרן מיט אַרבעט־מענטשן. איין שיכט איז אַוועק און די אַנדערע איז אָנגעקומען. אַלע האָבן געשטראָמט אין די שאָפּן פון סקאָפּעק, העלדין, בראַונער, גורעצקי. אַפילו 7—8־יאָריקע קינדער זענען געוואָרן איינגעשפּאַנט צו דער אַרבעט אַכט שעה אַ טאָג.

זייער אַרבעט איז באַשטאַנען אין מאַכן דאָמינעס, דריידלעך, קלעצלעך, שפּילערייען, זייערע יונגע צאַרטע הענטלעך זענען איסגענוצט געוואָרן אומזיסט, צו מאַכן שפּילצייג פאַר די קינדער פון דייטשן „הערן־פאָלק״.

יידישע מאַמעס האָבן פאַרשלאָסן זייערע קליינע קינדער אין די היימען, אָדער געלאָזט זיי וואַלגערן זיך הפקר אין די גאַסן און איילִיק געלאָפן צו דער אַרבעט.

איך האָב נישט געאַרבעט און נישט געהאַט קיין „זאָנדער״. דערפאַר האָב איך געהאַט אַן אַנדערע „אַרבעט״. ביים אויסגעפינען באַהעלטענישן פאַר יאָסעלען, האַלושען און זעליגן.

גאַנצע נעכט בין איך געווען וואַך. אין געשפּאַנטקייט זענען מיינע אויגן געווען אָנגעשפּיצט צו דער טיר, אויב עס גייט נישט עמעצער, אויב עס קלינגט נישט ווער ביים טויער. וואָס עס האָט באַדייט דאָס מיטננאַכטיקע קלאַפּן אין טויער, איז געווען קלאָר פאַר יעדן.

דערפאַר טאַקע האָט יעדער איינער זיך באַמיט אויסצוגעפינען אַ גוטע „סקריטקע״. די וועלכע האָבן דאָס שוין געהאַט, האָבן עס געהאַלטן בסוד, אַפילו פאַר די סאַמע נאָענטסטע.

אין אַ שלאָפלאָזער נאַכט שאַרט זיך ווי תמיד אַריין האַלושע. זי קומט פון דער נאַכט־שיכט, ווו זי מוז יעדן טאָג אויפנייען 18 פּאָר מענער־גאַטקעס פאַרן דייטשן מיליטער. די אַרבעט מוז געמאַכט ווערן פּרעציז און פּינקטלעך. אַלע נעט מוזן זיין אויסגעשטעפּט געטוי, גלייך, ווערט איין נאָט פאַררוקט אַ ביסל אין אַ זייט, הייסט עס אין שאָפּ: סאַבאָטאַזש. און פאַר דעם שיקט מען אַוועק אין קאָנצענטראַציע־לאַגער.

מוז מען זיין פּאַרזיכטיק ביי דער אַרבעט, און אָט די פּאַרזיכטיקייט און געשפּאַנטקייט שעפּט נאָך מער אויס די כוחות פון די יונגע קינדער.

— קום צו מיר אין בעט, מיין קינד, — רוף איך זי — וועסט זיך אַ ביסל דערוואַרעמען. דו ביסט אַזוי דערשעפּט און פאַרפרוירן.

זי טוליעט זיך איין אונטערן בעטגעוואַנט און אַ פאַרמאַטערטע פון דער אַרבעט שלאָפט זי באַלד איין.

פּלוצלונג דערהערן זיך אין דרויסן שווערע טריט און אַ האַסטיק קלאַפּן אין טיר.

— אויפמאַכן! — דערהערן זיך די גוט באַקאַנטע צערייצטע שטימען. אַ טויט־דערשראָקענע, עפן איך די טיר און עס באַווייזט זיך אַ דייטשער סאָלדאַט מיט אַן אויסגעשטרעקטער ביקס.

— מעדעלס הערויס! — שרייט ער — הערויס!

— זי איז נישטאָ — ענטפער איך — זי געפינט זיך ביי דער אַרבעט אין שאָפּ.

— ווען זי וועט קומען, זאָל זי דאָ בלייבן. איך קום אין איינער שטונדע.

— האַלושע, דו הערסט? פרעג איך, שטאַמלענדיק פאַר שרעק.

— וואָס זאָל איך טאָן, מאַמעניו?

אַנשטאָט אַן ענטפער האָב איך איר שנעל געהאָלפן זיך אָנטאָן און ביידע זענען מיר געלאָפן זוכן ערגעץ ווו אַ באַהעלטעניש.

אַריינקומענדיק אָבער אין טויער פון אַ הויז, דערוויסן מיר זיך, אַז מיר זענען אַריינגעפאַלן.

עס קומט דאָרט פאָר אַן אָבלאַווע אויף מיידלעך. ביים טויער איז געשטאַנען אַ מיליטער־וואַך. צוריקגיין האָט מען שוין נישט געקענט. מיר זענען אַריין אין אַ פרעמדער שטוב, וועלכע האָט זיך געפונען אין פּאַרטער, און געווען אויסגעליידיקט פון מענטשן.

שנעל האָב איך האַלבוען אַריינגעשטופּט אין אַ בעט און צוגעדעקט, אַזוי, אַז מען זאָל זי נישט באַמערקן. אַליין האָב איך זיך צוגעזעצט אויף אַ שטול און געוואַרט... באַלד האָב איך מיך געכאַפּט: וואָס האָב איך געטאָן? ערשט מיט עטלעכע טעג צוריק האָבן דאָך די רוצחים אַדורכגעשטאָכן דאָס בעטגעוואַנט צוזאַמען מיט אַ מיידל, וואָס האָט זיך דאָרט באַהאַלטן.

איך פיל ווי מיין האַרץ וויל אַרויסשפּרינגען. די דייטשע זעלנער לויפן, ליאַרעמען און שרייען. עס קלאַפּן טירן און עס דערהערן זיך כסדרדיקע שטימען: הערויס! הערויס!

אָט זענען זיי שוין נאָענט, ביי דער טיר. עס באַווייזן זיך צוויי זעלנער מיט אויסגעשטרעקטע ביקסן אין זייערע הענט.

— וווּ זיינד די מעדעלס?

— זיי זענען שוין אַוועק, זענען שוין אין דרויסן — זאָג איך מיט אַ דרייסטער שטימע.

איינער האָט מיר געגלייבט און געבליבן שטיין ביי דער טיר, גרייט אַרויסצוגיין, דער צווייטער האָט אָנגעהויבן זוכן. ער זוכט אין די שענק, אונטער די מעבל. איך פיל, אַז נאָך אַ ביסל און איך ברעך זיך צוזאַמען.

**וואָס וועט זיין, אויב ער וועט זוכן אין בעט?**

כ׳האָב זיך אָנגענומען מיט מוט און מיט אַן ערנסטער שטימע געזאָגט:

— זיי זענען שוין אַוועק, די מיידלעך, אַ שאָד אייער זוכן. און מיט אַ געקינסטלטן שמייכל אים צוגעפירט צו דער טיר.

כאַפּנדיק אַ בליק אויפן הויף, האָב איך דערזען אַ גרופּע מיידלעך, אַרומגערינגלט מיט זעלנער. נעבן זיי — די אומגליקלעכע ספּאַזמירנדיקע מאַמעס.

די זעלנער טרייבן ברוטאַל אַוועק די מוטערס און פירן אַרויס די מיידלעך.

נאָך עטלעכע טויערן האָבן זיך אויפגעריסן און גרופּעס מיידלעך האָט מען פון דאָרט אַרויסגעפירט.

די גאַסן זענען אויסגעליידיקט און שטיל. נאָר דאָס קאָמאַנדעווען פון די דייטשן הערט זיך אין דער לופט.

מאַרשירנדיק אין גלייכע רייען, זענען די געכאַפּטע מיידלעך איבער־געפירט געוואָרן אין „דולאָג״, דורכגאַנגס־לאַגער אין הויז, וווּ עס האָט זיך פאַר דער מלחמה געפונען די יידישע האַנדלס־גימנאַזיע אויף סקלאַדאָווע נומער 2, און פון דאָרט זענען זיי אַוועקגעשיקט געוואָרן אין די דייטשע לאַגערן.

ווידער אַן אָנגעשטרענגטע שטימונג. עס קורסירן קלאַנגען, אַז מען וועט אַרויסגעבן נייע קאַרטעס. יעדער איז דערשראָקן, דעדריקט. ווער ווייסט, מיט וואָס דאָס וועט זיך ענדיקן!

ווי אַלע מאָל האָבן זיך אויך איצט געפונען געשוווירענע אָפּטימיסטן, וועלכע האָבן בכלל נישט געגלייבט אין פרישע אַקציעס, איצט, ווען אַלע אַרבעטן פאַר די דייטשן.

אין עטלעכע טעג שפּעטער האָבן אָבער אַלע איינוווינער פון זאַגלעמביע געמוזט דורכגיין אַ קאָמיסיע און יעדער איינער האָט באַקומען אַ נייע קאַרטע. דאָס זענען געווען קאַרטן פון צוויי קאָלירן: בלויע און גרינע, באַצייכנט מיט די בוכשטאַבן: „א״ און „ב״.

די אַרבעטנדע האָבן באַקומען בלויע קאַרטן. די עלטערע, וועלכע האָבן נישט געאַרבעט, האָבן באַקומען גרינע קאַרטן. קינדער האָבן באַקומען האַלבע בלויע קאַרטן פאַרזען מיט פאָטאָגראַפיעס.

אין מיין שטוב האָבן מיר אַלע באַקומען בלויע קאַרטן און צו אונדזער גליק איז קיין גרענעץ נישט געווען.

מיינע עלטערן זענען אַרויס פון דער קאָמיסיע מיט גרינע קאַרטן. די באַזיצער פון גרינע קאַרטן האָבן געוווּסט, אַז דאָס באַדייט אַוועקגעשיקט צו ווערן און זיך געפילט ווי פאַרמשפּטע, וועלכע וואַרטן אָפּ דאָס אויספירן דעם אורטייל. אַ פאַרצווייפלטער און רעזיגנירטער, האָט דער טאַטע

באַשלאָסן אויסצונוצן דעם לעצטן שאַנס. ער איז אַוועק צו די גמינע־לייט אויסנוצן פּראָטעקציע, ד. ה., צו באַקומען אַרבעט און אַזוי אַרום אָפּראַטעווען זיך מיט דער מאַמען.

פֿאַרן הויז פֿון דער גמינע זענען ווי שטענדיק געווען פֿאַרזאַמלט אַ סך מענטשן. שוין אויף די טרעפּ פֿונעם דריי־שטאָקיקן הויז, טאַרגאָווע 12, איז געווען אַ טומל און אַ שטאַרקע באַוועגונג. די קאָרידאָרן זענען געווען איבערפֿולט פֿון וואַרטנדיקע מענער, און פֿרויען וואָס האָבן באַלאַגערט די טירן.

במשך עטלעכע וואָכן, טאָג איין, טאָג אויס, איז דער טאַטע געגאַנגען אין דער גמינע, אויסנוצנדיק אַלערליי באַקאַנטשאַפֿטן, ביז ער האָט ז׳ערגרייכט דעם געגאַרטן ציל און באַשטימט געוואָרן אַלס אָנפֿירער פֿון שולעמאָוויטשעס בעקעריי, וועלכע האָט געבאַקן ברויט פֿאַר דער יידישער באַפֿעלקערונג צום פֿונאַנדערטיילן אויף קאַרטן.

געאַרבעט האָט ער איין וואָך בייטאָג און די אַנדערע וואָך ביינאַכט.

די אַטמאָספֿער אין שטוב איז געוואָרן אַן אַנדערע. עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז אַ ליכט־שטראַל פֿון ערגעץ־ווו באַלייכט דאָס פֿאַרכמורעטע לעבן. נישט קיין וווּנדער, איז דאָך דער טאַטע געוואָרן אַ פּראָדוקטיווער עלעמענט. אַ מענטש מיט אַן „אָרדן״, און וועט אַזוי אַרום ראַטעווען זיך און די מאַמען פֿון אַוועקשיקן.

הגם די יידן אין זאַגלעמביע האָבן נאָך דעם בלוטיקן שניט פֿון 13טן מאַי אַ ביסל פֿרייער אָפּגעאָטעמט, האָבן זיי אָבער מיטגעלעבט מיט דער טראַגעדיע פֿון די יידן, וואָס זענען אָנגעקומען פֿון „גענעראַל־גאָווער־נאַמענט״.

די פֿאַרניכטונגס־אַקציע אין די שטעט און שטעטלעך פֿון אַזוי גערו־פֿענעם „גענעראַל־גאָוורנאַמענט״ איז אָנגעגאַנגען מיט דער גאַנצער גרויזאַמקייט. די יידן, וועלכע האָבן געהאַט מזל אַנטרינען צו ווערן פֿון דעם דאָרטיקן גיהנום און נאָך שווערער מי און מאַטערנייש אַריבערכאַפּן זיך די גרענעץ „צום רייך״, זענען אַריין אין אַ צווייטן גיהנום. זייענדיק דאָ אומלעגאַלע, האָבן זיי נישט געקענט געניסן פֿון קיין ברויט־קאַרטן און אַ וווינונגס־אָרט. זיך געוואַלגערט אין קעלערס און אויף בוידעמער, זייער

לאַגע איז געווען אָן אָן ערך טראַגישער ווי אונדזערע. די, וועלכע עס איז געלונגען זיך צו לעגאַליזירן, האָבן געמוזט אויספירן יעדע שווערע אַרבעט און זענען געקרוינט געוואָרן מיטן טיטל: אַרבעטס־קאָמאַנדאָ א. ק. און געטראָגן אַ ווייסע באַנד אויפן לינקן אָרעם מיט דער באַצייכענונג פון די צוויי בוכשטאַבן א. ק. אַז מען האָט, למשל, פאַר די דייטשן געדאַרפט אַריבערטראָגן מעבל פון איין דירה אין דער צווייטער אָדער אַנדערע שווערע אַרבעטן, איז דאָס געווען די אַרבעט פון א. ק. זיי האָבן געשאַרט דעם שניי פון די וועגן, געלאָדן קוילן אין די וואַגאָנען אאַז״וו. פאַרטאָג זענען זיי אַרויס צו דער אַרבעט, יונגע, געזונטע מענער און פרויען, פאַרנאַכט האָט מען זיי צוריקגעברענגט. נאָך דער אַרבעט האָט יעדער פון זיי באַקומען מיטאָג אין דער גמינע־קיך, אין זאַל פון קינאָ „ריאַלטאָ״.

די איבעריקע נישט לעגאַלע, וועמען ס׳האָט זיך נישט איינגעגעבן זיך צו לעגאַליזירן אָדער אַזעלכע, וועלכע האָבן דאָס נישט געוואָלט טאָן צוליב זיכערהייטס־צוועקן, און האָבן באַשלאָסן, אַז עס איז בעסער זיך אויסצובאַהאַלטן, זיך אויסצוהיטן, זענען שפּעטער איבערגעזידלט געוואָרן אין געטאָ שראָדולע און ווייטער פאַרבליבן אומלעגאַלע.

פון דעם, וואָס אָט די מענטשן האָבן זיך אָנדערציילט פון די חרובע שטעט און שטעטלעך, פון וועלכע זיי זענען אַנטלאָפן, נאָך דעם ווי דאָרט איז געוואָרן יידן־ריין, האָבן מיר געוווּסט, אַז דער גורל פון די זאַגלעמביער יידן וועט זיין דער זעלבער.

יידן זענען געוואָרן אַלץ מער פאַרצווייפלט. אויסער דעם, וואָס דאָס לעבן איז געווען באַדראָט, איז די מאַטעריעלע לאַגע געוואָרן אַלץ ערגער. אַלע יידישע געשעפטן און אַרבעטס־וואַרשטאַטן זענען צוגענומען געוואָרן. די אייגנטימער פון די יידישע פאַבריקן און געשעפטן זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן. אויף זייער פּלאַץ זענען געקומען דייטשן אָדער „פאָלקס־דויטשן״ (טרוי־הענדלער). יידיש האָב און גוטס איז געוואָרן הפקר. פון אַלע יידישע וואַרשטאַטן זענען צוגענומען געוואָרן די ניי־מאַשינען. אַ שניידער אָדער שוסטער, וועלכער האָט ביז איצט מיט זיין מאַשין פאַרדינט אויף אַ נעבעכדיקער חיונה פאַר זיין פאַמיליע, איז מיט אַ מאָל פאַרבליבן אָן ברויט. זייערע אַרבעטס־מאַשינען זענען אַריבער אין די שאַפן.

ביים אַריינטרעטן אין שניידער־שאָפּ איז אויסער אַ גוטער פּראַקטיקציע אויך נייטיק געווען אַן אייגענע ניי־מאַשין, כאָטש קיין ניי־מאַשינען, צוגע־נומענע ביי יידן האָבן דאָרט נישט געפעלט.

זייער אָפּט זענען צוגענומען געוואָרן יידישע דירות. די באַזיצער פון גרעסערע דירות האָבן געלעבט אין שרעק. נישט איין מאָל זענען דייטשן אַריין אין אַ דירה, געגעבן די באַוווינער אַ האַלבע שעה צייט זיך אַרויס־צוקלייבן און, פאַרשטייט זיך, נישט דערלויבנדיק מיטנעמען קיין שום זאַך.

אַזאַ פאַמיליע איז פאַרבליבן נאָר איין אויסוועג: נעמען דאָס בני־בית און אַריבערפּעקלען זיך ערגעץ ווו אויף אַ בוידעם אָדער אין אַ קעלער. אַלץ וואָס ס'האָט זיך געפונען אין באַזיצערס שטוב איז קאָנפיסקירט געוואָרן פאַר די דייטשן, וועלכע זענען מאַסנווייז אַהער געקומען, כדי צו רויבן יידיש האָב און גוטס. גאַנצע גאַסן זענען אויסגעליידיקט געוואָרן פון יידן און צוגעגרייט געוואָרן אויפצונעמען די נייע דייטשע איינוווינער. דאָס מעבל פון רעקוויזירטע דירות, וואָס איז נישט געווען ניי, אָדער עס האָט נישט אימפּאָנירט די נייע באַלעבאַטים, איז אַרויסגעוואָרפן געוואָרן דורך די פענצטער און באַלקאָנען. די־אַ אַרבעט איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם יידישן אייגנטימער פון דער דירה, וועלכער האָט מיט אייגענע הענט אַ תל געמאַכט פון זיין יאָרן לאַנגער שווערער מי און אַרבעט.

די אויסגעליידיקטע שטובן זענען פון דאָס ניי איינגעאָרדנט געוואָרן מיט מעבל פון אַנדערע, רייכערע יידישע הייזער, וואָס די דייטשן האָבן אויסגעזוכט און רעקווירירט.

נישט געווען קיין טאָג אָן גזירות. די דייטשע פאַרניכטונגס־פּלענער זענען געווען פּרעציזע און אויסגערעכנטע. יעדע אונטערגענומענע אַקציע איז געווען אויסגערעכנט און דורכגעפירט מיט דייטשער פּינקטלעכקייט.

כדי צו פאַרווישן זייערע מאָרד־פּלענער, האָבן זיי אין ערשטן פייער אויסגעזידלט אַלטע, קראַנקע און קינדער, עלעמענטן, וואָס זענען פאַר זיי נישט געווען נוצלעך. דאָס האָט דערפירט, אַז יונגע און געזונטע מענטשן, וועלכע האָבן געאַרבעט אומזיסט פאַר די דייטשן אין די שוסטער־ און שניידער־שאָפּן האָבן אין זייער נאַיוויטעט געגלייבט, אַז זיי, די פּראָדוקטיווע, וועלן בלייבן לעבן.

יאָ, אין יענער צייט איז עס שוין פאַר קיינעם קיין סוד נישט געווען, אַז די וועלכע וועלן אַוועקגעשיקט, גייען צום טויט.

אַ סך יידן האָבן גוט פאַרשטאַנען די לאַגע, אין וועלכער מיר געפינען זיך, און כדי צו פאַרמיידן ווייטער פּיין און יסורים, האָט נישט איינער מיטגעטראָגן מיט זיך סם־טאַבלעטן, בכדי אין דער לעצטער מינוט מאַכן אַ סוף צו זיין לעבן.

אין אָט דעם צושטאַנד, אין וועלכן מיר האָבן געלעבט, האָט זיך פאַרשפּרייט די נייעס וועגן אַ רעגיסטראַציע פון אַרבעטער צו קערן די גאַסן. נאַטירלעך האָט עס זיך געהאַנדלט וועגן ריין מאַכן די גוישע גאַסן פון שטאָט. ס׳איז גלייך געוואָרן אַ געלויף. באַלעבאַטים, סוחרים און מענטשן פון פרייע פּראָפעסיעס האָבן זיך געריסן צו אָט דער אַרבעט, כדי צו באַקומען אַ „זאַנדער" פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, וואָס איז באַטראַכט געוואָרן אַלס דער בעסטער און זיכערסטער. אָבער נישט אַלע האָבן געהאַט מזל אָנגענומען צו ווערן צו אָט דער שמוציקער אַרבעט. צו דעם האָט מען געדאַרפט האָבן צוויי זאַכן: פּראָטעקציע און געלט. עס האָט זיך געניטיקט צו לעבן גוט מיטן גויישן אויפזעער, געבן אים מתנות, אַז ער זאָל שווייגן, נישט מסרן, אַז דער געוועזענער סוחר אָדער בוכהאַלטער פאַרשטייט אין גאַנצן נישט, ווי אַזוי מען קערט, רוימט און מען פירט מיסט. די וועלכע זענען אָנגענומען געוואָרן צו דער אַרבעט האָבן זיך געפילט גליקלעך. עס האָט זיך דאָך געהאַנדלט אין געווינען צייט, אַריבערשלעפּן נאָך אַ טאָג, נאָך אַ חודש, און דערווייל וועט קומען היטלערס מפּלה. אַזוי פלעגט מען האָפן און וועגן דעם רעדן אין די אָוונטן, ווען מען פלעגט זיך צונויפקומען מיט נענטערע שכנים.

אין איינעם אַ פרייטיק צו נאַכט זענען מיר אַריבער צום פעטער יאָסל קאַנטאָר אויף גלאָוואַצקיעגאָ 3. די הייזער גלאָוואַצקיעגאָ 1 און 3 האָבן זיך געגרענעצט מיט אַ הויף. אַזוי, אַז אַפילו ווען די טויערן זענען געווען פאַרמאַכט האָט מען אומבאַמערקט געקענט אַריבערגיין פון איין הויז אין צווייטן. ס׳האָט זיך געוואָלט זיין צוזאַמען מיט נאָך עמעצן. געמיינזאַם טראַכטן און זיך טרייסטן, אַז מען וועט איבערלעבן.

זיצנדיק אַזוי ביים פעטער יאָסל קאַנטאָר, דערהערט זיך אַ קלאַפּן אין טויער.

— קינדער, אַרויס פון די בעטן! — גיט די מומע חנהלע אַ געשריי.

דריי מיידלעך זענען שנעל אַרויס פון די בעטן און אַריין אין דער „סקריטקע", וואָס האָט זיך געפונען אויפן ערשטן שטאָק. די סקריטקע איז געווען איבערן אייזערנעם טויער, וואָס איז געווען נידעריקער מיט 80—70 צענטימעטער פון דער פּאָדלאָגע, וואָס האָט פאַרנומען די ברייט פון אַ האַלבן צימער. אין דער פּאָדלאָגע האָט מען אויסגעשניטן אַ קליין טירל און אַזוי אַרום געשאַפן אַ גוט באַהעלטעניש. אין אָט דער „סקריטקע" זענען טאַקע די דריי מיידלעך אַריינגעלאָפן. זיי האָבן פאַרמאַכט די קלאַפּע הינטער זיך, צוגעדעקט פון אויבן מיט אַ טעפּיך און אַרויפגעשטעלט אַ קאַנאַפּע.

דאָס האָט געדאַרפט געמאַכט ווערן זייער גיך און שטיל.

ווען עס האָט זיך דערהערט דאָס קלאַפּן אין שכנס טיר און די פראַגע: — ווו וווינט יאָסל קאַנטאָר? — זענען מיר געמיטלעך געבליבן זיצן ביים טיש.

— ווו זענען העניע, רבקה און אסתר? — האָבן געפרעגט די צוויי מיליציאַנטן, וועלכע האָבן מיט אימפּעט אַריינגעפּראַלט אין שטוב מיט אַ פּאַפּיר אין דער האַנט.

— זיי זענען אַוועק צו אַ חברטע קיין בענדין — האָט חנהלע געענטפערט מיט געמאַכטער רויִקייט.

— ווי אַזוי גייט מען דאָס קיין בענדין אין אַזאַ צייט? — האָבן זיך די מיליציאַנטן געוווּנדערט און איבערגעקוקט זיך איינער מיטן צווייטן.

— ביי אייך איז עס אַזוי איינפאַך גיין צו פוס קיין בענדין?

— ניין, דאָס איז אַ ליגן! דאָס וועט אייך נישט העלפן! — רעדט איינער מיט אַ דראָענדיקער שטים — זאָגט שנעל, ווו זיי זענען, ווייל אויב מיר וועלן זוכן און זיי געפינען, וועט זיין שלעכט.

נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער, האָבן זיי גלייך אָנגעהויבן זוכן איבער די דריי צימערן. געקלאַפּט אין די ווענט, גענישטערט אין די ווינקלען. צו זוכן אַ באַהעלטעניש איבערן סופיט, איז זיי נישט איינגעפאַלן.

— זיי זענען דאָך ערשט געווען דאָ! — האָבן זיי זיך צעשריגן, איבערדרייענדיק די ליילעכער פון די בעטן — דאָס בעט איז דאָך נאָך וואַרעם — זענען זיי נישט אַפּגעטרעטן.

עס האָט אונדז געקלאַפּט אַ צאָן אין אַ צאָן, זאָלן זיי נאָר נישט אַנטדעקן די „סקריטקע".

די רעוויזיע האָט זיך געענדיקט. אויפגערעגטע זענען זיי אַוועק מיט גאָרנישט.

לאַנגע שעהן האָבן מיר נישט געקענט קומען צו זיך פון דער איבער־געלעבטער שרעק. אַרום צוועלף בײַנאַכט זענען די מידלעך אַרויס פון זייער באַהעלטעניש. דערזעענדיק זיי האָט זיך חנהלע צעוויינט:

— ניין! כ'וועל נישט געבן די קינדער צום איינזאַץ. מיט מיין אייגענעם קערפּער וועל איך זיי באַשיצן! ווי לאַנג איך וועל לעבן, וועל איך נישט לאָזן אַרויסרייסן די קינדער פון מיר. איך וועל זיי נישט שיקן צו קיין אַרבעט — האָט זי זיך צעכליפּעט — איך דאַרף נישט זייער „זאָנדער"!

געצוגן בין איך צעבראָכן צוליב מיין איינציקן זון נפתלי. זינט ער איז מיט דער חברה יינגלעך אַוועק קיין רוסלאַנד, האָב איך פון אים קיין שום לעבנסצייכן.

ווער ווייסט, וואָס ס'איז מיט אים געשען!

מיט שווערער מי איז אונדז געלונגען זי אַ ביסל צו באַרויקן. דער זייגער איז שוין צוויי. עס ווילט זיך נישט אַוועקגיין. סיי ווי איז די נאַכט אָן אומרויקע און קיינער וועט במילא נישט שלאָפן.

חנהלע האָט אַרויפגעשטעלט אויפן טיש אַ טאָפּ געפּרייעטע ווייסע מערן. נישט לאַנג צוריק איז דאָס געווען אַ מאַכל פאַר בהמות און חזירים. איצט באַקומען מיר דאָס צוגעטיילט אַנשטאָט קאַרטאָפל.

צו מאָרגנס האָט זיך פאַרן טויער פון דער גמינע באַוויזן אַ נייער פּלאַקאַט, וועלכער האָט אויפגעפאָדערט: „יעדער איינוווינער מוז אַריינ־נעמען צו זיך אין שטוב אַ פאַמיליע. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן די יידן פון אוישוויץ, וועלכע האָבן זיך געפונען אויף זאַמל־פּונקטן. זיי זענען

עוואַקואירט געוואָרן, כדי נישט צו זיין קיין עדות פון די מאָרד־פאַבריקן, וואָס וועדן דאָרט אויפגעשטעלט.

מיר האָבן אַוועקגעגעבן אונדזער שלאָפצימער פאַר דוטשע ווייץ מיט זיין פאַמיליע, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ פרוי מיט אַ צוויי־יאָריקן מיידעלע. די זאַכן זייערע, וואָס מען האָט זיי דערלויבט מיטצונעמען, וואַלגערן זיך ערגעץ־ווו צוזאַמען מיט די זאַכן פון די איבעריקע יידן, וואָס טיילן דעם זעלבן גורל.

מיר האָבן זיך געטיילט מיט זיי מיט אונדזער וועש, בעטצייג און אַנד. זאַכן.

יעדן טאָג גייט דוטשע ווייץ זוכן זיינע זאַכן, און יעדעס מאָל קומט ער צוריק אַ צעבראָכענער, מיט ליידיקע הענט.

אומבאַגרייפלעך איז געווען די נייעס, וואָס האָט זיך בליץ־שנעל פאַרשפּרייט און אַ ביסל אויפגעהייטערט די פינצטערע געמיטער — אַז עס זענען אין דער גמינע אָנגעקומען אַרויספאָדערונגען (סערטיפיקאַטן) פאַר עטלעכע פערזאָן, וואָס קענען פאָרן קיין ארץ־ישראל. דאָס איז געווען אין דעם פינצטערן לעבן ווי אַ העלער ליכט־שטראַל. ניין, ווי אַ לייכט־טורעם.

די דייטשן וועלן דערלויבן יידן אַרויספאָרן קיין ארץ־ישראל? — דאָס האָט געקלונגען ווי אַ לעגענדע, ווי אַ מעשהלע פון טויזנט און איין נאַכט פאַר די, וואָס זענען געשטאַנען ביים ראַנד פון טויט.

דאָס איז גישט מער ווי אַ חלום, האָבן מיר געטראַכט, און מיט אומגעדולד געוואַרט אויף דאָס וויטערע.

און אָט האָט זיך דערנענטערט דער טערמין פון זייער אָפּפאָר. פון דער גאַנצער שטאָט איז מען געגאַנגען זיך געזעגענען. מיטגעגעבן בריוולעך און פאָטאָגראַפיעס.

— איר, גליקלעכע, וואָס גייט פון גיהנום אַרויס — איר זענט דאָך די לעבעדיקע עדות, פאַרגעסט נישט אין אונדז! שווייגט נישט, מאַכט אויפציטערן די וועלט! — האָבן זיך געהערט אויסרופן. מען האָט אָנגעזאָגט און ווידער געבעטן נישט צו פאַרגעסן, אָפּגעבן גרוסן קרובים, פריינט, און איבער אַלץ האָט זיך געטראָגן דער געיאָמער פון ליידן.

פינף און פערציק פערזאָן פון זאַגלעמביע האָבן פאַרלאָזט דעם בלוטיקן באָדן, געהאַט די זכיה זיך אַרויסצורייסן פון דעם יאָמער־טאָל. אויף זייער גורל איז אויסגעפאַלן אויסגעטוישט צו ווערן אין דער שווייץ אויף דייטשע פּאָליטישע געפאַנגענע.

מיטן אָפּפאָרן פון דער גרופּע קיין ארץ־ישראל, האָט נישט איינער אָנגעהויבן גלייבן, אַז אויב עס איז מעגלעך געווען אַרויסצונעמען עטלעכע צענדליק יידן, קאָן דאָך דער נס ווייטער געשען. די שיינע אילוזיע האָט לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. זי איז באַלד פאַרשלונגען געוואָרן פון דער טרויע־ריקערווירקלעכקייט. קודם־כל — די נויט. דער קאַמף פאַרן טאָג־טעגלעכן לעבן. כדי צו באַקומען ברויט, האָט מען שוין ביינאַכט זיך געמוזט שטעלן אין דער ריי. ס׳געדראַנג איז געוואַקסן פון מינוט צו מינוט. ס׳זענען געקו־מען מענער און יינגלעך, אַריבערגעקלעטערט דעם הילצערנעם פּלויט, אַוועקגעשטעלט זיך אין דער ריי, פאַרמאַטערטע נאָך אַ טאָג שווערער אַרבעט, האָט מען פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אין אַ זייט און געכאַפּט דערווייל אַ דרימל.

פאַרטאָג הייבט מען אָן טיילן ברויט. דער פאַרשלאָפענער עולם כאַפּט זיך אויף. יעדער באַמיט זיך צו זיין פון די ערשטע. ס׳ווערט אַ סומאַטאָכע, ס׳הערן זיך געשרייען:

„איך בין פריער!", „איצט איז מיין ריי!", „איך האָב פאַרשלאָסן קליינע קינדער!", „איך דאַרף גיין צו דער אַרבעט". אאַז״וו.

דאָס ברויט ווערט געריסן פון די הענט. מאָמענטאַל, ווי פון אונטער דער ערד, וואַקסן אויס זעלנער. מיט ביקסן אין די הענט צעטרייבן זיי די הונגעריקע, שיסן אין דער לופטן. אַ פאַרבלאָנדזשעטע קויל האָט געטראָפן אַ מיידל.

די לאַגע איז געוואָרן דערדריקנדיקער. פון טאָג צו טאָג. דאָס כאַרשאַפן זיך וועלכע ס׳איז שפּייז איז געווען פאַרבונדן מיט סכנות נפשות, מיט טויט־געפאַר. אין יענע טעג האָב איך געהאַט אַן איבערלעבעניש. געווען איז עס אָנהייב אויגוסט, אין אַ פּריוואַטע פאַרנאַכט, האַרט פאַר ליכט־בענטשן. אין די שטעקשיך בין איך אַרונטערגעלאָפן צום שכן קויפן צוויי אייער, און בעת כ׳האָב געהאַלטן ביים באַצאָלן, האָט זיך געעפנט די טיר און

אַ געהיים־אַגענט אין ציוויל־קליידער, מיט אַ רעוואָלווער אין האַנט, איז אַריין און אויסגעשריגן: הענדע האָך!

נאָך דעם ווי מיר האָבן אויסגעפירט זיין באַפעל האָט ער פאַרשלאָסן הינטער זיך די טיר און אָנגעהויבן זוכן אין אַלע ווינקלען. ער האָט געפונען צוויי ברויטן, דריי פעקלעך פוטער און זעקס אייער. „פאַרפלוכטע יודן־שיבער" — האָט ער מיט כעס געשריגן.

— „נעם דאָס! — דערלאַנגט ער מיר דאָס טעפל אייער. דער פרוי, דער אייגנטימערין פון דער וווינונג, האָט ער דערלאַנגט די ברויטן, און אַ בחור, וואָס האָט זיך דאָרט צופעליק געפונען, האָט ער געגעבן די פוטער און מיט אַ באַסאָווער שטימע אויסגערופן: הערויס!

מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, גלייך ווי מען פירט פאַרמשפּטע נאָכן געריכט־אורטייל, האָבן מיר אָנגעהויבן שטעלן שווערע טריט.

מענטשן, וואָס זענען פאַרבייגעגאַנגען, האָבן אונדז אָנגעקוקט מיט באַדויערן, געשאָקלט מיטן קאָפּ, פאַרביסן די ליפּן און געשוויגן. אויך מיר האָבן געשוויגן, באַדראָט פונעם אויסגעשטרעקטן שוואַרצן רעוואָלווער אין דער האַנט פון געהיים־אַגענט.

מיר זענען געגאַנגען פאָרויס און ער הינטער אונדז. ער האָט אונדז געפירט אין פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט, וואָס האָט זיך געפונען אין רייכערס הויז, אויף פּילסודסקי־גאַס, דאָרט, ווו אַ ייד האָט זיך נישט געטאָרט באַווייזן. דאָ האָט מען יעדן באַזונדער רעווידירט און אָפּגעפירט אין באַזונדערע אַרעסט־צימערן. אין טונקעלן אַרעסט־צימער האָב איך ערשט רעכט באַגריפן, אין וועלכער לאַגע איך געפין זיך און וואָס עס דערוואַרט מיך. איך בין געלאָפן הין און צוריק, זוכנדיק אַן אויסוועג, ווי אַזוי זיך אַרויסצוראַטעווען.

מיד און דערשעפּט פון שרעק און פאַרצווייפלונג, האָב איך זיך אַראָפּגעזעצט אויף דער ערד. אַן אומהיימלעכע שטילקייט האָט געהערשט אַרום. פּלוצלונג האָט זיך דערהערט אַ יאָמערלעך געוויין. כ'האָב דערקענט ז'י שטים פון דער פרוי, וואָס איז אַרעסטירט געוואָרן צוזאַמען מיט מיר.

— אוי מאַמע — האָט זי נישט אויפגעהערט צו שלוכצן.

„איז דאָס טאַקע דער סוף?" — האָב איך אַ טראַכט געטאָן.

די געדאַנקען האָבן מיך נישט אָפּגעלאָזט. וואָס וועט זיין מיט מיין משפחה? מיינע קינדער? בילדער — איינע גרויליקער פון די אַנדערע.

אַ שליסן פון דער טיר האָט מיך אויפגעוועקט פון די פּיינלעכע געדאַנקען. איך האַלט אין דעם אָטעם. עס קומט אַריין אַ מונדירטער פּאָליציי־מאַן און רופט אויס מיין נאָמען. מיט פאַרנעפּלטע אויגן און אַ פאַרקלעמט האַרץ האָב איך געשטעלט די טריט, וואָס האָבן מיך געפירט צו דער אויספאָרשונג.

אַ פּאָר גרויע אכזריותדיקע אויגן פונעם אויספאָרשונגס־ריכטער האָבן זיך אַריינגעשטאָכן אין מיר.

— וויפל האָסטו באַצאָלט פאַר די אייער? — האָט ער געפרעגט מיט אַ ברוטאַלער שטים.

— איך האָב גאָרנישט באַצאָלט — האָב איך געענטפערט.

מער האָט ער מיך נישט געפרעגט. אַנשטאָט ווייטערדיקע פראַגן, וואָס איך האָב דערוואַרט, האָב איך באַקומען קלעפּ מיט אַ גראָבער פויסט איבערן פּנים, און ס׳האָט באַלד אָנגעהויבן רינען בלוט.

— אומדרייען! האָט ער אויסגעשריגן (ווייזט אויס, אַז ער האָט נישט געקענט פאַרטראָגן קיין בלוט...).

איך האָב זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער וואַנט און מאָמענטאַל דערפילט אויפן קאָפּ אַ ניקלענע ליניאַל און די איבעריקע קעגנשטאַנדן, וואָס האָבן זיך געפונען אויפן שרייבטיש: אַ לעשער, אַן אַש־בעכער, אַ בריוו־האַלטער.

פון די פּאָליציי־לייט, וואָס האָבן זיך געפונען אין צימער, האָט יעדער קענטיק געהאַלטן פאַר זיין חוב מיט עפּעס באַשטייערן זיך צו דער „אויס־פאָרשונג". איינער מיט אַ קלאַפּ, דער צווייטער אַ קאָפּע, דער דריטער באַגיסט מיך מיטן איבערבלייבעכץ פון אַ נישט אויסגעטרונקן גלאָז טיי. כ׳בין געשטאַנען אויסגעדרייט צו דער וואַנט און מיט פאַרביסענע ליפּן אויפגענומען די מאָראַלישע און פיזישע קלעפּ, נישט אַרויסברענגענדיק קיין קרעכץ. און דאָך האָב איך נישט אויסגעהאַלטן, ווען איינער פון די מונדירטע האָט מיך געגעבן אַ שליידער צו דער וואַנט. דעמאָלט האָט זיך

אַרויסגעריסן פון מיר אַ געשריי. כ׳האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז אָט קומט דער סוף.

— אומדרייען! — דערהער איך ווידער די זעלבע ברוטאַלע שטים.

— ווי הייסטו? — פרעגט ער, און נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענט־פער שרייט ער אויס סאַרקאַסטיש — שרה הייסטו, נישט?

— יאַוואָל — זאָג איך, — שרה.

אַלע יידישע פרויען מוזן הייסן שרה, און אַלע מענער — ישראל.

— ווייסט נישט ווי דו הייסט — איז זיין פנים פאַרלאָפן געוואָרן מיט רציחה און ווידער האָב איך דערפילט אויף די פּלייצעס דעם גומענעם שטעקן.

— הערױס! — האָט ער זיך צערעוועט.

אַ וואַקלענדיקע, ווי אַ שיכורע, האָב איך פאַרלאָזט דאָס אויספאָר־שונגס־צימער.

פאַר דער טיר האָט שוין געוואַרט אַ זעלנער, וועלכער האָט מיך אַריינגעשטופּט אין אַ פאַרמאַכטן אויטאָ און אין דער גרעסטער שענלקייט אָפּגעפאָרן, סיגנאַליזירנדיק הויך, אַנזאָגנדיק דערמיט, אַז מען פירט אַ פאַרברעכער... יעדער סיגנאַל פון אויטאָ האָט זיך איינגעשניטן אין מיין האַרצן ווי אַ פאַרסמטע פייל.

וווהין פירט מען מיך? האָט געעקבערט אין מיין מוח — וועל איך נאָך זען עמעצן פון מיינע נאָענטע?

דער אויטאָ האָט זיך ענדלעך אָפּגעשטעלט נעבן אַ שווערן אייזערנעם טויער. צוליב דער פינצטערניש האָב איך נישט געקענט זען, וווהין מען האָט מיך געבראַכט.

— הערױס! — הער איך דעם באַפעל.

מיט וואַקלענדיקע טריט גיי איך אים נאָך. אַ לאַנגער פינצטערער הויף. מיר גייען איבער שטיגן, אַ סך שטיגן. און דאָ שטויסט מען מיך אַריין אין אַ פינצטערער קאַמער.

כ׳האָב נישט געוווסט, וואָס עס טוט זיך מיט מיר. איך האָב נאָר גע־הערט ווי אַ שווערע אייזערנע טיר פאַרמאַכט זיך הינטער מיר. אומבאַ־וועגלעך בין איך אַזוי שטיין געבליבן און נישט געקענט כאַפּן דעם אָטעם

סיי פון שרעק, סיי פון ווייטיק, וואָס איך האָב איצט געפילט איבערן גאַנצן קערפּער. איך ווייס נישט, ווי לאַנג איך בין אַזוי געשטאַנען. צו ביסלעך האָבן מיינע אויגן זיך גענומען צוגעוווינען צו דער פינצטערניש, און איך האָב באַמערקט ווי אַ פרויען־געשטאַלט הייבט זיך אויף פון דער פּריטשע און דערנענטערט זיך גלייך צו מיר.

כ׳בין געבליבן ווי צוגעשמידט צום אָרט און פון שרעק נישט געקענט אַרויסברענגען אַ וואָרט.

— פון וואַנען ביסטו? — הער איך אַ שטים אויף פּויליש. נישט באַקומענדיק פון מיר קיין ענטפער, לייגט זי אַרויף אַ האַנט אויף מיין אַקסל און פרעגט ווייטער:

— פאַר וואָס האָט מען דיך פאַרנומען?

כ׳האָב נישט באַוויזן קומען צו זיך און איר ענטפערן אויף איר פראַגע, ווי מיט אַ מאָל האָט זי זיך ווילד צעלאַכט און אָנגעהויבן מיך קושן.

דער ריח פון פּאַפּיראָסן און אַ גערוך פון ביליקן האַרבן פּאַרפיום, וואָס האָט זיך געטראָגן פון איר, האָבן מיר פאַרשלאָגן דעם אָטעם.

זי הערט נישט אויף מיך פאַרוואַרפן מיט פראַגן:

— פאַרוואָס האָט מען דיך פאַרנומען? — שטייט זי ווידער צו צו מיר.

אויך דאָס מאָל האָב איך נישט געענטפערט. געוואָלט זיין אַליין מיט מיינע טרויעריקע געדאַנקען.

נאָר עס אַרט זי נישט. מיט אַ שיכורלעך גראָבער שטימע רעדט זי אָן אויפהער, דערציילט וועגן זיך:

— איך האָב געשלאָגן אַ זעלנער, אַ „שוואַב". ער האָט מיר נישט געוואָלט באַצאָלן, דערפאַר זיץ איך דאָ — לאַכט זי.

זעענדיק, אַז איך רוף זיך ווייטער נישט אָן מיט קיין איינציק וואָרט, גיט זי אַ געשריי:

— קום שלאָפן!

זי האָט נישט געוואַרט אויף קיין ענטפער, נאָר מיט אַ גוואַלדיקן כוח, וואָס איז זעלטן ביי אַ פרוי, מיך אָנגעהויבן שלעפּן צו דער פּריטשע.

ווען איך האָב זיך באַפרייט פון איר, האָט זי זיך צעזונגען אויפן קול.
— זינג מיט מיר! — באַפעלט זי — וואָס, דו קענסט נישט דאָס לידל?

אין מיין אייגענער צעבראָכנקייט, וואָס איך האָב מיך געפונען, האָב איך נאָך געטראַכט וועגן אָט דער געפאַלענער פרוי. איך האָב שוין פאַר־שטאַנען מיט ווועמען איך געפין זיך אין אַזאַ נאָענטער שכנות.

ווען מיין שכנה אין דער צעל איז ענדלעך איינגעשלאָפן, האָב איך געמוזט פאַרלאָזן די פריטשע. ס'האָבן מיך מקבל פנים געווען וואַנצן און לייז.

איך האָב זיך צוריקגעשלעפט צו דער אייזערנער טיר, ווו כ'בין אַזוי אָפּגעשטאַנען אַ גאַנצע נאַכט. דער הימל איבער מיין אַרעסט־צעל איז געווען שטיל און לויטער, אַ האַלבע לבנה האָט שפּאַצירט לאַנגזאַם און געוואָרפן אַ בלאַסן אָפּשיין צום פאַרקראַטעוועטן קליינעם פענצטערל. מיטן טאָג־אויפגאַנג האָט זיך די טיר געעפנט און מען האָט מיך אַרויסגעפירט.

איבערן גרויסן, לאַנגן הויף זענען געשטאַנען אויסגעשטעלט אין ברייטע רייען הונדערטער מענטשן, פרויען פון איין זייט הויף, מענער פון דער אַנדערער זייט.

צווישן די מענער האָב איך דערקענט מיין קוזין נפתלי ערליך.

מיט עטלעכע וואָכן צוריק איז ער פאַרשוווּנדן, און קיינער האָט נישט געוווּסט, וואָס עס איז מיט אים געשען.

באַמערקנדיק מיך, האָט ער זיך אָנגעכאַפּטביים קאָפּ און נערוועז געצוקט מיט די אַקסלען. געדראַפּעט דאָס פּנים פון אויפרעגונג. אין אָנ־בליק פון נפתליס צעבראָכנקייט, האָט מיך באַהערשט אַ נאָך שטאַרקערער פחד, אַ גוואַלדיקע בענקשאַפט צו מיין שטוב, צו מיינע קינדער... ווער ווייסט, צי וועלן מיר זיך נאָך אַ מאָל זען?

פון די טרויעריקע געדאַנקען האָט מיך אַרויסגענומען דער באַפעל:
— אויסשטעלן זיך און גיין נאָך קאַווע!

דאָס איז געווען דאָס ערשטע פרישטיק, זייענדיק שוין צוויי טעג אַרעסטירט.

דאָס פרישטיק איז באַשטאַנען פון אַ שטיקל שוואַרץ ברויט און אַ

שיסעלע קאַווע. נאָך דעם זענען ווידער אַלע איינגעשלאָסן געוואָרן אין די תפיסה־קאַמערן.

פונקט ווי ביינאַכט, איז ווידער מיין שכנה צוגעשטאַנען מיט פאַרשיי־דענע פראַגן. אויך איצט האָב איך באַשלאָסן צו שווייגן.

דאָס האָט איר קענטיק שטאַרק פאַרדראָסן, זי האָט זיך ראַפּטעם אַ ריס געגעבן פון דער פּריטשע, געלאָפן גלייך צו מיר, אַרויסגעריסן פון מיין האַנט דאָס שיסעלע קאַווע מיטן שטיקל ברויט און מיט אויסגעגלאָצטע אויגן, ווי אַ ווילדע, געשריגן:

— דאָס וועסטו נישט עסן, ניין! אַ גאַנצן טאָג וועסטו היינט נישט עסן...

אויך ביים מיטאָג האָט פּאַסירט דאָס זעלבע. זי האָט מיך אויך „מכבד" געווען מיט קלעפּ, אויסרופנדיק:

— גיי צום טייוול, דו יידישקע. מען וועט דיך סיי ווי אויפהענגען אין מיטן הויף, דאָרט, וווּ מען האָט שוין אויפגעהאָנגען אַ סך יידן.

אַזוי איז אַוועק דער טאָג. אַז עס איז צוגעפאַלן די נאַכט, האָב איך מיך ווידער אַוועקגעשטעלט ביי דער טיר פון דער צעל, און אַזוי אָנגעלענט איבערגעלעבט אַ לאַנגע קאָשמאַרפולע נאַכט.

באַלד אין דער פרי דערהער איך עפּעס אַ קלאַפּן און זעגן, גאָר פון דער נאָענט.

איך לויף האַסטיק צום פענצטערל און פרעג אויף יידיש:

— ווער איז דאָרט?

— אַ בלעכער פון סאָסנאָוויץ — באַקום איך אַן ענטפער.

דאָס פּנים זיינס האָב איך נישט געקענט זען, אָבער הערנדיק זיין שטים בין איך אויפגעציטערט געוואָרן.

— אַ ייד פון סאָסנאָוויץ? אפשר וואָלט איר מיטגענומען אַ בריוול צו מיינע קינדער? — פרעג איך שטיל.

— יאָ, גרייט צו — האָט ער פונקט אַזוי שטיל געענטפערט.

איך בין שנעל אָפּגעשפּרונגען פון פענצטער, כדי צוצוגרייטן דאָס בריוול. אָבער דאָ איז אַנטשטאַנען די פראַגע, אויף וואָס און מיט וואָס שרייבט מען?

איך האָב זיך געווענדעט צו מיין צימער־שכנטע און געפרעגט, צי זי האָט אַ פעדער און פּאַפּיר. זי האָט נישט געענטפערט, נאָר אויסגע־דרייט זיך מיטן רוקן צו מיר.

— וואָס טוט מען? — בין איך אומגעלאָפן איבער דער קליינער צעל. געזוכט אויף די ווענט, אויף דער פּאָדלאָגע. אַזאַ געלעגנהייט נישט אויס־נוצן?!

אין מיין גרויסער פאַרצווייפלונג דערהער איך פּלוצלינג מענער־שטימען, וואָס זענען געקומען פון דער אונטערשטער צעל.

— כלאָפּצי — האָב איך זיך שטיל געווענדט צו זיי — אפשר האָט עמעץ פון אייך אַ בלייער? אַ שטיקל פּאַפּיר?

— יאָ, — ענטפערט מיר אַ מענער־שטימע — נאָר לאָז אַראָפּ אַ שטריקל.

מיטן פּאַסעק פון מיין קלייד האָב איך אַרויפגעצויגן, צוגעבונדן צו אַ שמאַטע, אַ בלייער מיט אַ שטיקל פּאַפּיר.

זעענדיק וואָס איך האָב דאָ דערגרייכט, האָט מיין שכנטע געגעבן אַ שפּרונג צו, מיך אָוועקגעשטופּט פון פענצטער און הויך אויסגערופן:

— כלאָפּצי, פּאַר מיר ציגאַרעטן און אַ ביסל בראָנפן! אַי, אַ ביסל בראָנפן! איך בין די שיינע האַנקאַ פון ראָג ציאָסנע. ווען איך וועל אַרויס אויף דער פריי, וועלן מיר זיך נאָך באַגעגענען...

וואָס זי האָט ווייטער אַראָפּגעשריגן האָב איך נישט געהערט. כ'האָב זיך אָוועקגעזעצט אין אַ ווינקל פון דער פּריטשע, אַ באַגאָסענע מיט טרערן, און אָנגעשריבן פאָלגנדיקע ווערטער:

„מיינע טייערע! ווען איר וועט דערהאַלטן דאָס בריוול, זאָלט איר נישט וויינען. איך בין צופרידן פון מיין גורל. אויב עס האָט געדאַרפט געשען אַן אומגליק אין אונדזער שטוב, בין איך צופרידן, אַז ס'האָט געטראָפן מיט מיר. ווען איר וועט אייך שטעלן מיטוואָך אויפן זאַמלפּונקט, זאָלט איר אָנטאָן אויף זיך די בעסטע מלבושים און הויכע שיך. זיי זאָלן לאַנג אויסהאַלטן. דאָס צירונג מיט ווערטזאַכן זאָלט איר פריער אָוועק־טראָגן צו דער באָבען אין קבר. דאָרט איז דאָס איינציקע אָרט, וווּ איר קענט עס גוט באַהאַלטן. מזומן געלט זאָלט איר מיטנעמען מיט זיך. איך

בעט איך נישט וויינען און נישט טראַכטן וועגן מיר. מסתמא האָט אַזוי געדאַרפט זיין״.

כ׳האָב קוים באַוויזן אַרייסצושיקן דאָס בריוול, און גלייך האָט זיך דערהערט דאָס אויפשליסן די טיר. אויף דער שוועל איז געבליבן שטיין אַן עלטערער סאָלדאַט. ער האָט אויסגערופן מיין נאָמען און באַפוילן:

— קום מיט מיר!

אַ שרעק איז מיך באַפאַלן, ווען מ׳האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ צי־מער, וווּ עס איז געזעסן אַ ציוויל־געקליידטער מאַן. כ׳האָב נאָך געפילט אויף זיך די קלעפּ פון דער פריערדיקער אויספאָרשונג און שוין דאַרף איך ווידער דורכגיין דעם זעלבן גהינום!

איך בין שטיין געבליבן ביי דער טיר, מורא האָבנדיק צו שטעלן אַ טריט ווייטער.

דערזעענדיק מיך, האָט דער הויכער, שלאַנקער מאַן געעפנט אַ גרויסע לעדערנע טעקע, אַרויסגענומען פון דאָרט אַ געדיכט באַשריבן פּאַפּיר און אָנגעהויבן לייענען. אַז ער האָט געענדיקט, פרעגט ער מיך:

— דו ווייסט נישט, אַז עס איז פאַרבאָטן צו האַנדלען מיט אייער?

— איך בין נישט קיין אייער־הענדלערין — האָב איך געענטפערט און געקוקט אים דרייסט אין די אויגן.

זיין פּנים איז צונטער־רויט געוואָרן, און איידער איך האָב זיך גע־כאַפּט, האָב איך באַקומען מיט דער טעקע איבערן קאָפּ.

— ברענג דאָס אַהער! — האָט ער געקריצט מיט די ציין, ווי אַ צערייצטע חיה.

איך האָב מיך אָנגעבויגן און דערלאַנגט אים די טעקע.

— וויפל האָסטו באַצאָלט פאַר די אייער? זאָג דעם אמת, אויב דו ווילסט בלייבן לעבן.

דאָס מאָל האָב איך באַשלאָסן נישט צו ענטפערן, אָבער וויזט אויס, אַז מיין שווייגן האָט אים נאָך מער צערייצט. מיט שנעלע טריט האָט ער זיך דערנענטערט צו מיר, באַשאָטן מיך מיט פראַגן און יעדע פראַגע באַ־גלייט מיט קלעפּ. ער האָט שוין אַפילו נישט געוואָלט הערן מיינע ענט־פערס, נאָר נישט אויפגעהערט מיך צו שלאָגן, ביז ס׳איז מיר פינצטער

געוואָרן אין די אויגן און איך בין אַוועקגעפאַלן אויף דער ערד. ער האָט מיך באַגאָסן מיט קאַלט וואַסער, געהאָלפן מיר אויפשטיין, און ווידער איבערגעחזרט דעם זעלבן מאַנעוור, קריצנדיק מיט די ציין:

— דאָנערוועטער, סאַקראַמענט!

אַ פאַרבלוטיקטע האָט מען מיך אַריינגעשליידערט צוריק אין דער צעלע.

אויפן דריטן טאָג פון מיין אַרעסט דערהער איך ווידער די זעלבע באַפעלערישע שטים:

— קאָם מאַל ראַוס!

עס פאַרקלעמט מיר ביים האַרצן. איך האָב ווידער דערזען פאַר זיך דעם זעלבן רוצח אין ציוויל־קליידונג.

— וועסט שוין זאָגן דעם אמת? — פרעגט ער מיך מיט אַ שמייכעלע,

— דו פאַרפלוכטע יידין, איך וועל דיך צום טויט דערשלאָגן! — און באַלד טאַקע לאָזט ער זיינע פויסטן אין גאַנג.

צו מאָרגנס רופט מען מיך ווידער. מיט שווערע טריט שלעפּ איך זיך קוים נאָכן זעלנער, וואָס פירט מיך אין דער טאָרטורן־שטוב צום געסטאַ־פּאָוויעץ אין ציוויל־קליידער. יאָ, היינט וועט עס נעמען אַ סוף. לענגער וועל איך עס נישט אויסהאַלטן!

— אַלזאָ, דו ביסט נישט קיין אייער־הענדלערין — הער איך, ווי אין אַ וויסטן חלום, זיין גראָבע שטים.

כ'האָב זיך אָנגענומען מיט מוט, אויפגעהויבן די אויגן, וואָס כ'האָב די גאַנצע צייט געהאַלטן אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד, כדי נישט צו קוקן אויף זיין פּרצוף, און איך זע: ער זיצט אויפן שפּיץ טיש מיט איין פוס אין דער הייך און ער שמייכלט איראָניש. ער קען גאָר לאַכן, דער רוצח?

כ'ווייס נישט פון וואַנען עס האָט זיך צו מיר גענומען מוט. איך האָב אָנגעהויבן רעדן מיט אַ דרייסטער שטים:

— איך בין נישט קיין אייער־הענדלערין. איך פאַרנעם זיך נישט מיט אַזעלכע זאַכן. איך האָב געענדיקט אַ גימנאַזיע.

זעענדיק, אַז ער ענטפערט נישט, בין איך געוואָרן דרייסטער און מיין שטים איז געוואָרן שטאַרקער:

— לאָסן זי מיך ראַוס צו מיינע קינדער — האָב איך געשריען — דאָס איז די דייטשע קולטור?

איך האָב גערעדט הויך און ער האָט געשוויגן, גאָרנישט געענטפערט. דאָס באַהערשן גוט די דייטשע שפּראַך האָט מיר צוגעגעבן מוט. איך האָב שוין סיי ווי גאָרנישט צו פאַרלירן, האָב איך געטראַכט, זאָל איך אים כאָטש זאָגן מיין מיינונג.

די אויספאָרשונג האָט זיך פאַרענדיקט אַן קלעפּ און מען האָט מיך צוריקגעפירט אין צעל.

די צו גיכע און שטילע אויספאָרשונג האָט נאָך מער אַנגעוואָרפן אויף מיר אַ שרעק. איך בין געווען זיכער, אַז איצט איז מיין גורל אַ געחתמע־טער.

עס איז אונטערגעקומען די דאַטע פון 12טן אויגוסט 1942. צו מאָר־גנס, מיטוואָך, דאַרפן זיך אַלע יידן שטעלן צום זאַמלפונקט, וואָס וועט זיין מיט מיר?

איך האָב נישט געהערט ווי די טיר האָט זיך געעפנט און אויף דער שוועל האָב איך דערזען דעם גוט באַקאַנטן סאָלדאַט. מיין האַרץ הייבט אַן מוראדיק קלאַפּן. אָט איז דער סוף. לאַנג איז נישט געווען קיין צייט צו טראַכטן, ווייל באַלד האָב איך געהערט זיין באַפעל:

— נעם דיינע זאַכן און קום מיט מיר!

— מען גייט מיך אַוועקשיקן? — פרעג איך מיט אַ ציטערדיקער שטימע.

— ניין, דו ביסט פריי.

איך האָב געפילט, ווי עמעצער וואָלט מיר מיט אַ שווערער און טעמפּער זאַך דערלאַנגט איבערן קאָפּ. פון איבערראַשונג האָב איך נישט געקענט אַרויסברענגען אַ וואָרט.

— וואָס, דו גלייבסט נישט? דו ביסט פריי און גייסט נאָך הויז. נעם דיינע זאַכן — יאָגט ער מיך אונטער.

אַ שטראָם הייסע טרערן האָט אָנגעהויבן פליסן פון מיינע אויגן. פון גרויס פרייד און איבערראַשונג בין איך אויף אים אַרויפגעפאַלן און אים אָנגעהויבן קושן.

— איז דאָס טאַקע אמת? איך בין פריי? אויף אַן אמת פריי? — ס'האָט זיך נישט געוואָלט גלייבן. אפשר איז דאָס גאָר אַ נייע פּאַסטקע, וואָס זיי האָבן פאַר מיר צוגעגרייט. ערשט ווען איך האָב באַקומען אַ פּאַסיר־שיין, אַז כ'מעג פאָרן מיטן טראַמוויי, האָט מיך אין גאַנצן איבער־ציַיגט אין מיין באַפרייונג.

מיט אייליקע טריט, ווי אַן אַנטלאָפענע פון גהינום, בין איך צוגעלאָפן צום כמעט ליידיקן טראַמוויי און געקוקט הינטער זיך, צי לויפט מיר עמעצער נישט נאָך, מיך צוריקצושלעפּן אין תפיסה.

ענדלעך זיץ איך אין טראַמוויי, וועלכער שניידט די לופט מיט זיין ראַשיקן לויפן. עס ווערט מיר עפּעס אַזוי גרינג אויף דער נשמה — איך פאָר אַהיים! אין שטוב האָבן מיך דערוואַרט אַ סך מענטשן, פריינט און משפּחה, ס'איז שוין געווען זיכער, אַז היינט וועט מען מיך אָפּלאָזן. צו מיין פרייד איז נישט געווען קיין גרענעץ.

— ווער האָט דאָס באַוויזן אַרויסצורייסן מיך פון זייערע נעגל? — האָב איך מיך געוווּנדערט.

— אַלץ טאַדעק, אים האָבן מיר צו פאַרדאַנקען! — האָט זיך זעליג געשטיקט מיט טרערן.

טאַדעק, דער פּאַרטיער אין איזאַקס האָטעל, איז געווען באַקאַנט אין שטאָט אַלס „מאַכער" ביי די דייטשן. אויב עס געלינגט אים אַרויסצוקריגן אַ קרבן פון דער דייטשער קרימינאַל־פּאָליציי, הייסט ער זיך גוט באַצאָלן. פאַר מיין באַפרייונג אָבער האָט ער נישט פאַרלאַנגט קיין באַצאָלונג. אַלס שכן פון מיין געשעפט האָט ער אַלץ געטאָן בכדי מיך אַרויסצוקריגן פון אַרעסט. זייענדיק דער פּאַרטיער אין איזאַקס האָטעל, וווּ אַ סך הויכע דייטשע באַאַמטע זענען איינגעשטאַנען, האָט ער געשלאָסן מיט זיי באַ־קאַנטשאַפט און, דערוויסנדיק זיך וועגן מיין אַרעסט, איז ער אַוועק צו זיינע באַקאַנטע דייטשן און עס איז אים געלונגען אויסצופועלן מיין באַפרייונג.

אגב, איז טאַדעק באַלד נאָך דעם אין גאַס דערשאָסן געוואָרן.

לאַנג איז מיר נישט געווען באַשערט צו פרייען זיך מיט מיין באַ־פרייונג, ווייל שוין צו מאָרגנס איז געווען דער 12טער אויגוסט. אין דעם

טאָג האָבן אַלע יידן זיך געדאַרפט שטעלן אויף דעם „אוניאַ" ספּאָרט־פּלאַץ, אָדער ווי די דייטשן האָבן אים גערופן — „יאַהן־שטראַסע", כּדי אָפּצושטעמפּלען די דאָקומענטן, דעם ליכטבילד־אויסווייז.

צו דער באַשטימטער צייט האָט מען זיך גענומען קלייבן צום זאַמל־פּונקט. אַלע יידישע הייזער זענען אויסגעליידיקט געוואָרן פון מענטשן. די גאַסן זענען איבערפולט געוואָרן. קליינע קינדער האָט מען געטראָגן אין די אָרעמס.

אויף אַלעמענס פּנימער ליגט אויסגעגאָסן צעטומלטקייט און טרויער. אַלע יידן שטראָמען מיט דעם זעלבן וועג, און הגם די שטימונג איז ביי יעדן אַ געדריקטע, האָב איך געפילט אין זיך אַ מאָדנע פרייד. בין איך דאָך ווידער צוזאַמען מיט אַלע יידן און מיט מיינע באַקאַנטע. איך גיי מיט מיין מאַן, געאָרעמט מיט מיינע קינדער, פון איין זייט יאָסעלע און פון דער צווייטער זייט האַלושע, בין איך אַזוי גליקלעך! איך וויל פאַרגעסן אין וואָס פאַר אַ לאַגע מיר געפינען זיך.

אין אָט דער שטימונג זענען מיר אָנגעקומען צום גרויסן ספּאָרט־פּלאַץ אויף אַלט־סאָסנאָוויץ. דער פּלאַץ איז באַוואַכט פון געסטאַפּאָ און מיליטער. דער טאָג אַ שיינער. די זון וואַרעמט, לאַשטשעט מיט אירע שטראַלן, ווי אַ קאָנטראַסט צו די שאָטנס, וואָס ליגן אויף יעדן איינעם. די דייטשע אָפיצירן דרייען זיך דאָ אַרום, לאַכן הויך און זענען צופרידן פון דעם שטיקל אַרבעט, וואָס זיי האָבן אָפּגעטאָן: אַריינגעגנאַרט די יידן אין דער פּאַסטקע, פון וועלכער זיי קענען זיך שוין מער נישט אַרויסדרייען. זיי קוקן מיט פרעכע חוזיק־שמייכלען אין אונדזערע פאַרטרויערטע פּנימער און פון גרויס הנאה לאָזן זיי אויף אונדז אַרויס דעם רויך פון זייערע גראָבע ציגאַרן.

פינף אַ זייגער פאַר טאָג זענען מיר אַרויס פון שטוב. די גאַנצע שטאָט, 25 טויזנט יידן האָבן זיך דאָ פאַרזאַמלט. יעדער איינער האָט געגלייבט, אַז נאָכן אָפּשטעמפּלען די דאָקומענטן וועט מען זיך צוריק אומקערן אַהיים. אָבער עס פאַרגייען שעהען און מען וואַרט. די שעהען ציען זיך שווער און מאַט און וואָס לענגער עס דויערט, אַלץ מער באַהערשט אונדז אַ

געפיל, אַז עפּעס נישט גוטס וועט פּאַרקומען, אַז נישט אָפּשטעמפּלען דאָקומענטן איז געווען די סיבה פון צוזויפטרייבן די יידן דאָ אַהער.

די אַרבעטער פון העלדינס שאָפּ און פון אַנדערע שאָפּן שטייען באַזונדער. זיי רעכענען זיך פאַר יחסנים און מישן זיך נישט אויס מיטן איבעריקן עולם. מען האָט זיי פאַרזיכערט, אַז די ערשטע וועלן זיי באַפרייט ווערן, ווייל זיי דאַרפן גיין צו דער אַרבעט.

עס זענען שוין פאַרביי לאַנגע שעהען און קיינער פון די דייטשע באַלעבאַטים, די שאָפּ־אייגנטימער, ווייזט זיך נישט, צו אינטערווענירן וועגן דער באַפרייונג פון זייערע אַרבעטער. און ביסלעכווייז ווערן אויך זיי אויסגעמישט מיט דער גאַנצער מענטשן־מאַסע.

אין שפּאַנענדיקער דערוואַרטונג, מידע און דערשעפּטע, ווערט יעדער פאַרזונקען אין זיינע טרויעריקע געדאַנקען.

יאָ, מען פילט, אַז עפּעס וועט פאַרקומען. קינדער וויינען, ווילן אַהיים. נישטאָ אַפילו אַ ביסל וואַסער פאַר זייערע פאַרטריקנטע ליפּן. מידע און הונגעריקע ווערן זיי אַנטשלאָפן אויף די הענט פון זייערע מאַמעס.

די זון זעצט זיך שוין. און דאָ רירט זיך גאַרנישט פון אָרט. ס׳איז שוין נישטאָ קיין ספק, אַז זיי האָבן אונדז אַריינגענאַרט. פאַרצווייפלטע, פרעגן מיר איינער דעם אַנדערן: וואָס וועט זיין? ווי אַזוי באַקומט מען זיך אַרויס פון דעם אומגליק? שפּעט ביינאַכט דערהערן מיר פּלוצלונג אַ באַפעל:

— אַנשטעלן זיך!

שוויגנדיקע שטעלן מיר זיך אויס אין די רייען. מיליץ פירט אָן מיט דער אָרדענונג, אַז דער עולם זאָל וואָס גיכער אויספולן די ברייטע רייען. אַ ביסל ווייטער ווערן אויסגעשטעלט קליינע טישלעך, ביי וועלכע ס׳זעצן זיך אויס פעטע, גראָב־בייכיקע דייטשע מיליטער־לייט. מען זעט באַקאַנטע פּנימער: דעם געסטאַפּאָ־שעף דריייער, לינדנער, קוטשינסקי און אַנדערע פּאָליציייאישע אָנפירער. די לאַנגע רייען רוקן זיך לאַנגזאַם. מיט שווערע און וואַקלענדיקע טריט דערנענטערן מיר זיך צו די טישלעך. צו אונדזער׳ע אויערן דערטראָגן זיך באַפעלן: איינס, צוויי, דריי!

איינס — ווייזט מען מיטן שטעקעלע אין דער ריכטונג צום אַרויס־

גאַנג־פּונקט. צווײ — אַוועקצוגיין אין אַ זײַט. דרײַ — אָוועקצושטעלן זיך בײַ דער אַנדערער זײַט.

די צונויפגעזאַמלטע מענטשן־מאַסע איז אײַנגעטיילט געוואָרן אין קאַטעגאָריעס. קאַטעגאָריע נומער איינס איז גלײַך באַפרײַט געוואָרן. דאָס זענען מענטשן מיט גוטע „זאַנדערס״.

קאַטעגאָריע נומער צווײ איז באַשטימט געוואָרן צום אַרבעטס־אײַנזאַץ, אַוועקצושיקן אין לאַגערן. קאַטעגאָריע נומער דרײַ — אומבאַשטימט. זײ האָבן געוואַרט אַדורכצוגיין אַ סעלעקציע בײַ די געסטאַפּאָ־אַנפירער, וועלכע האָבן געדאַרפט דעצידירן וועגן שיקן אין אַרבעטס־אײַנזאַץ. צו דער קאַטעגאָריע נומער 4 האָבן זיך גערעכנט אַלטע און קאַליקעס. פרויען, וואָס האָבן געמאָלדן, אַז זײערע מענער זענען אין לאַגער, גלייבנדיק, אַז אַזוי אַרום וועלן זײ זײַן פּריווילעגירט און ווערן באַפרײַט, זענען אויך צוגעטיילט געוואָרן צו דער פערטער קאַטעגאָריע, וואָס איז באַשטימט געוואָרן צו אויסזידלונג. ווײַזט אויס, אַז דאָס מעסטל פון לײַדן איז נאָך נישט פאַרפולט געוואָרן. דאָס מאָל איז עס געקומען פון אויבן. אין מיטן נאַכט איז אַראָפּ אַ שלאַקס־רעגן און אָנגעהאַלטן ביז פאַרטאָג.

דער רעגן האָט אַדורכגעווייקט די דערשעפּטע מענטשן ביז צום ביין. מאַמעס מיט קינדער אויף די הענט האָבן שוין נישט געקענט אויסהאַלטן און זיך אַוועקגעלייגט אויף דער נאַסער ערד.

די רייען גייען פאָרויס, מיר דערנעענטערן זיך צו די טישלעך.

זעליג ווײַזט זײַן זאַנדער־קאַרטע אַלס אָנגעשטעלטער בײַ דער קאַר־טאָפל־פאַרטיילונג. האַלושע באַזיצט אַן אַרבעטס־דאָקומענט פון העלדינגס שאָפּ. זי אַרבעט אויס וועש פאַרן דײַטשן מיליטער. יאָסעלע אַרבעט אין קאַטאָוויץ בײַ דער ווערמאַכט. איך האָב נישט קיין שום אַרבעטס־קאַרטע און איך בלײַב שטיין. אָבער דאָ געשעט מיט מיר ווידער אַ נס: יאָסעלע האָט זיך באַלד אָריענטירט אין דער געפאַר, וואָס מיך דראָט, שנעל האָט ער אַרויסגעצויגן פון קעשענע דאָס פּאַפּיר מיטן רויטן סטעמפּל, אַז ער מעג פאָרן מיטן טראַמוויי צו דער אַרבעט. דעם גרויסן בויגן פּאַפּיר, אָפּגעשטעמפּלט פון דער ווערמאַכט, האָבן זײ, ווײַזט אויס, אָנגענומען

אַלס מיין דאָקומענט און אַלע ווערן מיר געשליידערט צו דער קאַטעגאָריע נומער 1 — צום אַרויסגאַנג. מיר לויפן שנעל. מיר זענען ווידער פריי!

די גאַסן, דורך וועלכע מיר זענען געלאָפן אַהיים, זענען געווען ליידיק און מיט זייער פוסטקייט אָנגעוואָרפן אַ פחד.

אין הויז אויף גלאָוואַצקיעגאָ 1 זענען מיר געווען די ערשטע, וואָס זענען געקומען אַהיים.

ביסלעכווייז האָבן אָנגעהויבן קומען די שכנים, יעדער מיט זיין ווייטיק און בראָך. נישט געווען קיין איינציקע שטוב, ווו עס זאָל נישט האָבן געפעלט עמעצער פון דער משפחה. ביי אַ מאַמע האָט מען צוגענומען די קינדער און זי אַרויסגעלאָזט. לויפט זי צום באַלקן, כדי אַ סוף צו מאַכן צו איר לעבן. מיט גרויס מי געלינגט זי אָפּצוראַטעווען. ביי אַ צווייטער פרוי האָט מען צוגענומען אַ העלפט פון אירע קינדער. איך שכן איז צוריקגעקומען אַליין. זיין פרוי מיט די קינדער זענען פאַרבליבן אין עמק הבכא. פון אַלע הייזער טראָגן זיך פאַרצווייפלטע קולות און געשרייען.

פאַרטאָג איז אָנגעקומען מיין שוואָגער שלמה, אַדורכגעווייקט פון שלאָקסרעגן. עס איז אים נישט צו דערקענען, ער איז אין גאַנצן אַ פאַרענ־דערטער, אַ פאַרשטאַרטער. עס האָט אים געקלאַפּט אַ צאָן אין אַ צאָן, ער קען נישט רעדן. זיין פרוי חוטשע מיט די צוויי קינדער זענען פאַרהאַלטן געוואָרן.

שפּעטער קומען אַריין אין שטוב מיין ברודער יאַנקל מיט זיין פרוי חיהלע. זיי ברענגען די בשורה: דעם טאַטן מיט דער מאַמען פאַרהאַלטן. וואָס טוט מען איצט? ווי אַזוי באַקומט מען זיי אַרויס פון די רוצחישע הענט? צו מאָרגנס באַלד אין דער פרי, זענען די פאַרהאַלטענע, אויסגע־ווייקטע און ציטערדיקע, אָפּגעפירט געוואָרן אונטער אַ שטרענגער עס־קאָרטע צו די הייזער אויף טאַרגאָווע 4 און 8, די אַנדערע העלפט איז אַריינגעטריבן געוואָרן אין די הייזער קאָלאָנטאַיאַ 6, 8 און 9. די צאָל אומגליקלעכע דערגייט ביז צען טויזנט.

דער איינציקער וועג זיי צו ראַטעווען איז געווען — די גמינע. אפשר וועט מען דאָרט קענען עפּעס אויפטאָן? — האָט אויפגעבליצט אַ פונק פון האָפענונג.

די גאַס פון דער גמינע איז געווען שוואַרץ פון מענטשן. אָבער עס איז נישט געווען צו ווען צו רעדן. די גמינע־טירן זענען געווען געשלאָסן. די מיליץ האָט געיאָגט און געטריבן. דאָרט האָט מען זיך דערוווּסט ווײַ־טערדיקע פּרטים פון דעם, וואָס עס האָט פּאַסירט: אַ גרויסן טראַנספּאָרט מענטשן האָט מען גלייך אַוועקגעפירט פון ספּאָרט־פּלאַץ צו די וואַגאָנעס און די איבעריקע אַריינגעטריבן אין די גאַסן טאַרגאָווע, קאַלאַנטאַיאַ, וואָס זענען אָפּגעשלאָסן דורך אַ שטאַרקער אָפּטיילונג פון דייטשיש מי־ליטער. צווזענענדיק די האַרצרייסנדיקע סצענעס פאַרן גמינע־לאָקאַל, און געטראָפן פון אייגענעם אומגליק, בין איך, אַ צעטומלטע, געלאָפן איבער די גאַסן, זוכנדיק אַן אויסוועג צו ראַטעווען מיינע עלטערן און מיין שוועסטער חוטשע מיט אירע צוויי קינדער יאָסעלע און בערעלע. אָבער קודם כל האָב איך דאָך געדאַרפט וויסן, ווו זיי געפינען זיך: אויף טאַר־גאָווע, קאַלאַנטאַיאַ, אָדער אפשר גאָר אין די וואַגאָנעס? די אַלע ערטער זענען באַלאַגערט מיט מיליטער, און חוץ חשובע גמינע־מענטשן וועט קיינער נישט צוגעלאָזט.

זוכנדיק אַן אויסוועג, דערזע איך יואלן, בריינדלס זון, דעם מילי־ציאַנט. ער שפּאַנט איילִיק צו די הייזער פון טאַרגאָווע־גאַס.

— דו קענסט דאָך מיין טאַטן, יואל, — בין איך אים נאָכגעלאָפן — אינטערעסיר זיך, צי ער געפינט זיך דאָרט, און לאָז מיך וויסן.

— זיכער קען איך אים און אויך אייער מאַמען קען איך גוט.

— אויב אַזוי, בעט איך דיך, זוך זיי אויף. — זאָגנדיק דאָס, האָב איך אים אַריינגעלייגט אַ 50ער אין האַנט — איך וועל דיר גוט באַצאָלן — האָב איך מיט טרערן אין די אויגן אים געבעטן.

— גוט, — זאָגט ער, — נאָך 4 אַ זייגער ענדיק איך די דינסט־צייט, זאָלט איר מיך דאָ אָפּוואַרטן.

די צוויי שעה, פון 2 ביז 4 פאַרנאַכט, האָבן געדויערט אַן אייביקייט.

— נישט געפונען — האָט ער געזאָגט — כ׳האָב געזוכט אויף אַלע שטאָקן פון גרויסן הויז אויף טאַרגאָווע 8, גערופן „בייטנער" אָבער קיינער האָט זיך נישט אָנגערופן. אַך, וואָס דאָרט טוט זיך! — האָט ער צוגעגעבן, ווישנדיק זיך דעם שווייס פון שטערן — איר קענט איך גאַרנישט פאָר־

שטעלן, וואָס מען זעט דאָרט פאַר אַ טראַגעדיעס! וואָס איך האָב דאָרט געזען, וועל איך קיין מאָל נישט פאַרגעסן! — זאָגט ער מיט ווייטיק — די יאָמערדיקע געוויינען און פּישטשערייען פון די קינדער און דערוואַקסענע, וואָס ליגן איינער אויפן צווייטן אין די בעטן, אויף די טישן, אויף די פּאָדלאָגעס. די קלאָזעטן זענען איבערפולט און דער שמוץ איז צעגאָסן איבער די שטובן. מענטשן ליגן אין דעם שמוץ. זיי זענען ווילד פון פאַרצווייפלונג. עס איז פּשוט שווער עמעצן צו דערקענען. כ׳וועל נאָך כּרחון זוכן אויף טאַרגאָווע 4. אפשר וועט מיר געלינגען נאָך היינט אַריינצוקומען.

— פאַרגעס נישט, יואל, כ׳וועל שפּעטער אַהערקומען און מיטברענגען נאָך אַ 50ער. דאָ, אויפן זעלבן אָרט, וועל איך דיך אָפּוואַרטן.

אַזוי שטייענדיק האָט זיך באַוויזן אַ גמינע־באַאַמטער. ער לויפט מיט איילקע שריט צו דער טאַרגאָווע גאַס.

הונדערטער מענטשן לויפן אים נאָך. יעדער וויל רעדן צו אים, בעטן, זוכן הילף.

דערווײַל קומען אָן פון די הייזער ידיעות, איינע שרעקלעכער פון דער אַנדערער: אַ סך פון די געפאַנגענע זענען אַראָפּ פון זינען. מענטשן ליגן צונויפגעפּרעסט איינער אויפן צווייטן אָן אַ ביסל עסן. צוליב דער ענגשאַפט און היץ, רייסן זיי פון זיך דאָס אָנטועכץ און זענען האַלב נאַקעט. יעדן טאָג קומען פאָר פאַלן פון זעלבסטמאָרד. זיי וואַרפן זיך אַראָפּ פון די פענצטער. מענטשן שטייען פאַר דער גמינע, מען זוכט רעטונג. פון צווישן פאַרזאַמלטן עולם שטופּט זיך פאַרויס אַן אויפגערעגטער מאַן. זיין שרייען ווערט אונטערגעכאַפּט אויך פון אַנדערע. די אויפרעגונג איז אַריבער ערשט דאַן, ווען די גמינע־באַאַמטע האָבן געמאָלדן, אַז די קיך הייבט אָן שיקן עסן פאַר די געפאַנגענע. דאָס האָט אַ ביסל באַרויִקט די געמיטער. אַ סך האָבן שפּעטער אַרויפגעצויגן אויף זיך די געלע גמינע־בענדער און מיטגעפאָרן מיטן עסן.

מיין ברודער יאַנקל איז אויך געווען פון די גליקלעכע. ער פאָרט מיטן עסן, האָפנדיק אַזוי אַרום צו ראַטעווען עמעצן פון דער משפחה.

מיט גרויס מי געלינגט אים אויסצוגעפינען חוושען מיטן קלענערן

יינגעלע בערעלע, און זיי אַרויסצוראַטעווען. דעם גרעסערן איז נישט מעגלעך געווען צו געפינען. דאָס קינד איז באַהאַלטן געוואָרן אין אַ קעסל, וווּ מען האָט געפירט מיטאָגן. חווטשע, ווידער, האָט זיך געראַטעוועט דורך דעם, וואָס זי האָט אָנגעטאָן אַ ווייסן פאַרטעך, איז אַרויף אויף דער פלאַטפאָרמע און געהאָלפן טיילן דאָס עסן. אַזוי אַרום איז זי צוזאַמען מיט די ליידיקע קעסלען צוריקגעפאָרן. אויך אַנדערע קינדער האָט מען אָפּגעראַטעוועט, אַרויספירנדיק זיי אין די ליידיקע קעסלען.

אַ געוויסע צאָל מענטשן איז געלונגען אַרויסצובאַקומען זיך פאַר אַ געוויסער סומע געלט אָדער אַ טייערן בריליאַנט. עס זענען געווען אויך פאַלן, ווען מען האָט געגעבן אַ מיליציאַנט געלט אָדער ווערטזאַכן, אָבער דער קרבן איז סיי ווי אַוועקגעשיקט געוואָרן. דאָס איז נישט געווען גראָד דערפאַר, ווייל דער געלט־נעמער האָט געוואָלט אָפּנאַרן, ניין! פשוט, ווייל ער האָט נישט געפונען דעם מענטש צווישן דער צעטומלטער מאַסע. במשך פון די עטלעכע טעג זענען זיי אַזוי פאַרענדערט געוואָרן, אַז עס איז זיי געווען שווער צו דערקענען, און אַפילו מען האָט זיי גערופן ביים נאָמען, האָבן זיי זיך מער נישט אָנגערופן און ווייטער געבליבן ליגן אין קויט.

איך לויף נאָך אַ מיליציאַנט, וואָס איז געלאָפן אין דער ריכטונג פון דער קאָלאָנטאַיאַ־גאַס.

אָ, דאָס איז דאָך דניאל — בין איך געוואָרן דערפרייט — ער וועט מיר זיכער וועלן העלפן.

— דניאל, — בעט איך אים — דערבאַרעם זיך, זוך מיר אויס מיין טאַטן. דו קענסט דאָך אים. גיב אים איבער דאָס שאַכטל ציגאַרעטן און ברענג מיר אַ גרוס פון אים און פון דער מאַמען. איך וועל דיר גוט באַפרידיקן — האָב איך פאַר אים געוויינט און געבעטן — כ׳וועל דיך נישט אָפּלאָזן, דו מוזסט מיר פאַר יעדן פרייז העלפן!

— פאַר אייערע עלטערן איז דאָס אוממעגלעך — האָט ער זיך אַ קרום געטאָן — וועלן זיי דען קענען אַרויסגיין דורכן קוימען און אַריבערכאַפּן זיך אויפן דאַך פון צווייטן הויז? איך גלייב נישט, אַז זיי וועלן דאָס באַ־וויזן. מיין חבר האָט גראָד דאָרט דיזשור. ער היט, אַז קיינער זאָל נישט

אַנטלויפן דורכן בוידעם. איך בין גרייט אייך צו העלפן, נאָר זאָגט, ווו זיי געפינען זיך? אין וועלכן הויז? ווו זאָל איך זיי זוכן?

— איך בין זיכער, אַז זיי זענען דאָ ערגעץ אין די הייזער, ווייל אויף טאַרגאָווע האָט מען זיי געזוכט און נישט געפונען.

ט׳זענען אַוועק טעג און נעכט. פון דער קאָלאָנטאַיאַ האָט מען אָנגע־הויבן אַוועקפירן די אומגליקלעכע צום זאַמלפונקט דעמבלינסקע 15 און פון דאָרט צו די וואַגאָנעס.

יעדן טאָג זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן טראַנספּאָרטן מיט יידן.

ווען חוטשע איז נאָך די שווערע איבערלעבונגען אַריינגעקומען אין שטוב און נישט געטראָפן איר יאָסעלען, האָט זי אָנגעהויבן רייסן די האָר פון קאָפּ.

— איך וויל נישט לעבן! — האָט זי ספּאַזמירט — ווו איז יאָסעלע?!

איבער די גאַסן יאָגן זיך מענטשן מיט צעקרומטע פּנימער. די אויגן קריכן אַרויס פון די לעכער. ביי יעדן איינעם אויף די ליפּן שוועבט די זעלבע פראַגע: וואָס טוט מען? ווי אַזוי ראַטעוועט מען זיי אַרויס? איינצלנע איז געלונגען אַרויסצונעמען מיט דער הילף פון אַ מיליציאַנט, אָדער דורכן דאַך פון אַ שכנותדיק הויז. די פאַרבליבענע טויזנטער אומגליקלעכע זענען געפירט געוואָרן צו די וואַגאָנעס.

מען פירט זיי איבערן מיטן וועג. מיינע אויגן בלאָנדזשען אַרום, איך זוך מיינע עלטערן. דייטשע זעלנער, אין פולער באַוואָפענונג, שלאָגן, יאָגן אַוועק דעם פאַרזאַמלטן עולם, וואָס וויל צום לעצטן מאָל כאַפּן אַ בליק אויף זייערע נאָענטע, אָדער פּרווון זיי מיטגעבן אַ ביסל וואַסער אויפן ווייטן אומבאַקאַנטן וועג.

אָן אַ וואָרט און אָן ווידערשטאַנד ווערן זיי, ווי נישט קיין לעבעדיקע, אַריינגעשטופּט אין די וואַגאָנעס. קינדער פּלאָנטערן זיך נעבן די וואַגאָ־נעס, רופן מיט געוויין זייערע עלטערן. אַ געסטאַפּאָוויעץ קען, ווייזט אויס, נישט פאַרטראָגן דעם האַרצרייסנדיקן געיאָמער פון די קינדער, און דאָס ברענגט אים אַרייַן אין כעס. ער נעמט אַ צוויי־יאָריק מיידעלע ביי די פּיסלעך און גיט זי אַ שליידער מיטן קעפּל אויף די שטיינער.

דאָס קינד ווערט מאָמענטאַל איינגעשטילט. עס האָט זיך שוין מער

נישט געהערט דאָס געוויין. דאָס פּאַרבלוטיקטע קערפּערל האָט דער מערדער אַריינגעוואָרפן אין איבערגעפולטן וואַגאָן.

נישט ווילנדיק האָב איך אויפגעהויבן מיינע אויגן צום הימל, צו די קלאָרע בלויע הימלען. די זון שיינט, אָבער נישט פאַר אונדז. דער טויט איז איצט אונדזער שותף. און כ׳האָב דאַן געטראַכט: ווי ריכטיק האָט זיך ביאַליק אויסגעדריקט: „גאָט האָט אונדז געשענקט אַ צווילינג — אַ שחיטה און אַ פרילינג״.

די וואַגאָנעס זענען שוין אָנגעפולט. נעבן די וואַגאָנעס לויפט אַרום רעניע, חווטשעס אַ פריינדין, אַלס סאַניטאַרין. מיט דעם גמינע־אָפּצייכן אויפן אָרעם, האָט זי געהאַט די מעגלעכקייט פריי צו באַוועגן זיך. זי לויפט לענגאויס די וואַגאָנעס און זוכט... זי קוקט יעדן קינד אין די אויגן און רופט: יאָסעלע! יאָסעלע! — זי זוכט חווטשעס זעקס־יאָריק ייִנגעלע.

פון אַ וואַגאָן דערהערט זיך אַ וויינענדיק שטימעלע. אַ דערפרייטע, שרייט זי צו אים אַריבער: — קום, יאָסעלע, קום צו מיר!

אין קעגנוואָרט פון די רוצחים לויפט זי מיטן קינד ביי דער האַנט און זוכט פאַר אים אַ באַהעלטעניש. אָט האָט זי באַמערקט נישט ווייט פון די וואַגאָנעס אַ בערגל מיט ליידיקע זעק, האָט זי דאָרט אים אַריינגע־שלעפּט.

— זאָלסט ליגן רויִק און נישט רירן זיך פון אָרט, ביז כ׳וועל קומען דיך נעמען — וואָרנט זי אים.

דאָס ייִנגעלע, טוליענדיק זיך צו איר, האָט פאַרשטאַנען די געפאַר. ער איז אַרונטערגעקראָכן אונטער די זעק און געוואַרט. ווען ס׳האָט זיך דערהערט דער פייף פון דער אָפּפאָרנדיקער באַן, האָט זי אים אַרויסגע־נומען פון אונטער די זעק און אָפּגעפירט אַהיים.

עס איז שווער מיט פשוטע ווערטער צו שילדערן דעם מאָמענט, ווען יאָסעלע איז מיט רעניען אַריינגעקומען אין שטוב, ווו זיין מוטער האָט אים שוין באַוויינט. נישט אַיין מאַמע האָט מקנא געווען חווטשען, וואָס האָט צוריקבאַקומען איר קינד. דאָ, אין אָנבליק פון טויט, האָט דאָס „מזל״ צוגעשפּילט אויך אַנדערע.

און אָט האָט געטראָפן, אַז פון לעצטן טראַנספּאָרט זענען הונדערטער

מענטשן באַפרייט געוואָרן. דאָס איז נישט געווען צוליב דער גוטוויליקייט פון די דייטשן, נאָר, פשוט, ווייל די וואַגאָנעס זענען געווען איבערפולט. אויך מיינע עלטערן האָבן זיך געפונען צווישן די „גליקלעכע״.

די, וועלכע זענען באַפרייט געוואָרן, האָבן זיך געפונען אין אַ קרענקלעכן צושטאַנד. זיי האָבן געוויינט, געשריגן, מורא געהאַט פאַר יעדן, וואָס האָט געעפנט די טיר. מאַנכע זענען געווען מעלאַנכאָליש־שטיל און מען האָט זיי געדאַרפט פירן ביי דער האַנט, ווי קינדער.

— האָט איר געהערט, ר׳ זעליג — איז דודציע ווייץ אַהיימגעקומען פון גאַס מיט אַ נייעס — מען שמועסט, אַז די אַלע מיליציאַנטן, וועלכע האָבן גענומען געלט ביי יידן, פאַרן „ראַטעווען״ זיי, וועלן באַשטראָפט ווערן. פריער וועלן זיי מוזן אַלץ אָפּגעבן, און דאַן וועלן זיי ערשט פאַרלירן דעם פּאָסטן. מיליציאַנטן וועלן זיי שוין נישט זיין. די גמינע וועט זיך מיט זיי אָפּרעכענען. נאָר די געלט־געבער וועלן דאָס מוזן אויפווייזן, וועמען און וואָס זיי האָבן געגעבן. אָבער ווער וועט דאָס וועלן טאָן? — רעדט ער ווייטער — די, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט מיט דער הילף פון מיליציאַנט, וועלן שווייגן. זיי זענען גליקלעך, אַז זיי זענען אַרויס פון דער קליאַטקע. אַזעלכע, וואָס האָבן גוט באַצאָלט און זייערע קרובים זענען סיי ווי געוואָרן אַוועקגעשיקט, וועלן אויך שווייגן: זיי וועלן נישט דערציילן וועגן אַזעלכע גרויסע סומעס. נאָר זיכער וועלן זיך געפינען געוויס אַזעלכע, וואָס וועלן זיין דרייסט און מעלדן אין דער גמינע, אַז מען האָט זיי אָפּגענאַרט.

די גמינע האָט דורכגעפירט אַ שטרענגע אויספאָרשונג און באַשטראָפט די שולדיקע מיליציאַנטן, וועלכע האָבן געוואָלט רייך ווערן אויפן חשבון פון אייגענע אומגליקלעכע ברידער. זיי זענען געוואָרן רעדוצירט פון דער ארבעט און אויף זייער אָרט זענען אָנגעקומען אַנדערע.

אין איינעם אַ פרייטיק צו נאַכט, נאָך ליכט־בענטשן, באַמערק איך אין טויער פונעם הויז פרעמדע מענטשן.

— פון וואַנען קומט איר אַהער אין דער איצטיקער שעה? — פרעג איך זיי.

— מיר קומען פון כזשאַנאָוו, אַנטלאָפענע פון די וואַגאָנעס — באַקום איך אַן ענטפער. — מיר זענען אַנטלאָפן פון דער אויסזידלונג, וואָס דויערט שוין אין כזשאַנאָוו פיר טעג.

— האָט איר עמעצן דאָ?

— קיינעם נישט! — געזען אַ יידיש הויז, זענען מיר אַריין.

דערהערנדיק די ווערטער, ווענד איך זיך צום סטרוזש, וועלכער האָט געוואָרט, אַז די פרעמדע זאָלן פאַרלאָזן דאָס הויז, ווייל עס האָט זיך שוין דערנענטערט די נאַכט־„שפּערע" און ער דאַרף שליסן דאָס טויער.

— מאַך אַ שווייג, מיכאל — בעט איך זיך ביים סטרוזש, וועלכער האָט נאָך אַלץ געוואָרטשעט. — דו וועסט באַקומען געלט אויף בראָנפן און זאָלן זיי איבערנעכטיקן די נאַכט און מאָרגן פרי וועלן מיר זען.

דערהערנדיק בראָנפן, איז ער געוואָרן ווייכער, באַלעקט די ליפּן, ווי ער וואָלט שוין געפילט דעם טעם פון דער משקה. ער האָט מסכים געווען זיי זאָלן בלייבן נעכטיקן אין טויער. צוויי בחורים האָב איך מיטגענומען צו זיך אין שטוב.

שבת פרי זענען עטלעכע אַריינגעקומען און נישט דרייסט געבעטן אַ וואַרעם גלאָז טיי.

צום מיטאָג זענען שוין געווען מיט אונדז זעקס פּערזאָן און זונטיק פרי האָט זיך די צאָל פאַרגרעסערט אויף דרייצן, אין דעם — אַ קליין מיידעלע.

אַלע זענען דערשלאָגן, אַן אַ דאַך איבערן קאָפּ און אַן דאָס מינדעסטע צום לעבן.

ביי די טויערן פון דער גמינע הענגט אַ מעלדונג, וואָס וואָרנט: „פאַר אויסבאַהאַלטן אַ פרעמדן מענטשן דראָט טויט־שטראָף!"

ריזיקירנדיק מיטן אייגענעם לעבן, האָבן מיר באַשלאָסן צו טיילן זיך מיט די פרעמדע מיטן לעצטן ביסן. זיי האָבן זיך אויפגעהאַלטן ביי אונדז אין שטוב. זאָלן דאָ דערמאָנט ווערן זייערע נעמען: מאַנדשיין מיט זיינע צוויי זין טולעק און מענדעק און זיין טאָכטער אסתר. פרוי באַרבער מיט איר מיידעלע, איטקע שפּאַנגעלעט, אברהם שאַצקער, שמואל ראָזענצווייג, חיים זאַגורסקי, יעקל פישזאָן, שאָפּס ענגלענדער און נאָך אַנדערע.

— וואָס טוט איר ? — ווענדעט זיך צו מיר אַ שכנה — איר שטעלט דאָך אין סכנה אייער גאַנצע פאַמיליע ! ווייסט איר דען נישט, אַז מען טאָר נישט האַלטן ביי זיך קיין פרעמדן ? פון אירע ווערטער האָב איך אַ ציטער געטאָן.

— אָ, איך ווייס — האָב איך דרייסט און זיכער געענטפערט — אָבער איך וויל פון דעם נישט וויסן.

— איר זענט נישט גערעכט — זאָגט ווייטער מיין שכנה — דאָס איז אַן איינשטעלעניש, אַ סכנה.

— יאָ, אַ גרויסע סכנה, אָבער סיי ווי זענען מיר אין אַ סכנה. אויב ס׳וועט נישט קומען קיין הילף פון ערגעץ, זענען מיר אַלע פאַרלוירן...

לאַנג האָב איך נאָכגעטראַכט וועגן דעם און פאַרט נישט געקענט פאַר זיי פאַרשליסן מיין שטוב, ווי עס האָבן דאָס אַ סך אַנדערע געטאָן. צוזאַמען מיט זעליגן און מיט די קינדער האָבן מיר באַשלאָסן אָנגרייטן די שטריק און אויב ס׳וועט דראָען אַ געפאַר, וועלן מיר שפּרינגען אַראָפּ, אין קליינעם הייפל, וואָס איז פאַרשטעלט פון אַלע פיר זייטן מיט הויכע מויערן — אַ ליידיקער, פאַרבאַרגענער חלל. — ניין, מירן זיי נישט טרייבן פון אונדזער שוועל. אין אונדזער הויז וועלן זיי געפינען זייער היים. מיר האָבן זיי אַלע, קעגן דער געפאַר, אַריינגענומען, אויפגעהויבן זיי פון דערנידער־ריקונג, געהאָלפן אין זייער גרעסטער פאַרצווייפלונג. די מענטשלעכע פליכט מוז זיין שטאַרקער פון דייטשן רוצחישן געזעץ ! און ווי צו באַפעס־טיקן דעם דאָזיקן אייזערנעם באַשלוס, האָב איך געעפנט די שאַנק און צו זיי געזאָגט : דאָ האָט איר וועש און מלבושים, זאָל יעדער נעמען וואָס ער דאַרף.

אסתר און איטקע, די צוויי יינגערע מיידלעך, פירן אָן מיט דער שטוב, קאָכן מיטאָג פאַר אַלע. פון דעם בעטגעוואַנט, מאַטראַצן און מאַנטלען מאַכן מיר געלעגערס פאַר יעדן און אַזוי זענען מיר איבערגעשלאָפן די ערשטע נאַכט.

אין איינעם אַ פרימאָרגן דערטראָגט זיך אַ טומל פון הויף. עמעצער שרייט : משוגעים ! ווער וואַרפט דאָס שטיינער אויף אַ דייטשן זעלנער !

דורך די פענצטער זעען מיר : אַ צעווילדעוועטער שופּאָק לויפט אַרום

איבערן הויף און שיסט אין דער לופטן, ער צילט אין די פענצטער און שרייט:

— פאַרפלוכטע הונדע! ווער האָט די שטיינער געשמיסן? איר וועט פאַר דעם טייער באַצאָלן?

אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז פרוי באַרבערס אַכט־יאָריק מיידעלע האָט זיך אַרויפבאַקומען אויפן בוידעם און פון דאָרט אַראָפּגעוואָרפן שטיינער.

עס איז געוואָרן אַ בהלה. אַלע זענען אַנטלאָפן פון הויז. יעדער זוכט, ווו צו באַהאַלטן זיך. מיר זענען אַריין אין דער חורבה פון אַן איינגעפאַלן הויז און אין פּאַנישער שרעק איבערגעלעבט דאָרט דעם טאָג און אַ לאַנגע שווערע נאַכט. אַז די בהלה האָט זיך איינגעשטילט, זענען אַלע צוריקגעקומען.

דער ערשטער פון די כזשאַנאָווער איז אַוועק פון אונדז טולעק, אַ יונגער שלאַנקער בחור פון אַ יאָר צוואַנציק. אַ דאַנק זיין נישט־יידישן אויסזען האָט ער געקענט זיך פריי באַוועגן אין די קריסטלעכע גאַסן. אַנגעטאָן ווי איינער פון דער היטלער־יוגנט, איז ער געפאָרן מיט דער באַן איבער אויבערשלעזיען קיין קאַטאָוויץ, גליוויץ, און נאָך ווייטער, געזוכט צו פאַרדינען אויפן לעבן. נאָר לאַנג האָט דאָס נישט אָנגעהאַלטן, טולעק איז אין איינעם אַ טאָג אַוועק און מער נישט אַהיימגעקומען. ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דערוווסט, איז ער אין מיטן גאַס אין קאַטאָוויץ דערשאָסן געוואָרן.

דער צווייטער איז אַוועק זיין פאָטער. מען האָט אים צוגענומען פון דער גאַס און אַוועקגעשיקט אין לאַגער. נאָך עטלעכע זענען שפּעטער געכאַפּט געוואָרן ביי פאַרשידענע אָבלאַוועס און אַקציעס. נאָר איינציקע פון די כזשאַנאָווער זענען פאַרבליבן און צוזאַמען מיט אונדז איבערגעזידלט געוואָרן אין געטאָ.

# געטאָ שראָדולע

אויף די ווענט פון דער גמינע האָבן זיך באַוויזן פּלאַקאַטן מיט פאָלגנ־דיקן אינהאַלט:

„אַלע יידן דאַרפן זיך רעגיסטרירן, כדי צו באַקומען אַ דירה אין געטאָ שראָדולע. יעדער איינער דאַרף זיין גרייט מיט זיינע זאַכן אַריבער־צוציען זיך. נאָך דעם טערמין טאָר קיין שום ייד נישט געפינען זיך אין שטאָט".

אַלע איילן זיך, וואָס פריער זיך צו רעגיסטרירן, כדי צו באַקומען אַ בעסערע דירה אין געטאָ.

די גזירה צו פאַרלאָזן די שטאָט אין ווינטער האָט ביטער געטראָפן די יידישע באַפעלקערונג. צווישן די איינוווינער געפינען זיך אַ סך קראַנקע, וואָס קורירן זיך מיט היימישע מיטלען. קיין דאָקטאָר רופט מען נישט, צוליב דער מורא פון אָוועקשיקן. קראַנקע ווערן דאָך צוגענומען און אָוועק־געשיקט.

פון אַלע הייזער האָבן זיך געטראָגן קרעכצן, געוויינען, ווו זאָל מען זיך אַהינטאָן מיט קראַנקע און קליינע קינדער, אין אַזעלכע קעלטן? דאָס קליינע דערפל מיט די עטלעכע צענדליק הייזלעך וועט דען קאָנען אַריינ־נעמען די גאַנצע שטאָט יידן? עס איז פאַרויסצוזען די קאַטאַסטראָפאַלע לאַגע, וואָס עס דערוואַרט דער יידישער באַפעלקערונג.

גלייך נאָך דעם ווי דער אויפרוף איז דערשינען, האָט זיך אָנגעהויבן די איבערזידלונג פון שטאָט אין געטאָ. געווען איז ענדע נאָוועמבער 1942.

דאָס איבערפירן איז צוגעגאַנגען לויט קאַטעגאָריעס: א' און ב'. די

וועלכע האָבן ביי דער רעגיסטראַציע באַקומען דעם אות א׳ זענען איבער־געשיקט געוואָרן קיין שראַדולע. די, ווידער, וועלכע האָבן באַקומען דעם אות ב׳ זענען אַוועק אויף אַלט־סאָסנאָוויץ.

מיר האָבן באַשלאָסן צו וואַרטן און זיין פון די לעצטע. נישט אַזוי לייכט געווען זיך צו שיידן מיט דער היים. די צייט וואַרט אָבער נישט און דאָס אומפאַרמיידלעכע האָט זיך דערנענטערט. פאַרצווייפלטע, פול מיט יאוש, האָט מען זיך אָנגעהויבן פּאַקן. אָבער וואָס טוט מען מיט די אַלע זאַכן?

פאַר צוויי־דריי משפחות איז צוגעטיילט געוואָרן אַ קליין צימער. קיין שום זאַך טאָר מען נישט פאַרקויפן. איבערלאָזן אַלץ? נעמען אַ פּעקל אויף די פּלייצעס און גיין? ניין! — בונטעוועט זיך אין אונדז — די גאַנצע האָרעוואַניע פון יאָרן איבערלאָזן פאַר די גוים? זיי, די פּויערים פון שראַדולע וועלן פאַרנעמען די יידישע דירות מיטן האָב און גוטס, זיי וועלן זיך דאָ באַזעצן און ווערן אונדזערע יורשים? ניין! מיר וועלן אַלץ מיטנעמען!

מיט שווערער מי איז געלונגען זעליגן, פאַר אַ הויכן פּרייז, צו קריגן אַ ראָל־וואָגן ביי אַ קריסט. זיין ווייב, וואָס איז מיט אים מיטגעקומען, איינגעהילט אין אַ גראָבן טוך, נעמט גלייך צו דעם טיש־סערוויז און צוויי קרישטאָלענע וואַזעס, באַמערקנדיק דערביי מיט אַ פרומער מינע:

— איר דאַרפט דאָך מער נישט האָבן אַזעלכע זאַכן...

מיר זענען אַזוי דערדריקט און צעבראָכן, אַז מיר זענען אַפילו נישט אימשטאַנד צו רעאַגירן און אָפּענטפערן.

מיר זענען פאַרנומען מיט פּאַקן זעק, קאַסטנס, קוישן. די שטוב קוקט אויס ווי נאָך אַ שריפה. די שענסטע זאַכן, מיט וועלכע מיר האָבן זיך יאָרן געצאַצקעט, וועלכע האָבן באַצירט אונדזער היים, זענען איצט אין גאַנצן איבעריק. מיט יעדער זאַך, וואָס ווערט פאַרפּאַקט, ווערט איינגע־פּאַקט אַ שטיק האַרץ, אַ שטיק פון דער נשמה. די שבת־לייכטער, די בעכערלעך, אַנטיקן, וואָס דערציילן וועגן דורותדיקן יידישן לעבן זענען

צעוואָרפן און וואַלגערן זיך ווי אומנייטיקע חפצים. מען טרעט אויף זיי מיט די פיס.

ווו וועלן מיר דאָס אַלץ אַהינטאָן? מיר האָבן בכלל נישט וווהין צו גיין. דער וווינונגס־אַמט איז געשלאָסן. ס'איז נישטאָ מער קיין דירות.

גויים מיט זעקלעך אויף די פּלייצעס דרייען זיך הייטערע אַרום די הייזער. די טירן שטייען אָפן. מען דאַרף מער נישט קלינגען אָדער קלאַפּן. זיי זענען אָנגעקומען פון די אַרומיקע שטעטלעך און דערפער, באַפּאַלן, ווי רויב־פייגל, די יידישע הייזער. זיי האָבן זיך דערוואַרט. פאַר גראָשנס וועלן זיי אָפּקויפן יידיש האָב און גוטס. די מערסטע פון זיי ווילן אָפילו די נישטיקע גראָשנס אויך נישט באַצאָלן. זיי ראַבירן פון אונטער די הענט און שלעפּן אַוועק פולע זעק מיט יידישער האָרעוואַניע.

מיר האָבן שוין אויפגעהערט צו היטן. זאָלן זיי נעמען. אַ מין פאַר־שטיינערטע גלייכגילטיקייט באַהערשט אונדז. אָט זע איך ווי די פּאַלטינע, אַ פּאָלקס־דויטשקע, וואָס האָט צוגענומען סאַפּירשטיינס וווּרשטן־פאַבריק, שאַרט צונויף מיט אירע גראָבע לאַפּעס פאַרשידענע ווערטפולע שטוב־זאַכן.

— איך וויל קויפן דעם זשיראַנדאָל — זאָגט זי מיט אַן איראָנישן שמייכל. — דער ליגאַלעום פון אונטערן טיש געפעלט מיר — זאָגט זי, אַ שפרונג טוענדיק צום אייז־קאַסטן. זי שטרעקט אויס די הענט צו אַ קרישטאָלענעם סערוויז, און פאַר דעם אַלעם באַצאָלט זי מיט... אַ וווּרשט און אַ קילאָ טריפה פלייש. ביים אַוועקגיין נעמט זי נאָך מיט אַנדערע „דראַבנע" זאַכן. — דאָס וועט זיין אַ צולאָג — זאָגט זי מיטן זעלבן גיפ־טיקן שמייכל. — איר דאַרפט דאָך ממילא נישט מער אַזעלכע זאַכן. אין געטאָ וועט איר לאַנג נישט בלייבן. פון דאָרטן וועט מען אייך שיקן ווייטער, — „טרייסט" זי מיך און פינטלט אונטער מיטן אויג...

אָט אַזוי זענען אין געציילטע טעג ליקווידירט געוואָרן די יידישע היימען, די איינגעפונדעוועטע, דורותדיקע יידישע היימען.

ווען דאָס מעבל איז שוין געלעגן אויף דער פּלאַטפאָרמע גרייט צום פאָרן, באַווייזט זיך ווידער אַ גויע.

— גיב מיר... — זאָגט זי. און איידער איך האָב צייט מיך אַרומצו־

קוקן, שלעפט זי אַראָפּ פון וואָגן אַ האַלבן שפּיגל פון מיין געוועזענעם שלאָפצימער און גייט זיך רו׳יק אַוועק.

פון מיין וווינונג פאָרן מיר צום הויז פון מיינע עלטערן. זיי, די באַזי־צער פון גרינע בילעטן, האָבן נישט קיין רעכט צו וווינען אין געטאָ. פאַר זיי איז באַשטימט דער באַזונדערער קוואַרטאַל אויף אַלט־סאָסנאָוויץ. און די, וועלכע זענען אַהין געשיקט געוואָרן, האָבן זיך געוואַלגערט אונטערן פרייען הימל. די קאַטעגאָריע האָט מקנא געווען די, וועלכע האָבן זוכה געווען אַריינצוקומען אין געטאָ שראָדולע. האָבנדיק דעם אָרדער אַריינצו־קומען אין געטאָ, האָבן מיר באַשלאָסן מיטצונעמען מיט זיך די עלטערן, הגם זיי וועלן פאַררעכנט ווערן פאַר אומלעגאַלע. פון זייער גרויסער דירה נעמען מיר נאָר אַרויס פּעקלעך וועש און מלבושים. דער טאַטע, אָנגעטאָן אין וואַרעמען ווינטער־פּאַלטאָ, גייט הין און צוריק פון טרעפּנהויז אין שטוב אַריין, ווי דערמאָנענדיק זיך אין עפּעס. ער גייט צו צו דער אייזערנער קאַסע, שליסט אויף די געפּאַנצערטע שווערע טיר און נעמט אַרויס אַ גרוי לייוונטן זעקעלע מיט אַלטע מטבעות, אַנטיקן פון פאַר־שידענע לענדער און צייטן. ער טרייסלט דאָס אויף און מיט אַ רעזיגנירטן בליק שטעלט ער דאָס אַוועק אין ווינקל פון דער אָפענער קאַסע, דער־ווייטערנדיק זיך דערפון.

די מאַמע גייט פון איין צימער אין צווייטן. זי איז דערשלאָגן. טרויע־ריק. אין סאַלאָן־צימער בלייבט זי שטיין, באַטראַכטנדיק צום לעצטן מאָל דאָס רויטע פּליושענע מעבל. זי הייבט אויף איר פּנים צום קרישטאָלענעם הענג־לאָמפּ און טרערן באַווייזן זיך אין אירע אויגן.

— וווהין זאָל איך גיין? — פרעגט זי מיט אַ געבראָכענער שטימע — און וואָס וועט ווייטער זיין?

אין ווינקל פון עסצימער קלינגט אויס דער לאַנגער שטייזייגער די צענטע שעה. מיט וואַקלדיקע, לאַנגזאַמע טריט פאַרלאָזט די מאַמע די שטוב. ביי דער שוועל פאַרהאַלט זי זיך, הייבט אויף אירע צאַרטע ווייסע הענט און קושט די מזוזה.

דער וואָגן פאַרקירעוועט צו מיין שוועסטער חוטשע. אויך דאָרט לאָדן מיר אויף עטלעכע פּעקלעך. דערזעענדיק אונדז אָנקומען, האָבן די קינ־

דער, יאָסעלע און בערעלע, שטאַרק געפּרייט זיך. זיי האָבן געפּאַטשט מיט די הענטלעך ווי אין דערוואַרטונג פון אַ פּריידיק געשעעניש.

— מאַמע, דאָרט וווּהין מיר פאָרן, וועלן מיר טרעפן דעם טאַטן? — פרעגן זיי.

זייער פאָטער, שלמה פירסטענבערג, איז אומגעקומען ביי די דייטשן אין עלטער פון דרייסיק יאָר.

— ניין, קינדערלעך, דעם טאַטן קאָנען מיר מער נישט זען, — רופט זי זיך אָן מיט טרערן אין די אויגן, — די דייטשן האָבן אים אַוועקגעשיקט וויט, וויט, דאָרט אין די הויכע הימלען, ווו עס איז פאַראַן אַן אַנדערע, אַ בעסערע וועלט...

די פּלאַטפאָרם איז גרייט צום פאָרן. מיר זעצן זיך אַרויף אויף די זאַכן, דער וואָגן רירט פון אָרט, זעליג גייט נאָך צו פוס, מיט לאַנגזאַמע טריט, מיר פאָרן צום געטאָ. דער שניי־ווייסער וועג איז באַלייגט מיט טויזנטער יידן, פוסגייער. געוואַלדן און געשרייען פון צעטומלטן עולם. יעדער שלעפּט עפּעס אויף זיינע געבויגענע פּלייצעס. איינער — אַ זעקל, אַ צווייטער — אַ צעריסענע וואַליזע, אַ פּעקל בעטגעוואַנט, ווו ס׳ליגט איינגעוויקלט אַ קינד. איינער פירט אַן אַלטע מאַמע ביי דער האַנט. ס׳איז דער לעצטער טערמין. אַלע מוזן היינט פאַרלאָזן די שטאָט און אַריבערגיין אין געטאָ. אין גרויס איילעניש האָבן מענער זיך איינגעשפּאַנט אין האַנט־וועגעלעך, געשלעפּט פּעקלעך בעטגעוואַנט און וועש צוזאַמען מיט דער־שראָקענע וויינענדיקע קינדער. פרויען, וואָס זייערע מענער זענען שוין פון לאַנג אין די דייטשע לאַגערן און מאַטערן זיך אין נויט און אין הונגער, טראָגן אויף זיך קליינע און קראַנקע קינדער מיט היץ, אַרויסגענומען פון די בעטן.

די געוויינען און געשרייען האָבן זיך געהערט זייער וויט. גויים זענען אַרויס פון זייערע הייזער און שמייכלען און זשעסטיקולירן מיט די הענט — „זשידי" — שרייען זיי נאָך, סאַמע זשידי... דערלעבט אַ נקמה, אַך וואָס פאַר אַ נקמה.

— וווּהין פאָרן מיר? — פרעגט די מאַמע — וואָס וועט ווייטער זיין מיט אונדז?

דער וואָגן סקריפּעט און קרעכצט איבער דעם טרוקענעם פּראָסטיקן שניי. ווי אויף צו להכעיס, איז די זון אַרויס, ווי זי וואָלט זיך געררייצט מיט אונדז, געלויכטן און געוואַרעמט. און אין אונדזערע הערצער איז אַזוי פינצטער, אַזוי ביטער.

דער לאַסט־וואָגן בלייבט שטיין. די פערד סאָפּען שווער. זיי קענען ווייטער נישט גיין. אַ געדיכטע פּאַרע זעצט פון זייערע רוקנס. מיט גרויס מי זענען מיר קוים אַרויף אויפן בערגל, וואָס הייסט שראַדולע.

ביים ראַנד פונעם וועג, אויף אַ ליידיקן ליימיקן פעלד בלייבט ליגן פאַריתומט אַ האַלבער קרעדענס, וועלכער איז אַרונטערגעפאַלן פונעם וואָגן. ער זעט אויס ווי אַן איינזאַמע מצבה אין אַ וויסטן אָרט. מיר לאָזן איבער דעם קרעדענס און פאָרן ווייטער. ווידער איז דער וואָגן אַריין אין אַ טיפער גרוב. מיר האָבן קוים זיך אַרויסגעקראָגן פון דאָרטן, און דער לאַסט־וואָגן בלייבט שטיין.

מיטן אויג קאָן מען אַרומנעמען דעם גאַנצן שטח. קליינע אָפּגעריסענע הייזלעך זענען צעוואָרפן איבער די שמאָלע געסלעך. די זון האָט אויפ־געטייעט דעם שניי און פון אונטער דעם ווייסן צודעק באַווייזן זיך שוין גרויסע שוואַרצע בלאָטע־פלעקן.

ביי דער זייט שטייען עטלעכע קליינע הייזלעך, אַרום זיי קלעפּן זיך הונדערטער מענטשן. וואָס איז אַזאַ געלויף? — פרעגן מיר. דאָס איז די יידישע גמינע, — באַקומען מיר אַן ענטפער. אויף דער אַנדערער זייט פונעם וועג, אויפן ליימיקן פעלד, ליגן צונויפגעוואָרפן בערג מיט זאַכן. שטיקער מעבל, קוישן, קאַסטנס און פעקלעך, אַרום וועלכע עס זיצן פרויען, מענער און קינדער. דאָ ווערן אַראָפּגעוואָרפן אויך אונדזערע זאַכן.

ווען און ווו באַקומט מען דאָ אַ וווינונג?

אָבער יעדער ציט מיט די פּלייצעס, קיינער ענטפערט נישט. ס'הייבן זיך פאַר אונדז אָן שווערע טעג. ס'פאַלט צו די נאַכט. אַ פּראָסטיקע נאַכט אונטערן פרייען הימל.

די 10 זעק מיט ספרים, וואָס זעליק האָט אַזוי זאָרגפעליק פאַרפּאַקט און מיטגעבראַכט, וואַלגערן זיך אין דער בלאָטע. מיר וואַרפן אַ טרויעריקן בליק אויף די גרויסע גמראת און ווילנער ש״ס און אינסטינקטיוו הייבן

זיך די אויגן צום הימל: „גאָטעניו! ווי קאָנסטו דאָס צוזען? וואָס האָסטו געמאַכט פון אונדז? יידישע קינדער וואַלגערן זיך אין די גאַסן, אין דער בלאָטע, געיאָגט און געטריבן ווי קרעציקע הינט. פאַר וואָס? ווער קאָן מיר דעם ענטפער געבן?

מיין ברודער יאַנקל האָט ענדלעך באַקומען אַ „דירה", אַ שטיבל מיט אַ קיכל, צוזאַמען מיט נאָך אַ פאַמיליע. די שותּפטע צו דער דירה וויל אונדז נישט אַריינלאָזן. דאָס קיכל שטייט אָפן און ליידיק, מיט אַ צעבראָכן טירל. האָבן מיר זיך ממש אַריינגעריסן. פון די ווענט טריפט אַ פייכטקייט, צונויפגעמישט מיט אַ ווייסן שימל. עטלעכע פעקלעך האָבן מיר דאָ אַריינגעטראָגן און אַוועקגעלייגט ביי דער וואַנט. מיט צוויי שופלאָדן פון דער שאַנק מאַך איך אַ פייער אין ליימיקן אייוועלע, כדי זיך צו דערוואַרעמען. זינט עטלעכע טעג טרינקען מיר דאָס ערשטע ביסל וואַרעמע וואַסער.

ס'איז ווידער נאַכט. האַלושע איז אין שאָפּ ביי דער נאַכט-שיכט. יאָסעלע ליגט באַהאַלטן אונטער די פעקלעך נעבן דער נאַסער וואַנט. ער געפינט זיך אויף דער רשימה אַוועקגעשיקט צו ווערן אין לאַגער. זעליג איז באַהאַלטן אויפן בוידעם, דער טאַטע איז אַוועק נעכטיקן ביי באַקאַנטע. איך מיט דער מאַמען זיצן אָנגעלענט אויפן קאַסטן און אַזוי קלייבן מיר זיך פאַרברענגען די נאַכט.

ס'איז אַ שטילע פינצטערע נאַכט, דורך די שויבן זעט מען נאָר דעם שוואַרצן פאַרמאַכטן געטאָ-הימל. אַ טייל פון די געטאָ-איינוווינער זענען אַוועק אין שטאָט צו דער נאַכט-שיכט. אַ טייל זענען געקומען פון דער אַרבעט און דאַרפן איצט רוען.

אין פאָדער-הייזל זיצן איינגעטוליעט ביי דער וואַנט, ווי צוויי שאָטנס, די פרוי שטיין מיט איר מוטער. זיי האָבן זיך דאָ אַריינגעריסן, פאַרכאַפּט אַן אָרט נעבן דער גרינער לייטער, וואָס פירט צום בוידעם.

פּלוצלונג דערהערט זיך אַ טומל, וואָס רייסט איבער די אָנגעלאָדענע שטילקייט. מיליץ לויפט. עס קלאַפּן זייערע שטיוול. יעדער קלאַפּ מאַכט אַ לאָך אין די הערצער. נישט קיין קלענערן רושם מאַכן די יאושדיקע קולות פון די כזשאַנאָווער יינגלעך, שאַצקער און ראָזנצווייג, וועלכע ליגן באַהאַלטן אין קעלער. — מיר ווערן געפּרווירן — שרייען זיי — מיר

קאָנען נישט אויסהאַלטן די קעלט. אָבער מיט וואָס קאָנען מיר זיי העלפן? אויך די „אויבערשטע" דירה איז ווי אַ פינצטערער גרוב. אונדזערע גלידער זענען פאַרשטייפט פון קעלט. און די נערוון זענען קאָנצענטרירט צו דעם, וואָס קומט פאָר אין דרויסן.

ס׳דערנענטערן זיך שווערע טריט. דאָס דאָרפישע פּאַדערהייזל גיט זיך אַ טרייסל, ווי צום איינפאַלן. די טיר האָט זיך אויפגעריסן, פאַר די אויגן לייכט אויף דאָס ליכט פון אַ טאַשנלאָמפּ.

— אַרויס מיט די „קען־קאַרטן" — דערהערט זיך אַ באַפעל.

ציטערנדיק פון שרעק און קעלט, ווייזט די פרוי שטיין איר בלויע קאַרטע. איר מוטער דערקלערט מיט אַ געבראָכענער שטימע: כ׳האָב פאַרלוירן די קאַרטע".

— קום מיט, — דערהערט זיך אַ געשריי.

— וואַרט אויס — האָט די טאָכטער זיך אויפגעכאַפּט ווי פון אַ בייזן חלום. — כ׳וועל זוכן. — זי האָט אָבער די קאַרטע פון איר מוטער נישט געקענט ווייזן, מחמת זי האָט געהאַט אַ גרינע קאַרטע, די ערשטע צום אויסזידלען. באַלד איז זי אַריין אין קיכל און אָנגעהויבן שרייען: „ווו איז מיין מאַמעס בלויע קאַרטע?" גלייך ווי מיר וואָלטן דאָס געוווּסט. זי לויפט אַרום און שרייט ווילד: „כ׳וועל נישט געבן די מאַמע, ניין! נעמט מיך!"

ס׳קומט פאָר אַ פאַרביסענער געראַנגל פון צוויי שוצלאָזע פרויען מיט דער מיליץ, און שוין פירן זיי די עלטערע פרוי. די טאָכטער איז נאָכגעלאָפן מיט אַ געיאָמער, וואָס האָט זיך אָפּגעשלאָגן אין דער פינצטערער נאַכט, ווי אַן עכאָ.

— האַלט! — האָבן זיי אויפגעהויבן זייערע שטעקנס — ווייטער גייסטו נישט, ס׳איז נאַכט־שפּערע... — — —

— יאָסעלע?

— יאָ, מאַמע, כ׳האָב אַלצדינג געהערט. — ענטפערט ער מיר.

פאַרן גמינע־הויז האָבן זיך נאָך דער נאַכט־אַקציע פאַרזאַמלט הונדערטער מענטשן, ביי וועמען ס׳זענען צוגענומען געוואָרן טאַטעס, מאַמעס. אין אַן אויפגערעגטער שטימונג וואַרטן אַלע אויפן אָנקומען פון די גמינע־

באַמטע, ווי אויפֿן יידישן אויסלייזער... פּונקט אַכט אַ זייגער זענען אָנגעקומען די גמינע־לייט.

נישט אומקוקנדיק זיך אויף קיינעם פֿון פֿאַרזאַמלטן עולם, זענען זיי גלייך אַריין אינעווייניק.

— מיין מאַמע! מיין טאַטע צוגענומען! — לויפֿט מען זיי נאָך מיט אַ געוויין.

— אייער מאַמע איז שוין באַפֿרייט! — שרייט עמעץ צו דער פֿרוי שטיין, וועלכע איז אין איילעניש געלאָפֿן צום פֿאַרקראַטעוועטן אַרעסט־פֿענצטער מיט אַ ביסל טיי פֿאַר איר מוטער.

נאָך עטלעכע פֿון די געפֿאַנגענע זענען באַפֿרייט געוואָרן. זיי פֿאַרלאָזן איצט די גמינע און שפּאַנען ווי ניי־געבוירענע איבער די גאַסן פֿון געטאָ.

נאָך פֿאַרהעלטנישמעסיק רויִקע נעכט דערהערט מען ווידער דאָס לויפֿן פֿון מיליץ איבער די הייזער. עס קומט פֿאָר אַן אַקציע אויף מענער. מיר זענען באַהאַלטן אויפֿן בוידעם מיט שטרוי, איבערן שטאַל פֿון די גמינע־פֿערד. צוזאַמען מיט אונדז זענען נאָך צוויי פֿרעמדע יינגלעך. מיר הערן זיך איין אין יעדן שאָרך, וואָס קומט פֿון דרויסן.

אַזוי ווערן מיר יעדע נאַכט פֿון דאָס ניי אויפֿגעשווידערט. נעכט, פֿול מיט פּיין און קאָשמאַרן. נישט האָבנדיק קיין דאַך איבערן קאָפּ, זוכט יעדער ווו איבערצונעכטיקן. מיט שרעק דערוואַרט מען דעם פֿרימאָרגן. ביז מיר טרעפֿן זיך ווידער, גייט שיער די נשמה נישט אַרויס. דער הונגער און די נויט טוען דאָס זייעריקע. קינדער וויינען און בעטן אַ שטיקל ברויט. דערוואַקסענע לויפֿן אַוועק צו דער אַרבעט אָן עסן. זייערע פּנימער זענען געל און אויסגעדאַרט, די מלבושים אַלט און אָפּגעריסן, ס׳איז שוין נישט געבליבן וואָס צו פֿאַרקויפֿן. ברויט איז זייער טייער. ס׳איז געוואָרן אַ הונגער, אַן אָרעמקייט.

נאָך אַ סך מי און לויפֿענישן האָבן מיר ענדלעך באַקומען צוגעטיילט אַ „דירה" — אַ קליין קיכל. אייגנטלעך איז עס אַ קאָרידאָרל. פֿון ביידע זייטן האָבן זיך געפֿונען שטיבלעך, ווו עס זענען איינגעקוואַרטירט געוואָרן משפּחות מיט קינדער. אַלע איינוווינער פֿון דער בשותּפֿותדיקער דירה

מוזן אַדורכגיין דורך דעם קיכל. אין דער דירה קענען מיר זיך נישט אַריינ־ציען, ווייל יאָסעלע ווערט געזוכט. ער געפינט זיך אויף דער רשימה אַוועקגעשיקט צו ווערן אין לאַגער. וווּ זאָלן מיר באַהאַלטן יאָסעלען? איבער די געסלעך פונעם געטאָ, באַרג־אַרויף, באַרג־אַראָפּ, פּאַרזונקען אין באַגנעס און אין בלאָטע, זוך איך אַ באַהעלטעניש פאַר מיין קינד. איך גיי איבער די שמאָלע געסלעך און אין די אויגן וואַרפן זיך מיר די שילד־לעך פון די גאַסן אין געטאָ, וואָס רופט ביי מיר אַרויס אַ שמייכל, בעת איך לייען: „טובן־ציילע״, „קאַצן־ציילע״, „הינער־ציילע״, „ציגן־ציילע״ אאז״וו. די נעמען זענען געשאַפן געוואָרן לויטן באַפעל פון די דייטשן. זיי האָבן דאָס אויסגעפונען די אָריגינעלע נעמען פאַר די געטאָ־גאַסן.

דער טאָג איז פאַרשווונדן, ווי אַ שווערער שטיין איז צוגעפאַלן די נאַכט. מיליץ לויפט און זוכט קרבנות. אַלץ קומט פאַר ביינאַכט. די נאַכט איז אונדזער גרעסטער שונא. שוין אַ ריי נעכט, ווי יאָסעלע באַהאַלט זיך אין אַ סטאָדאָלע, ווייט פון געטאָ. ער גראָבט זיך איין אין שטרוי און אין שרעק וואַרט ער איבער די נאַכט.

יעדן פאַרנאַכט לויפן מאַמעס, טאַטעס איבער די געסלעך פון געטאָ, זוכן אַ באַהעלטעניש פאַר זייערע קינדער. די אויגן וואַרפן זיך ווילד, און אין מוח טויכן אויף פאַרשידענע נייע געדאַנקען: אפשר דאָ? אפשר דאָרט? איינער היט זיך פאַר דעם צווייטן ביים געפינען אַ באַהעלטעניש, אַ צווייטער זאָל נישט וויסן, נישט פאַרראַטן, חלילה. ס׳איז שפּעט. די זון האָט זיך שוין געזעצט. זיי זוכן, ווי זיי וואָלטן עפּעס פאַרלוירן... אַ פּאָס אונטערן בוים, אַ ליידיקע פּאָס פון קאַלך, קיינעם וועט נישט איינפאַלן, אַז דאָ איז עמעץ באַהאַלטן. יאָ! דאָס וועט זיין גוט. די געדיכטע צווייגן פונעם בוים וועלן פאַרשטעלן.

מ׳רעדט וועגן אַ קינדער־אַקציע... מאַמעס האָבן געכאַפּט זייערע קינדער אין די אָרעמס, געלאָפן און נישט געוווּסט, וווּ מיט זיי צו אַנט־לויפן! לויפן אויפן דאַך, אויפן בוידעם אָדער אין קעלער? ווער ווייסט דען, וווּ ס׳איז בעסער? אַנדערע מאַמעס זענען אין ציטערניש אַוועק צו דער אַרבעט מיט דער הייסער תפילה אויף זייערע ליפּן: קינד מיינס, ווען כ׳וועל קומען, זאָל איך דיך נאָך טרעפן...

און די איינגעפאַלענע, אויסגעדאַרטע קינדער האָבן מיט אַ מאָל באַקומען דעם אָנבליק פון דערוואַקסענע. זאָל זיין, אַז די געלע לאַטע, וואָס אויך זיי טראָגן, האָט עס געמאַכט?

אַ געהיימע ראַדיאָ־ידיעה גיט איבער היטלערס אַ רעדע: „מיר מוזן זיגן — שרייט ער — און מיר וועלן זיגן. דער פרילינג וועט ברענגען דעם ענדגילטיקן זיג. דעם בלוטיקן שונא, די יידן, וועלן מיר אויסראָטן ביזן לעצטן!"

די בשורה האָט אויף ס'ניי צעבראָכן און אויפגעטרייסלט דעם געטאָ. נידערגעשלאָגענע, גייען אַרום די יידן ווי נישט קיין לעבעדיקע. אַפילו די אָפּטימיסטן, וועלכע האָבן ביז איצט תמיד געבראַכט גוטע נייעס, און געגלייבט, אַז ס'דערנענטערט זיך די דייטשע מפלה, האָבן אויך איצט אַראָפּגעלאָזט די קעפּ, ווי פאַרשעמטע, און אויפגעהערט טראַכטן וועגן אַ בעסערן מאָרגן.

*

די דירה, וואָס מיר האָבן באַקומען צוגעטיילט, שטייט נאָך אַ ליידיקע, מיר קענען זיך נאָך אַלץ נישט אַריינציען. יעדע נאַכט זוכן מיר ערגעץ ווו אַן אָרט איבערצונעכטיקן אָדער פשוט איבערצוזיצן. וועלן מיר דאַרטן זיין, קאָנען זיי אויסגעפינען יאָסעלען.

ווייזט אויס, אַז בלויז די זאָרג וועגן יאָסעלען איז נאָך נישט גענוג, איז צוגעקומען אַ פרישער קלאַפּ: דער שאַפּ, ווו האַלושע אַרבעט, איז באַפּאַלן געוואָרן און האַלושע איז נישט געקומען אַהיים פון דער נאַכט־שיכט. איז דאָך נישט אַנדערש, נאָר מען האָט זי צוגענומען.

דערציטערט פון דער נייעס, האָב איך זיך אַריינגעשמוגלט אין שטאָט, כדי זיך עפּעס צו דערוויסן. אויפן וועג דערהער איך אַ נייע „בשורה": דער ערשטער טראַמוויי פאַרטאָג, וואָס גייט קיין קאַטאָוויץ, ווו עס האָט זיך געפונען יאָסעלע צוזאַמען מיט נאָך 83 יינגלעך, אויפן וועג צו דער אַר־בעט, האָבן די דייטשן פאַרהאַלטן און אַלע יינגלעך צוגענומען.

נישט וויסנדיק וואָס ווייטער צו טאָן, בין איך געלאָפן צו דער גמינע. אַ קליינע אָפּטיילונג איז נאָך פאַרבליבן אויף טאַרגאָווע 12, אַ מיליציאַנט, מיט ווויליונגעריש אַרויפגעדרייטע וואָנסעלעך, אין אַ פּאָר גלאַנציקע

שטיוועלעך, האָט מיך פאַרהאַלטן ביי דער טיר. „קיך איינגאַנג" — האָט ער כוואַטסקע אויסגעזונגען אין דייטש. איך האָב זיך אָבער פאַרט אַריינ־געריסן. דער גמינע־באַאַמטער הייבט גלייכגילטיק מיט די פּלייצעס און זאָגט: „איך קאָן איך גאָרנישט העלפן".

עס דערטראָגט זיך אַ טומל פון גאַס. דורך דער מאַנדזשעווער גאַס ווערן געפירט די אַרבעטער פון העלדינס שאָפּ. צוויי טויזנט מענער און פרויען. זיי זענען אַרומגערינגלט מיט דייטשע זעלנער און געסטאַפּאָ. איך רייס זיך צו צום פענצטער, כ׳וויל צום לעצטן מאָל נאָך זען מיין קינד, אָבער, ווי אויף להכעיס, זע איך זי נישט. כ׳קען זיך בשום אופן נישט דערמאָנען, אין וואָס פאַר אַ קלייד זי איז היינט געגאַנגען צו דער אַרבעט. פאַר די אויגן איז מיר שוואַרץ, ווי אַ געדיכטע טונקעלע כמאַרע. איך זע נאָר זעלנער מיט רונדיקע שטאָלענע העלמען און אויסגעשטרעקטע ביקסן. דאָס פירט מען זיי צום „דולאָג" (דורכגאַנגסלאַגער), און פון דאָרט אין די דייטשע לאַגערן.

די צימערן פון דער גמינע ווערן אויסגעליידיקט. די באַאַמטע גרייטן זיך אַוועקצוגייען. די ווייזערס פון גרויסן וואַנטזייגער דרייען זיך איבער, זאָגן אָן אַ שפּעטע שעה. די גאַסן זענען אָפּגעליידיקט. ס׳איז פריייטיק פאַר־נאַכט. מ׳טאָר שוין באַלד נישט גיין. ביז שראַדולע, צום געטאָ, איז אַכט קילאָמעטער. אַ צעבראָכענע, צוליבן גורל פון מיינע קינדער, לאָז איך זיך גיין אַהיים.

עס גייט מיר אַנטקעגן אַ „שופּאָק" (שוצפּאָליציי), ער זאָל נאָר נישט דערקענען מיין ידישע נאָז...

אין שטוב ברענען צוויי קליינע ליכטלעך אויפן טיש. דער טאַטע, אָנגעטאָן אין דער זיידענער קאַפּאָטע, די באָרד אַ פריש אָפּגעגאָלטע. דאָס האָט אַ סאָלדאַט אים באַפּאַלן און אויסגעריסן די באָרד. ער דרייט זיך אַהין און צוריק איבערן שמאָלן שטיבל, ברעכט זיך די הענט און שעפּ־טשעט עפּעס שטיל פאַר זיך. ס׳איז שבת.

איך זעץ מיך אַוועק אין אַ ווינקל און שווייג. אפשר ווייסט נישט דער טאַטע. פלוצים גיט ער מיך אַ פרעג: „האָסט געזען האַלושען?".

— וואָס רעדסטו, טאַטע, האַלושע איז דאָך אין „דולאָג".

— ניין — זאָגט ער — זי איז דאָ!

— טאַטעשי, — האָב איך אויסגעשריען — דאָס איז נישט אמת. כ'האָב דאָך מיט די אייגענע אויגן געזען, ווי מען האָט זיי אַוועקגעפירט, דעם גאַנצן שאָפּ פון העלדין.

— ניין, קינדלעבן — האָט ער זיך צעכליפּעט, — כ'זאָג דיר נישט קיין ליגן, האַלושע איז דאָ. זי האָט זיך באַהאַלטן אין מאַגאַזין אונטער אַ באַרג סחורה און מען האָט זי נישט געפונען.

האַלושע איז באַהאַלטן אין מאַנדזשעוו, צוזאַמען מיט די כזשאַנאָווער, איטקע, אסתר און נאָך אַנדערע. הינטער פאַרשלאָסענע לאָדנס זיצן זיי אין דער פינצטער, אין אַ קליין פאַרלאָזן הייזל אין יידן־פערטל.

יאָסעלע, צוזאַמען מיט די אַנדערע יינגלעך, צוגענומענע פון טראַמוויי, זענען נאָך אַ וואָך שווערער אַרבעט ביים לאָדן קוילן אין וואַגאַנעס, באַ־פרייט געוואָרן.

וואָס טוט מען ווייטער? ווי גיט מען זיך אַן עצה? אין שאָפּ איז די אַרבעט אָפּגעשטעלט. דערשראָקענע, האָבן מיר געזוכט אַ באַשייד. אַנדערע האַלטן, אַז אַזוי קאָן די לאַגע ווערן נאָך ערגער. די דייטשן דאַרפן האָבן אַרבעט. און דאָס שטומען פון די מאַשינען קען זיך שלעכט אָפּרופן.

אומדערוואַרט איז געקומען אַ דערלייכטערונג. 200 מיידלעך זענען באַשטימט געוואָרן אַלס „שליסל־קראַפט" פון שאָפּ. זיי האָבן באַקומען „אייזערנע בריוו". בערקאָוויטש, דער אָנפירער פון דער אָפּטיילונג גיט פייערלעכע הבטחות — און האַלושע גייט ווידער צו דער אַרבעט.

אָפּגעאָטעמט אַ ביסל פון דער דאגה, קומט ווידער די זאָרג וועגן יאָסעלען. די דייטשע פירמע אין קאַטאָוויץ, ווו ער אַרבעט, ציט כסדר געלט. ווידער איינגעצאָלט טויזנט מאַרק, כדי אים אַראָפּנעמען פון דער ליסטע — אָבער עס העלפט גאָרנישט. זיין נאָמען פיגורירט נאָך אַלץ אויף דער רשימה, וואָס הענגט פאַר דער גמינע, און מען זוכט אים.

ס'איז ווינטער, וואָס אַ מאָל ווערן מיר מער אויסגעמאַטערט פון אַרומוואַלגערן זיך אויף בוידעמס, אין וויסטע באַהעלטענישן. בייטאָג — ביי שקלאַפן־אַרבעט, ביינאַכט — נישט האָבן ווו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן. די לאַגע איז אָן אַן אויסוועג. עמעצער פון די נאָענטע לייגט פאָר: אפשר

דורכפירן איבער יאָסעלען אַן אָפּעראַציע? דאָס גערעט איז לעצטנס באַ־הערשט פון דער דאָזיקער עפּידעמיע.

אַוועקלייגן אים אין שפּיטאָל. זאָל ער כאָטש אַ פּאָר וואָכן האָבן מנוחה.

— וואָס זאָגסטו צו דעם? — פרעג איך יאָסעלען — ביסט מסכים? אזוי ווי ישראל, פּייוול און אַנדערע.

דערהערנדיק דאָס, ווערט ער בלאָס און פאַרברעכט די הענט, ווי איי־נער זאָגט, וואָס קען מען זיך העלפן? עס פעלט אים די שטוב, די היים, אַ בעט אויסצורוען די גלידער. און נאָך עטלעכע מינוט באַטראַכטן זיך, ענט־פערט ער: „יאָ, כ׳בין מסכים״ — — .

אַראָפּרייסנדיק פון זיך די געלע לאַטעס, דעם מגן־דוד, גייען מיר, אָפּגעזונדערט איינער פון צווייטן, איבער די וועגלאָזע פעלדער און ליידיקע גאַסן פון שטאָט. מיר קומען צו צו מיין געוועזענער וווינונג אויף גלאַ־וואַצקעגאָ 1 (טוכגאַסע). די דירה שטייט אָפן, די פענצטער אויסגעהאַקט. ס׳בלאָזט אַ ווינט. אַ וואַנט איז אַרויסגעבראָכן. מ׳האָט דאָ, זעט אויס, גע־זוכט געלט, חפצים אָדער גאָר באַהאַלטענע יידן. די מעבל, וואָס מיר האָבן געהאַט איבערגעלאָזט, זענען שוין צוגענומען געוואָרן. מידע, דערשעפּטע פון וויטן וועג, זעצן מיר זיך אויף דער פּאָדלאָגע, קוקן אויף זיך מיט טרויעריקע בליקן — און מיר שווייגן. איך דערמאָן מיך אין די גוטע צייטן — ווי לאַנג צוריק איז עס געווען? — די שבתים און יום־טובים, וואָס מיר האָבן דאָ פאַרבראַכט? יעדעס ווינקעלע דערמאָנט אין עפּעס אייגנס, טייערס — — איצט הערשט דאָ שטילקייט, אַ פּאַרטייעטע, אַן אומהדיקע — — —

ביים כירורג פון יידישן שפּיטאָל ד״ר סטאָך וואַרטן אין דער ריי צענדליקער ייִנגלעך און מיידלעך. אַלע ווילן אָנגענומען ווערן אין שפּיטאָל, אַדורכצופירן איבער זיי אָפּעראַציעס, כדי צו האָבן רו כאָטש עטלעכע וואָכן.

ביים דאָקטער אין קאַבינעט האָב איך באַשטימט אַן אָפּעראַציע פאַר מיין קינד.

— דעם פּאַציענט דאַרף איך נישט האָבן — דערקלערט מיר דער

דאָקטער. — צאָלט איין טויזנט מאַרק און באַשטימט, וואָס פאַר אַן אָפּע־ראַציע אירווילט האָבן. אַ ברוך אָדער אַפּענדיציט?

— וועלכע איז אַ לייכטערע, הער דאָקטער? — פרעג איך אַ דער־שראָקענע.

נאָך אַ לאַנגן ישוב־הדעת האָט ער דעצידירט אויף אַ ברוך.

אַ הייסע כוואַליע האָט מיר אַ זעץ געטאָן אין קאָפּ. כ׳האָב געפילט, אַז אָט פאַל איך אין חלשות. שוואַרצע רעדער האָבן זיך מיר געדרייט פאַר די אויגן. ס׳איז מיר געוואָרן ענג. ממש דערשטיקט צו ווערן.

נעמען אַ געזונט קינד און אים אַוועקלייגן אונטערן מעסער?

ס׳איז געווען פאַרנאַכט, ווען איך בין מיט וואַקלדיקע טריט צוריקגע־קומען צו יאָסעלען.

— גוט — זאָגט ער — זאָל זיין, ס׳לעבן איז סיי ווי נמאס געוואָרן, כ׳וויל כאָטש נאָך איין מאָל שלאָפן אין אַ בעט...

איינגעקאָרטשעטע, צונויפגעטוליעטע פון פראָסט און שרעק, זיצן מיר אויף דער ערד, איינער נעבן אַנדערן, אין ווינקל פון מיין געוועזענעם שלאָפצימער. פאַר די אויגן זע איך שוין דעם שפּיטאָל, יאָסעלען מיט באַנדאַזשן אויפן בויך. מיר ווערט הייס און קאַלט בלויז פון געדאַנק. אַ קאַלטער שווייס באַדעקט מיין פּנים. ניין! כ׳וועל דאָס נישט אויסהאַלטן! מאַטערנדיק זיך אַ גאַנצע נאַכט פון די געשפּענסט־בילדער, האָב איך קוים דערלעבט דעם פרימאָרגן.

פּלוצלינג דערהערן זיך טריט, פלינקע, פאַרזיכטיקע טריט.

— ווער גייט דאָס, מאַמע? — כאַפּט זיך יאָסעלע און ווערט בלאַס, ווי קאַלך. איך טוליע אים טיפער איין אין מיר און מיט קלאַפּנדיקע הער־צער דערוואַרטן מיר דאָס, וואָס וועט דאָ באַלד פאָרקומען.

עס הערן זיך טריט אין עסצימער. אַ הויכער דאַרער קריסט עפנט דאָס טירל פון קאַכלע־אויוון און זוכט. און באַלד איז ער נעבן אונדז; האַלט אין האַנט די פינף שאַכטלען סאַכאַרין, וואָס מיר האָבן פאַרגעסן מיטצונעמען.

— יעזוס מאַריאַ! — שרייט ער אויס — וואָס טוט איר דאָ? יידן זענען גאָר דאָ באַהאַלטן? — איז ער אויסער זיך פון אויפרעגונג — אַזוי

— זאָגט ער — איר האָט נישט געוואָלט גיין אין געטאָ? טאָ קומט מיט מיר!

איך האָב אָנגעהויבן גלעטן זיינע אַרבל:

— האָב רחמנות, פּאַניע דראָגי, דו ביסט דאָך אויך מסתּם אַ טאַטע פון קינדער, מיין זון איז קראַנק, כ'בין געקומען מיט אים צום דאָקטער, גאָט וועט דיר דערפּאַר באַצאָלן.

— ריר מיך נישט אָן, זשידוווא! — גיט ער מיך אַ שליידער. יאָסעלע ציטערט אויפן גאַנצן לייב.

— קומט! — שרייט ער — פאַרענדיקט זיך אייערע גוטע ציטן.

פון זיינע ווערטער ווערט מיר שלעכט. וואָס טוט מען? זעליג וועט אַפילו נישט וויסן, ווו מיר זענען אַהינגעקומען. איך גיב אַ צי מיין אַרבל פון זשאַקעט, כ'וויל אים ווייזן מיין זייגערל. ס'גיט אַ גלאַנץ מיין גאָלדן זייגערל פון דער האַנט.

— אָ! — זאָגט ער — האָסט נאָך אַ שיין זייגערל. געלט האָסטו אויך?

— יאָ, — זאָג איך. איך נעם שנעל אַרויס פון טאַש די 200 מאַרק, וואָס כ'האָב מיטגענומען פאַרן דאָקטער און איך גיב זיי אים אַוועק. — נעם, נעם, — זאָג איך. אויך דאָס זייגערל האָט ער צוגענומען.

— איצט זאָלט איר שוין פאַרלאָזן דאָס הויז, איך וויל אייך דאָ נישט זען!

— מיר מוזן שוין אַוועק פון דאַנען, ער קאָן אונדז נאָך פאַרמסרן — זאָגט יאָסעלע צו מיר.

— יאָ, אָבער וווהין זאָלן מיר גיין, קינד מיינס? — האָב איך געפרעגט אַ פאַרזאָרגטע.

— צום שפּיטאָל — זאָגט ער — עס וועט נאָך דויערן ביז דער אָפּע־ראַציע און דערווייל וועלן מיר געווינען צייט און עפּעס אויסגעפינען.

פאַרטאָג זענען מיר אַרויס אויף די גאַסן. איך פאַרויס, יאָסעלע נאָך מיר, און מיט זייטיקע וועגן זענען מיר אָנגעקומען אין יידישן שפּיטאָל.

דורך די אייזערנע שטאַכעטן פון פאַרקאַן אַרום דעם גאָרטן שטאַרן אַרויס נאַקעטע צווייגן פון אַלטע ביימער. זיי זענען אַזוי טרויעריק און זאָפּגעשוונדן, ווי די מענטשן אין געטאָ. אַ שמאָלע סטעזשקע פירט צום

שפּיטאָל־בנין. אָבער דאָ דערוואַרט אונדז אַ פרישע אַנטוישונג: דער דיי־רעקטאָר פון יידישן שפּיטאָל, דער יונגער יידישער דאָקטער נעמט אונדז אויף שטרענג, ער איז אויפגערעגט און בייז. ער קלאַפּט אין טיש: „כ׳וועל נישט דערלאָזן צו קיין שום קאָמבינאַציעס. די אָפּעראַציע מוז נאָך היינט דורכגעפירט ווערן. דאָ אין שפּיטאָל וועט זיך קיין איינציקער נישט באַהאַלטן פאַרן אַרבעטס־איינזאַץ״... איך בין געבליבן פאַרשטאַרט.

— דאָקטאָר! דערקענסט מיך נישט? — הייב איך אָן מיט אַ טרויע־ריקער שטים. — כ׳וועל גיין אַהיים פרעגן מיין מאַן, אויב ער איז מסכים, וועל איך ברענגען דאָס געלט.

— טאָ גייט ביידע! — רופט ער אויס.

ס׳האָט מיר פאַרשטיקט אין האַלדז. טרערן האָבן זיך אַ קייקל געטאָן פון מיינע אויגן. איך בין נישט פעיק געווען צו ענטפערן.

פאַרלאָזן דעם שפּיטאָל און גיין אַהיים? כ׳וואָלט דאָס שוין געטאָן, אָבער דער וועג איז פאַרבונדן מיט לעבנס־געפאַר, מיט כאַפּעניש און פאַרשיקענישן, מען קאָן לייכט אַריינפאַלן אין דער נעץ פון געסטאַפּאָ, וואָס איז פאַרשפּרייט אויף יעדן טריט. נישט האָבנדיק קיין אויסוועג, בלייבט יאָסעלע אין שפּיטאָל און איך לויף אַוועק קיין שראַדולע מיט דער האָפענונג, אַז ביז איך וועל זיך נישט אומקערן מיט געלט, וועט דערווייל גאָרנישט פאַסירן מיט מיין קינד.

ווי דערשטוינט בין איך געוואָרן, אַז אומקערנדיק זיך מיט עטלעכע שעה שפּעטער אין שפּיטאָל, גיט מען מיר איבער די „בשורה״, אַז ס׳איז שוין נאָך דער אָפּעראַציע. און באַלד פירט מען אַרויס פון אָפּעראַציע־זאַל יאָסעלען... זיין פּנים איז בלאַס, אַ ווייסע שוים באַדעקט זיינע ליפּן.

יאָסעלעס בעטל ווערט אַוועקגעשטעלט אין מיטן פון גרויסן זאַל, אַלע זייטיקע בעטן זענען פאַרנומען מיט קראַנקע. איך זעץ זיך אַוועק נעבן אים.

— אַ שווערער קאַמף איז דאָס געווען מיטן יונגן פּאַציענט, — זאָגט מיר די שוועסטער. — ווי אַ ווילדער איז ער אַראָפּ פון אָפּעראַציע־טיש, „רוצחים!״, האָט ער געשריגן, „וואָס ווילט איר פון מיר, לאָזט מיך אָפּ, כ׳וויל נאָך לעבן!״

ווי אַליאַרם־גלאָקן האָבן די ווערטער געקלונגען אין מיינע אויערן. אַ שוויס האָט באַדעקט מיין קערפּער, כ׳בין געבליבן זיצן פאַרשטיינערט. די אויגן איינגעגראָבן אין בלאַסן פּנים פון מיין קינד.

דאָס ליכט אין שפּיטאָל האָט זיך פאַרלאָשן, דורך די הויכע פענצטער פאַלן אַריין צאַנקענדיקע זילבער־שאָטנס פון אַ פולער לבנה. אין קאָפּ פּלאָנטערן זיך פאַרשידענע געדאַנקען, וואָס שלעפּן מיך אַוועק ווייט, ווייט. די שווערע נאַכט איז אַוועק.

פאַרטאָג בין איך געלאָפן „אַהיים" אָנזאָגן די בשורה. לאַנג האָב איך זיך נישט אויפגעהאַלטן, גענומען אַ קוישל מיט עטלעכע פלעשלעך, עפּעס צו טרינקען, און בין ווידער אויפן וועג, וואָס פירט צום שפּיטאָל. איינגעהילט אין אַ טיכל, איבערן קאָפּ, ווי אַ דאָרפישע פויערטע, גיי איך פאַרביי די דייטשע פּאַטרולן. שוין זייענדיק אָפּגעגאַנגען אַ היפּשן וועג, קומט מיר אַנטקעגן אַ „שופּאָק" מיט אַ הויך בלעכן היטל, ווי אַ טויבן־נעסט.

— ווּ גייסטו?

איך ענטפער נישט, כ׳פאַרשטיי נישט קיין דייטש. ער זוכט. באַקוקט די פלעשלעך.

— גיי צום טייוול! — גיט ער אַ שליידער דאָס קוישל.

ווי די שענסטע מוזיק האָבן די ווערטער אָפּגעקלונגען אין מיינע אויערן.

אין שפּיטאָל גייט דאָס לעבן נאָרמאַל. דאָקטוירים באַזוכן די קראַנקע צוויי מאָל אַ טאָג, די שוועסטערס באַדינען, פאַרטיילן דאָס עסן. אַ, ווי גוט וואָלט עס געווען, ווען ער קאָן דאָ נאָך אַזוי ליגן! דאָ איז אַזוי גוט, דאָ זעט מען נישט קיין דייטשן. אויף תמיד וואָלטן מיר דאָ פאַרבליבן.

אָבער נאָך 14 טעג זייך אין שפּיטאָל מוז איך יאָסעלען אַהיים נעמען. דער שפּיטאָל איז געוואָרן איבערפולט מיט יינגלעך און מיידלעך. אַלע „גייטיקן" זיך פלוצים אין אָפּעראַציעס.

מיט טרערן אין די אויגן פאַרלאָזן מיר דעם שפּיטאָל, מיר מוזן זיך ווידער אומקערן אין געטאָ, אין גיהנום.

מיר געפינען זיך דעם ערשטן טאָג אין אונדזער דירה אויף קאַצען־ציילע נר׳ 9.

די דירה איז — אַ קאָרידאָר, דורך וועלכן אַלע איינוווינער מוזן דורכגיין. דער סאַמע נאָענטסטער שכן אין דער דירה איז פעלצמאַן. אַ טויב־שטומער, מיט זיין פרוי און צוויי קינדער. ס׳וווינען דאָ נאָך צוויי משפחות מיט קליינע קינדער. זיי אַלע קאָכן ביי מיר אויף דער קיך. דאָס איז דער איינציקער קיך־אויוון אין דער בשותפותדיקער דירה.

ביים איינהייצן דעם אויוון ווערט די שטוב פול מיט רויך. דערשפּירט עס פעלצמאַן, דער צאָן־טעכניקער, טראָגט ער גלייך אַריין אַ גרויסן טאָפּ מיט כעמיקאַליען צום קאָכן. דאָס דאַרף ער האָבן צו זיין אַרבעט. מישט זיך צונויף דער כעמיקאַליע־ריח מיטן רויך, וואָס טשאַדעט פון אויוון, קאָן מען ממש דערשטיקט ווערן. אַרום דעם אויוון דרייט זיך אַ קאַרוסעלע, — יעדער וויל שנעל עפּעס אָנוואַרעמען, אָפּקאָכן און לויפן צו דער אַרבעט.

דעם אָנגעזעענסטן אָרט פאַרנעמט דאָ דער טויב־שטומער פעלצמאַן, מיט אַ גרילציקן שטום לשון שרייט ער העכער פון אַנדערע, מיט אומגעוויינלעכע קולות. זיין גרויסן טאָפּ מיטן ציין־מאַטעריאַל לאָזט ער נישט רירן פון אָרט און איז גרייט צו פאַרטיידיקן זיך מיט דערלאַנגען קלעפּ.

די קריטישע לאַגע אין שטוב איז נישט צו שילדערן.

ס׳איז שוין נישטאָ קיין כוח אויסצוהאַלטן. ווי לאַנג נאָך, רבונו של עולם, וועט געדויערן אַזאַ לעבן?

ס׳איז אונטערגעקומען דער פרייהייטס־יום־טוב פּסח. פאַר די יידן אין געטאָ האָט דער יום־טוב באַטייט נאָך מער האַרצווייטיק און בענקעניש נאָך פרייהייט. מצות איז נישט געווען. ווער ס׳האָט געהאַט אַ ביסל מעל, האָט אויפן אייזעלע אָפּגעטריקנט אַ פּאָר מצות.

די ערשטע סדר־נאַכט איז האַלושע געווען ביי דער אַרבעט אין שאָפּ, די צווייטע האָט זי זיך דערלויבט צו בלייבן אין שטוב און איז נישט געגאַנגען צו דער אַרבעט. די סיבה דערפון איז נישט געווען די הייליקייט פון יום־טוב, נאָר אַן אַנדערע. די סכנה האָט גראָד אין די דאָזיקע טעג געלויערט מער ווי געוויינלעך. אַ סך מיידלעך זענען דעם ערשטן טאָג

פסח נישט צוריקגעקומען פון דער אַרבעט. זיי זענען פאַרהאַלטן געוואָרן מיטן צוועק אָוועקגעשיקט צו ווערן אין לאַגער. די פּאַניק איז געוואַקסן און מיר האָבן באַשלאָסן זי זאָל אין דעם טאָג נישט גיין צו דער אַרבעט. וואָס קען דען געשען, אויב זי וועט איין טאָג פעלן ביי דער אַרבעט?

שפּעט אין דער נאַכט, בעתן זאָגן די הגדה, ווען אַלץ אין אונדז האָט געוויינט און געטרויערט, האָבן זיך פּלוצים דערהערט טריט. די טיר האָט זיך אויפגעפּראַלט און עס זענען אַריין צוויי מיליציאַנטן. איינעם פון זיי האָב איך גוט געקענט.

דאָס טישל, ביי וועלכן מיר זענען געזעסן, האָט זיך אַ וואַקל געטאָן צום פאַלן. די צוויי כזשאַנאָווער יינגלעך, מענדעק און שעפּס, וועלכע זענען געקומען צום סדר, האָבן באַוויזן צו אַנטלויפן, האַלושע איז פון שרעק געבליבן זיצן, נישט קענענדיק זיך רירן פון אָרט.

— מיר זענען געקומען נעמען אייער טאָכטער, — זי האָט היינט פאַרפעלט ביי דער אַרבעט.

מיר ווערט שלעכט, פינצטער פאַר די אויגן.

— מיר וועט איר דאָס טאָן? מיר זענען דאָך עפּעס אַלטע באַקאַנטע!

— נישטאָ ביי מיר קיין פּראָטעקציע! — רופט זיך אָן מיין באַקאַנטער מיליציאַנט.

ס׳העלפט נישט קיין וויינען און בעטן, זיי שטויסן מיך אָפּ און נעמען מיט זיך האַלושען.

אין דרויסן איז נאַכט־שפּערע. אַ שטילע פינצטערע נאַכט — די צווייטע סדר־נאַכט אין געטאָ. די צוויי ווייסע היטלען דערווייטערן זיך פון מיין שטוב מיט שנעלע טריט, כ׳זע זיי שוין נישט. זיי פאַרשווינדן צוזאַמען מיט מיין קינד. ווידער פאַרברענגען מיר אַ נאַכט פול מיט שרעק.

פאַרטאָג הייבט זיך אָן אַ לויפעניש צו גמינע־באַאַמטע, אויסנוצן פאַרשידענע באַקאַנטשאַפטן און פּראָטעקציעס.

דער קאָמענדאַנט פון דער יידישער מיליץ, צו וועמען מיר האָבן זיך געווענדט נאָך הילף, צעשרייט זיך: מיר וועלן אייך אָנלערנען, מיר וועלן אייך וויזן, אַז די אַרבעט איז נישט הפקר!

בערקאָוויטש, דער אָנפירער פון דער אָפּטיילונג אין שאָפּ, פאַרשטייט

בכלל נישט וואָס דאָ איז געשען. שרייט ער: זי איז דאָך אַ שליסל־קראַפט פון די צווײ הונדערט רעקלאַמירטע. ער ציט אַרויף אויף זיך זיין רעקל, לויפט אַרויס, מיט דער האָפענונג איר צו העלפן, אָבער באַלד קערט ער זיך אום און גיט איבער די טרויעריקע בשורה: אייער טאָכטער, צוזאַמען מיט נאָך מיידלעך פון מיין אָפּטיילונג, האָט מען אַוועקגעפירט.

שוין דער פערטער טאָג ווי האַלושע געפינט זיך אין „דולאַג״. מאָרגן דאַרף אָפּגיין דער טראַנספּאָרט. מיט אַ וואַליזע אָנטועכץ (נאָר דאָס איז דערלויבט מיטצונעמען, עסן אָדער געלט איז פאַרבאָטן) שלעפּ איך זיך צום „דולאַג״.

אַ מיליציאַנט דערזעענדיק מיך רייסט אַרויס די וואַליזע פון מיין האַנט און מיט אַ שטעקן טרייבט ער מיך אַוועק.

ס׳קומט אונטער דער פאַרנאַכט. אַ צעבראָכענע, לאָז איך זיך גיין אַהיים. פון דער וויטנס דערגייען צו מיר פאַרצווייפלטע הילפסרופן:

— מאַמע! מאַמעניו! ראַטעווע מיך!

— וואָס וועט זיין מיט האַלושען? — פרעגט יאָסעלע ביי מיין אַריינ־קומען אין שטוב, דערזעענדיק מיך אַ פאַרוויינטע.

אַ בית־הקברות־שטילקייט הערשט אין שטוב. יעדער איינער איז פאַרטיפט אין זיינע טרויעריקע געדאַנקען.

מיטן באַגינען לויף איך ווייטער דורך אומוועגן אין שטאָט אַריין צום „דולאַג״. מ׳זאָגט, אַז דער טראַנספּאָרט דאַרף באַלד אָפּגיין.

נאָך מאַמעס האָבן אַראָפּגעריסן פון זיך די געלע לאַטעס און זענען אַהערגעקומען צום „דולאַג״, כדי צו כאַפּן אַ לעצטן בליק אויף זייערע קינדער. מאַמעס ווערן צוזאַמענגעבראָכן, רייסן שטיקער פון זיך. מיליץ טרייבט אַוועק. באַלד וועט אָפּגיין דער טראַנספּאָרט. באַלד וועט מען אַוועקפירן די קינדער!...

ליידיק און שטום קוקן צו אונדז אַראָפּ די פאַרמאַכטע פענצטער פונעם דריישטאָקיקן הויז, ווו עס האָט זיך פאַר דער מלחמה געפונען די יידישע האַנדלס־גימנאַזיע. דאָס הויז איז שוין ליידיק. אַלע זענען אונטן, אין הויף, וואָס איז פאַרשטעלט מיט דער גרויסער מויער. צו מיינע אויערן דערגייען קולות און געשרייען פון די דייטשן. אַ הילפלאָזע, פאַרברעך איך

די הענט און עס הייבן זיך מיינע אויגן צום הימל. אַ נס, נאָר אַ נס קאָן געשען.

ס'איז געוואָרן שטיל, זייער שטיל. פּלוצלינג באַווייזט זיך לודוויג, איינער פון די געסטאַפּאָ־אָנפירער. ער שטעלט זיך אַוועק פאַרן טירל פון דראַטענעם פּלויט, צוזאַמען מיטן אָנפירער פון „דולאַג", און רופט אויס נעמען פון מיידלעך.

אַ גרופּע דערשראָקענע מיידלעך זאַמלען זיך אַרום אים. דער זעלנער באַקומט אַ באַפעל. ער עפנט ברייט דאָס טירל און לאָזט זיי אַרויס. דאָס זענען פּופּציק מיידלעך פון העלדינס שאָפּ — און צווישן זיי האַלושע.

*

אַפּריל 1943. די ערשטע טעג נאָך פּסח. יאָסעלע דאַרף זיך ווידער צושטעלן. ער גייט אָנגעלענט אויף אַ שטעקן. דאָס קוויטל, אונטערגע־שטראָכן מיט רויט, גייט איבער פון האַנט צו האַנט. אויף מיר גייט איבער דער גורל, צו שטעלן זיך צום אַרבעטס־איינזאַץ. אין דרויסן, אונטערן פרייען הימל, נעבן אַ לאַנגן טיש, זיצן מיידלעך נעבן שרייבמאַשינען. אויבן אָן פאַרנעמט זיין אָרט דער שעף פון אַרבעטס־איינזאַץ. מיליציאַנטן לויפן אַרום, האַלטן אָרדענונג, גלייכן אויס די לאַנגע רייען פון וואַרטנדיקן עולם.

— אויב אייער זון וועט זיך ביז מאָרגן נישט צושטעלן, וועט מען אייך איינזעצן, — דערהערן זיך די שטרענגע ווערטער פונעם שעף פון אַרבעטס־איינזאַץ צו אַן אומגליקלעכער מאַמען. אַ בלאָנד יונג מיידל רוקט זיך נענטער צו אים. זי דערלאַנגט איר פאַרלאַדונג.

— דו זאָלסט קומען מיט די זאַכן! — גיט ער אַ געשריי — געלט אָדער עסנוואַרג טאָר מען נישט מיטנעמען! — וואָרנט ער — געדענק, אַז דער טראַנספּאָרט גייט אָפּ מאָרגן באַלד אין דער פרי.

ס'קומט אָן מיין ריי. איך דערלאַנג אים די פאַרלאַדונג. ער כאַפּט קוים אַ בליק, און מיט דער זעלבער שטרענגער שטימע רופט ער אויס: „ער מוז אַליין קומען!"

הונדערטער אַזעלכע צעבראָכענע געמיטער, אומגליקלעכע טאַטעס, מאַמעס רוקן זיך ווי שאָטנס אין דער לאַנגער ריי.

דערווייל קומען פאַר גרויסע אַבלאַוועס אין געטאָ. ווער עס איז נישט

ביי דער אַרבעט ווערט צוגענומען. יאָסעלע האָט אָנגעהויבן אַרבעטן אַלס עלעקטראָטעכניקער. שפּיגלמאַן איז זייך מייסטער. די הייזער אין געטאָ זענען לײדיק. טירן שטייען אָפן, קינדער, אויסגעדאַרטע, פאַרחושכטע, וואַלגערן זיך נאַקעטע אין זאַמד און אין בלאָטע. זייערע עלטערן לויפן פאַרטאָג צו דער אַרבעט אין די שאָפּן פון דיטל, סקאָפּעק, גורעצקי א. אַנד.
— און קומען שפּעט אין אָוונט צוריק.

אין צווישנצייט האָט אַ קאָמיסיע פון וווינונגס־אַמט געמאַכט אַן אינ־ספּעקציע, און אין די צימערן ווו ס׳האָבן געוווינט צוויי משפּחות, איז צוגעגעבן געוואָרן אַ דריטע.

אַהיימקומענדיק פון דער אַרבעט, טרעפט מען אין שטוב נאָך אַ משפּחה.

זעליג האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט און אַריבער אין אַן אַנדער הויז. דאָרט האָבן מיר געטראָפן די פרוי פאַקטאָר, אירע דריי יינגלעך און מענדל ווײַנשטאָק מיט זיין פרוי. צו אָט די פאַמיליעס האָבן מיר זיך אַרײַנ־געצויגן. אין דער נייער דירה האָבן מיר אַרײַנגענומען נאָר איין מאַטראַצל, וואָס ליגט אויף דער ערד און דינט פאַר מיר צום שלאָפן. יאָסעלע און האַלושע שלאָפן אויפן בוידעם. זעליג שטייט אויף שמירה פאַרן הויז, אָדער ער דרימלט ביים פענצטער. די וואַך פאַרן הויז טוישט זיך אַלע צוויי שעה. אַזוי איז עס ביי אַלע הייזער. טאָמער באַמערקט מען ליכט אין די פענצטער פון דער דייטשער פּאָליציי, ווערן מיר באַלד אַליאַרמירט, צו זיין גרייט... קומט אָן אַן אויטאָ אין מיטן דער נאַכט — ווערט דאָס שטילע דערפל וואַכזאַם. אויף די שפּיץ פינגער לויפט דאַן יעדער זיך באַהאַלטן אין אַ קעלער אָדער בונקער. אין אַ מיטן טאָג איז פּלוצים אָנגעקומען אַ קאָמיסיע פון הויכע דייטשע מיליטער־לייט. זייער מאַשין האָט זיך אָפּגע־שטעלט אין ווינקל שטײנצײלע—קאַצענעוועג. זיי קומען אָן פון דער קאָמיאַנ־קע, דאָרט, ווו עס זענען קאָנצענטרירט די בענדינער יידן. עס ווערט אַ געלויף. מאַמענטאַל ווערן די גאַסן ליידיק. ווער ווייסט, וואָס עס גרייט זיך? מיר קוקן אַרויס פון די שפּאַרעס. די אויערן זענען אָנגעשפּיצט, אויפּצו־כאַפּן עפּעס אַ וואָרט, דערקענען פון עפּעס אַ באַוועגונג... וואָס טראַכטן זיי?..

פעטע גאָמבעס שמעלצן זיך אין אַ טייוולאָניש געלעכטער. פון אַן עלטערן מונדירטן דייטש דערטראָגן זיך צו אונדז זיינע זיכערע רייד:

„נאָך עטוואָס שפּאַנען די שרויבע, און די יידן וועלן זיך אַליין אויס־הרגענען. פּאַרן געטאָ וועלן מיר קיין געווער נישט באַנוצן... שאָוט נאָר, ווי די מויזע זיצן זיי פאַרשטעקט אין די לעכער". אַ הילכיק געלעכטער האָט באַגלייט די ווערטער.

*

אָנגעהויבן האָט זיך עס מיט אַ פּלוצימדיקן געלויף. אַלע אַנטלויפן. ווו זאָלן מיר לויפן? מיר האָבן נישט קיין קעלער, קיין סכראָן. לאַנג טראַכטן איז נישטאָ קיין צייט. לויפן מיר צום טאָטן אויף שטיינצייללע. דאָרט איז פאַראַן אַ גוטער קעלער. מיט אַ מאָל ווערט אַ געשריי:

— צוריק! צוריק!

— אַנטלויפט! מען כאַפּט מענטשן!..

שנעל קערן מיר זיך אום. פאַרסאַפּעטע, אָן אָטעם, האָבן מיר קוים באַוויזן זיך אַריינצושטופּן אין אַ קעלער.

אויף דער גאַס איז שטיל געוואָרן. נישטאָ קיין לעבעדיק נפש. דער קעלער, וווּ מיר געפינען זיך איז איבערפולט מיט מענטשן, צווישן זיי אַ מיליציאַנט מיטן ווייסן היטל. אויך ער האָט דאָ באַהאַלטן זיין פרוי מיט צוויי קינדער.

אַ געוויסע צייט איז שטיל. נאָר אָט דערהערן זיך שווערע טריט, באַגלייט מיט אַ הויך שפּאָטיש געלעכטער, באַלד דערויף אַ יאָמערלעך געוויין. צונויפגעטוליעטע, איינגעפּרעסטע ווי די שעפּסן אין אַ ווינקעלע, דערוואַרטן מיר דאָס אָנקומענדיקע... איבערן קעלער איז אַ גייעריי. זאָכן ווערן אָפּגערוקט. מיר הערן בולט דאָס קלאַפּן אין די ווענט און אין דער פּאָדלאָגע. זיי זוכן.

די נאַכט פאַלט צו און די אַקציע דויערט נאָך אַלץ. מ׳פירט פאַרביי מענטשן, מיר הערן זייערע טריט. פון ווייטן הערט זיך אַ שיסעריי, אַ קראַכן פון טירן. מיר ווערן ווי פאַרשטיינערט. אַ טייל זאָגט ווידוי.

אַרום צען ביינאַכט שרייט אַריין דער מיליציאַנט:

— די אַקציע איז פאַרענדיקט!

צוויי טויזנט פינף הונדערט קרבנות זענען גרייט אָפּטראַנספּאָרטירט צו ווערן.

— נאָך אַ ביסל וועט איר קענען אַרויס. כ׳מיין — האָט ער צוגעגעבן — אַז די הײַנטיקע נאַכט וועט שוין זיין אַ שטילע...

ס׳איז געווען אַרום צוועלף בײַנאַכט, ווען מיר זענען אַרויס פון קעלער. די גאַסן זענען ווידער פול געוואָרן מיט מענטשן, פאַרווירטע, צעטראָגענע. די וואָס האָבן פאַרלאָזן זייערע באַהעלטענישן, לויפן אַרום און זוכן זייערע נאָענטסטע און קענען זיי נישט געפינען...

— וואָס וועט זיין ווייטער? — פרעגן מיר, — ווי לאַנג קאָן מען אויסהאַלטן אַזעלכע מוראדיקע טעג און נעכט?

יעדע נאַכט באַהאַלטן מיר זיך ערגעץ אין אַ קעלער. פון עסן אָדער שלאָפן איז אָפּגערעדט. און דאָך — איבערגעלעבט די אומרויִקע נאַכט, גייט יעדער ווידער צו זיין אַרבעט, באַמיִענדיק זיך צו באַהערשן דעם פּחד.

עטלעכע טעג נאָך דער אַקציע ווערט ווידער אין מיטן טאָג אַ געלויף. ס׳דערהערט זיך אַ שיסעריי, די גאַסן ווערן אָפּגעליידיקט. מיר געפינען זיך דאָס מאָל אין קעלער פון טאַטנס ברויט-געוועלב.

דער קעלער איז ווי אַן ענגע שטייג, אָן לופט. דורך די שפּאַרעס פון דער קלאַפּע קומט אַריין אַ קאַרגע ליכטשיין. די מאַמע מינטערט זיך מיטן פלעשעלע קאַראַמין. — כ׳האָב געלאָזט די קאַסע אויפן טיש — טרייסט זיך דער טאַטע. אויב זיי וועלן אויפרייסן די טיר און געפינען געלט, וועלן זיי עס צונעמען און ווײַטער נישט זוכן...

ער האָט קוים באַוויזן אַרויסצוזאָגן די ווערטער, דערהערט זיך פון ס׳ניי אַ געלויף. פרעמדע מענטשן זענען אַריין צו אונדז אין קעלער. ס׳איז געוואָרן ענג, דערשטיקט צו ווערן. אַלע זענען אויסגעטאָן, האַלב-נאַקעט. אָבער גיך פאַרגעסן מיר אין דער היץ און פילן נישט מער די פאַרשטיקטע לופט, בעת מיר דערהערן דאָס אויפרייסן די שלעסער פון ברויט-געוועלב.

מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם הערן מיר זיך צו צו דעם, וואָס עס קומט פאָר איבער אונדזערע קעפּ. עס הערן זיך טריט פון שטיוול, ווילדע געשרייען: „דאָנערוועטער״!

ווידער אַ פעסטער זעץ מיט דער טיר און ס׳איז שטיל געוואָרן.

די דריי הונדערט מאַרק אויפן טיש האָבן אונדז דאָס מאָל אָפּגעראַ־טעוועט.

אין אַ קעלער פון שכנותדיקן הויז האָבן צוליב דער ענגשאַפט און היץ אַ סך אויסבאַהאַלטענע געחלשט און קיין וואַסער צו מינטערן איז נישט געווען. ס'האָבן זיך געהערט פאַרשטיקטע הילפס־רופן און מיר האָבן זיי נישט געקאָנט העלפן.

ווען עס האָט אָנגעהויבן טאָגן זענען מיר אַרויס פון די לעכער. אין גאַס איז שוין געווען אַ באַוועגונג. מידע, אויסגעמאַטערטע אײַלט יעדער צו זײַן אַרבעט. די שאַפּן און וואַרשטאַטן ווערן פון ס'ניי אָנגעפילט מיט יידישע אַרבעטס־כוחות. די נאַכט־שיכט ענדיקט זיך, די טאָג־שיכט הויבט אָן.

די אַבלאַוועס אין געטאָ ווערן וואָס אַפטער, שוין עטלעכע נעכט נאָך אַנאַנד זענען מיר פאַרשפאַרט אין די קעלערן. פאַרנאַכט, פאַר דער נאַכט־שפּערע, געפינט זיך שוין יעדער ערגעץ א באהעלטעניש. מיר האָבן אָפּגעפונען אַ נייעם קעלער. ס'איז ענג. מענער, פרויען און קינדער זיצן אויסגעזעצט אויף דער ערד, איינער נעבן אַנדערן, ס'איז הייס, ווי אין אַ שוויצבאָד, בלויז אויבן איז פאַראַן אַ קליין פּעצטערל מיט אײַזערנע קראַטעס, וואָס גייט אַרויס אויף דער קאַלכציילע. איינגעשרומפּענע, מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם, הערן מיר זיך צו צום דרויסן. זעלנערישע שטיוול טרעטן איבער דער אײַזערנער קראַטע. זיי גייען ווייטער. עס ווערט שטיל. פּלוצעם צעוויינט זיך אַ קינד. די מאַמע ווערט דערשראָקן. שנעל פאַרשטאָפּט זי דאָס מײַלעכל פונעם קינד.

מיר ווערן דערציטערט. ווער ווייסט, צי דאָס קינד האָט נישט פאַרראַטן? אַ טאַשן־לאָמפּ בליצט אויף, וואַרפט זײַנע ליכט־שטראַלן אין אַלע זייטן, אַהין, אַהער, זוכט דאָס אָרט, פון וואַנען דאָס קינדערישע געוויין האָט זיך דערטראָגן.

מיר זענען פאַרלוירן — טראַכט יעדער ביי זיך. די פאַרצווייפלטע מאַמע וואַרפט אַרויף אַ שווערן מאַנטל אויפן קינד, — דאָס קינד איז שטיל געוואָרן. זײַן שטים האָט מען שוין נישט געהערט. מיר האָבן זיך באַרויקט. דאָס קינד איז אָבער שטיל געוואָרן אויף אייביק...

נישט האָבנדיק קיין שום אויסזיכטן צו ראַטעווען ס׳לעבן, האָט די באַפעלקערונג איינגעזען, אַז דער איינציקער וועג אויף ניצול צו ווערן, איז — זיך אויסבאַהאַלטן. קיין אַנדערער וועג איז נישטאָ. מיר זענען איינגעשלאָסן, אין געטאָ און קאָנען זיך נישט קיין ריר טאָן. קיין שום שאַפּ, קיין שום אַרבעט וועט אונדז נישט ראַטעווען פון דער דייטשער שחיטה.

אַ בונקער — דאָס איז איצט די איינציקע רעטונג. מיר מוזן פאַרשווינדן פון דער אויבערפלאַך, מיר מוזן לעבן אין גריבער, אונטער דער ערד...

ס׳גייט אָן אַ פיבערהאַפטע אַרבעט. אַלע יידן אין שראַדולע בויען פאַר זיך לעכער־באַהעלטענישן נישט ווייט פון דער שטוב, אַז ביי יעדער געפאַר זאָלן זיי שנעל קאָנען אַראָפּ אונטער דער ערד.

מען פלעגט אין אַ קעלער פאַרמויערן די טיר מיט אַ דאָפּלטער וואַנט, פאַרן אַרויסגאַנג אויסשניידן אַן עפענונג אין דער פאַדלאָגע פון אַ צימער, וואָס איבערן קעלער און די עפענונג פארשטעלן מיט אַ שאַנק. די דעק פון שאַנק איז געוואָרן אויסגעשניטן, צו באַוועגן און אויפ־צוהייבן אין דער הייך. אין שאַנק פלעגט מען אָנוואַרפן אומנוצלעכע זאַכן, כדי צו פאַרווישן די שפורן פון דער באַהעלטעניש. לופט איז אַריינגעקומען דורכן קוימען. איניקע האָבן געבויט זייערע בונקערס לאַנגע, ווי טונעלן, אונטער דער ערד. אַזעלכע גרויסע בונקערס פאַר 50—60 נפשות האָבן געבויט מומחים־אונטערנעמער. מ׳האָט אַריינגעצויגן דאָרט וואַסער־רערן און עלעקטריש ליכט פון אַ נאָענטן הויז. אַ משפחה מיט קליינע קינדער האָט מען נישט גערן אַריינגעלאָזט אין אַ בשותפות־דיקן בונקער, ווייל אַ קינד קאָן דורך זיין וויינען אַלעמען פאַרראַטן.

ס׳זענען געווען בונקערס אויף בוידעמער, מיט מער לופט און ליכט, נאָר אינסטינקטיוו האָט געצויגן צום בונקער אונטער דער ערד. מ׳האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז דאָרט איז מען זיכערער.

פאַר יעדן הויז זענען געוואָרן אָוועקגעשטעלט דיזשורן פון די איינוווינער פונעם הויז. יעדע צוויי שעה האָט געהיטן אַן אַנדערער. אַזוי אַ גאַנצע נאַכט. מען איז געשלאָפן אין אָנטועכץ און געווען גרייט אויף

יעדן רוף. עס זענען געווען אַזעלכע, וואָס זענען אַפילו געשלאָפן אין בונקער. ווען ס'האָט אָנגעהויבן טאָגן און אין גאַס איז געוואָרן אַ באַוועגונג, האָבן די נאַכט־היטער פאַרלאָזט זייערע פּלעצער.

מיר בויען אַן אייגענעם בונקער. יעדן עמער זאַמד טראָגן מיר אַוועק ווייט. מען מוז זיך שטאַרק היטן, דער עיקר פאַר קינדער און פאַר דער ידישער מיליץ. די אַרבעט ווערט געטאָן ביינאַכט.

ענדלעך איז דער בונקער פאַרטיק געוואָרן. אַ לאַנגער גרוב אין גאָרטן. עטלעכע ברעטלעך, פיר קלעצער האַלטן אונטער די גאַנצע געביידע, דער דאַך, געדעקט מיט אַלטער פּאַפּע, באַוואָרפן מיט ערד און גראָז. פון אויבן דער מיסט־קאַסטן, דער איינגאַנג דורך אַ זייטיק קעמערל, פאַרשטעלט מיט קאַסטנס און אַלט מעבל.

מיר הערן פאָרן אַ מאַשין. דער זייגער איז האַלב איינס ביינאַכט. דער דיזשור־היטער אַליאַרמירט: „אויפשטיין! זייט גרייט!" שנעל ציִ איך אַרויף אויף זיך דאָס קליידל מיט באָרדאָ־פּאַסיקלעך און הילצערנע קנעפּ־לעך. איין קנעפּל, פאָרן לעצטן, איז אויסגעהוילט. דאָרט איז באַהאַלטן דער שטיין פון מיין בריליאַנטענעם רינג.

אַ טאַש מיט עסן איז גרייט אויף יעדן פאַל. די טאַש איז תמיד צוגע־גרייט און ליגט ביים אַריינגאַנג. דאָרט געפינט זיך אויך אַ פלאַש מיט וואַסער. יעדער נעמט זיין מאַנטל. ווער ווייסט? אפשר וועלן מיר זיך שוין נישט אומקערן...

— אַריין אין די בונקערס! — דערהערט זיך אַ שטילער באַפעל. ס'איז דריי אַ זייגער ביינאַכט. דאָס גאַנצע דאָרף איז ווי אויסגעשטאָרבן. יעדן איינעם ווילט זיך דערשטיקן אַפילו דאָס קלאַפּן פון אייגענעם האַרץ, ווייל עס דאַכט זיך, אַז עס קלאַפּט צו האַסטיק און דורך דעם איז מען עלול אַנטדעקט צו ווערן...

די שפּאַנונג דויערט אַן אייביקייט. מען פיבערט, ס'ווילט זיך וויסן, וואָס ס'קומט פאָר אין דרויסן. און ווי האַלט מען אין דער נאַכט? איז נאָך ווייט צו טאָג? ערשט אַרום אַכט אַ זייגער אָוונט רופט מענדל:

— ר' זעליג, איר קענט שוין אַרויס!

מיר האָבן פרייער אָפּגעאָטעמט. אָבער נישט אויף לאַנג. צוועלף בייַ־נאַכט — אַ שטילער אַליאַרם און ווידער אַריין אין די בונקערס.

דאָס מאָל איז אַריין צו אונדז אין בונקער מענדל מיט זיין פרוי.

די לופט איז געוואָרן אַ געדיכטע, ממש דערשטיקט צו ווערן. מיר וואַרפן אַראָפּ פון זיך די קליידער, בלייבן זיצן האַלב־נאַקעטע. אָבער אויך דאָס העלפט נישט. דאָס ביסל לופט וואָס קומט אַריין דורכן שמאָלן בלעכענעם רערל, איז נישט גענוג פאַר אַלע צו אָטעמען. אַ שוויס באַדעקט דעם קערפּער. עס טויכן אויף גרויליקע געדאַנקען: אַפילו מיר זאָלן נישט אַנדעקט ווערן דורך די דייטשן, איז פאַראַן אַ סכנה דערשטיקט צו ווערן. ווי לאַנג וועלן מיר קענען אויסהאַלטן אָן לופט? עס דערהערט זיך אַ שטילע באַוועגונג פון דרויסן, אַ שטיל שעפּטשען. ווער רעדט דאָס? — מ׳רעדט יידיש?

יאָסעלע הייבט אונטער די קלאַפּע, שטעקט אַרויס דעם קאָפּ, האָרכט זיך איין. — יאָ, יידיש, — זאָגט ער טרויעריק, — איר קענט שוין אַרויס, דער חורבן איז שוין פאַרטיק...

אַ וואַרעמער, זוניקער טאָג האָט אַריינגעקוקט דורך די שפּאַרעס פון קעמערל. דער זייגער איז עלף פאַר מיטאָג. מיר זעען פון דער וויטנס ווי אַ מחנה יידן ווערן געטריבן. סאָלדאַטן מיט אויסגעשטרעקטע ביקסן הינטער זיי.

מיר קוקן זיך צו צו דעם בילד, און שווייגן.

מיין שכן, יאַנקעלע ווייצבערג, זיין פרוי און צוויי קינדער זענען געווען צווישן די קרבנות.

אין דרויסן בלאָנדזשען אַרום קינדער, אָן עלטערן, אָן אַ היים. צו מיין שכן מענדל האָט מען געבראַכט אַ פיר־יאָריק מיידעלע. אירע עלטערן זענען היינט צוגענומען געוואָרן.

אברהם גאָלדשטיינס טאָכטער שלעפּט אויף זיך פעקלעך זאַכן. דאָס ברענגט זי פון איר שוועסטער גרויער, וואָס איז צוזאַמען מיט איר מאַן און דריי יינגלעך געווען פון די היינטיקע קרבנות.

פון אומעטום דערטראָגט זיך אַ יאָמערלעך געוויין. אַזאַ שחיטה איז

נאָך נישט געווען. פינף טויזנט יידן האָבן זיי היינט צוגענומען. וואָס וועט זיין ווייטער?

די אַנגעווייטיקטע וווינונגס־פראַגע האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן. איצט זענען שוין פאַראַן גענוג וווינונגען. ס'איז געוואָרן באַקוועם. די לאַנגע רייען אַרום דעם פענצטערל פון וווינונגס־אַמט האָבן אויפגעהערט. מ'לויפט שוין נישט וועגן קיין דירות...

אַלע פון „הימלציילע", וואָס זענען ביז איצט געזעסן אויף זייערע פעקלעך אונטערן פרייען הימל און „שטודירט" אין דער נאַכט־פינצטער־ניש די אומענדלעכע הימלישע ווייטקייט, די פינקלענדיקע גרויסע און קליינע שטערן, וויפל פון זיי ס'זענען אַראָפּגעפאַלן און זיך פאַרלאָשן, אָדער אין אַ פאַרוואָלקנטער נאַכט אַדורכגעווייקט געוואָרן פון אַ קאַלטן רעגן, וואָס האָט אַ גאָס געטאָן איבער דער „הימלציילע" — די אַלע זענען מיט אַ מאָל געהאָלפן געוואָרן. זיי זענען אַריין אין אַ דירה, געטראָפן דאָרט וועש, מלבושים, צירונג און שפייז.

פאַר דער גמינע האָט זיך באַוויזן אַן אויפרוף:

„אַלע, וואָס אַרבעטן אין דער בוי־אָפּטיילונג, קענען זיך פאַרשרייבן צו גיין אין לאַגער אַנאַבערג. זיי קענען אויך מיטנעמען זייערע עלטערן".

אַרום דער מעלדונג זאַמלען זיך מענטשן, מוטלאָזע. זיי ציען מיט די פּלייצעס: יאָ מעלדן, צי נישט מעלדן זיך? פאַראַן אַזעלכע, וואָס זעען די געפאַר, וואָס הענגט איבערן געטאָ, און ווילן אַרויס פון דאַנעט, אַרויס וואָס שנעלער — זאָל זיין אַנאַבערג.

די ערד ברענט אונטער די פיס. מיר פילן און זעען דייטלעך, ווי אונדזערע לעבנס הענגען אויף אַ האָר. מיר פאַלן אין אַ תהום, אפשר וועט די וועלט אויך איינזינקען און מאַכן אַ סוף צו די לײדן.

— מאַמעשי — רופט זיך אָן יאָסעלע — זאָלן מיר זיך אויך פאַר־שרייבן? ער קאָן זיך מעלדן אַלס אַרבעטער אין דער בוי־שטעלע. אַ סך — זאָגט ער — האָבן זיך שוין פאַרשריבן. די רשימה קען פאַרפולט ווערן און עס וועט ווערן צו שפּעט.

איך ענטפער נישט. איך טראַכט: אַליין זיך איבערגעבן אין זייערע הענט? געגוג, אַז מיין ברודער נפתלי איז צו זיי אַריינגעפאַלן, שוין זינט

צוויי יאָר אין די דייטשע לאַגערן, ווער ווייסט, צי ער לעבט נאָך? געווען איז ער דעמאָלט אויף דער ליסטע פון טויזנט מאַן, וואָס איז צוזאַמענגע־שטעלט געוואָרן אין דער גמינע. געהייסן האָט עס, אַז די טויזנט מאַן זענען געזיכערט פון ווערן אַוועקגעשיקט. דער טטאַע האָט זיך דערוווסט פון דער ליסטע, ווען זי איז שוין כמעט געווען געשלאָסן און מיט גרויס מי דאָך באַוויזן נפתלין אַריינצושרייבן. די פרייד אין שטוב איז דאַן געווען גרויס, מיר האָבן דאָס פשוט געהאַלטן פאַר אַ נס.

אָבער ווי תמיד, האָבן אויך דאָס מאָל די דייטשן אַכזריותדיק אָפּגע־נאַרט. אין מיטן דער נאַכט זענען צוויי סאָלדאַטן געקומען מיט אַ רשימה אין האַנט און נאָכן איבערלייענען דעם נאָמען נפתלי בייטנער, אים אַרויסגענומען פון בעט און אַוועקגעפירט.

דאָס איז געווען אַ שרעקלעכער קלאַפּ פאַר מיינע עלטערן. נפתלי, דער שיינער שטאַלטנער בחור, זייער מיזיניק, איז געווען שטאַרק צוגע־בונדן צו זיי. ווען די דייטשן זענען געקומען אים נעמען, איז ער אַרויפ־געפאַלן מיט אַ געוויין אויף דער מאַמעס האַלדז. די סאָלדאַטן האָבן אים אָפּגעריסן און אַרויסגעטריבן אין קאַלטן זאַוויערוכעדיקן דרויסן. דער טאַטע איז געבליבן שטיין, ווי פאַרגליווערט, מיטן פנים אָנגעלענט אויף די שויבן־פענצטער, אַרויסגעקוקט צום פאַלנדיקן ווייסן שניי, צו דער ווינטיקער זאַוויערוכע. געזוכט נפתלין, געזוכט זיינע טריט, ביז באַגינען...

בעת ער איז געווען אין בלעכהאַמער, בונדסקירכען, גראָסמאָסלאָוויץ, פלעגט נאָך קומען פון אים עפּעס אַ לעבנס־צייכן, אַ „כ׳בין געזונט", אָבער זינט ער איז פאַרשיקט געוואָרן אין דעם נייעם לאַגער, איז וועגן אים אין גאַנצן קיין שום ידיעה נישטאָ. אויך אויף דער גמינע־רשימה ווערט זיין נאָמען נישט דערמאָנט. אַ שלעכטער סימן. ווער ווייסט! ווער ווייסט! ווו געפינט זיך דער נייער לאַגער? ווו האָט מען אים פאַרשיקט — דאָס קאָן קיינער נישט אויפקלערן.

שווער זענען די טעג אין געטאָ, נאָך שווערער זענען די נעכט. אין דער נאַכט ווערט בולטער דאָס איצטיקע לעבן. ס׳ווערט גרעסער די אימה, דער גרויל, די שרעק פאַר דייטשע איבערפאַלן, די זאָרג וועגן גורל פון

די קינדער, וואָס אַרבעטן אין שטאָט און ווערן ערשט אין האַלבער נאַכט צוריקגעבראַכט נאָך אַ טאָג שקלאַפּן־אַרבעט.

איך ליג צוגעשפּאַרט אויפן מאַטראַצל, די אויגן געווענדט צום קליינעם פענצטערל און איך וואַרט אומגעדולדיק אויפן צוריקקער פון מיין טאָכטער.

אין שטוב איז פינצטער. פרוי פּאַקטאָר, מיין מיטוווינערין, קרעכצט. זי באַקומט אָפּט האַרץ־אָנפאַלן. איר מאַן האָט מען שוין לאַנג אַוועקגעשיקט. זי איז פאַרבליבן מיט דריי קליינע יינגלעך. מענדל ווײַנשטאָקס משפּחה־מיידעלע ליגט מיט אַ הויכן פיבער. אירע פאַרטריקנטע ליפּעלעך באַוועגן זיך, רופן: מאַמע, מאַמע.

— ווײַן נישט, — גלעט מענדל אירע בלאָנדע לעקלעך — דיין מאַמע וועט באַלד קומען, יאָ, זי וועט קומען...

זעליג איז צוגעשפּאַרט צום פענצטער. ביים שיין פון דער לבנה קוקט ער אַלץ אויפן זייגערל: דריי פערטל איינס — ברומט ער ווי צו זיך, אַרויסקוקנדיק צום פינצטערן גנעטאָ, און פּלוצלינג אַ פריידיקער אויסרוף: זי קומט! האַלושע גייט!

אין דער פינצטער, שטיל, קיינעם נישט צו וועקן, שאַרט זי זיך אַריין צו מיר אויפן געלעגער.

— מאַמע! — זאָגט זי אַ דערשראָקענע — אַ לאַנגע באַן מיט פופציק ליידיקע לאַסט־וואַגאָנעס שטייט אויף דער באַן־ליניע אין שראָדולע. וואָס זאָל דאָס באַדייטן? גרייט זיך ווידער אַן אויסזידלונג פון דעם רעשטל פאַרבליבענע יידן?

אַ היץ האָט מיר אַ זעץ געטאָן אין קאָפּ... טראָפּנס שווייס זענען אַרויס אויף מיין פּנים. זאָל דאָס הייסן, אַז ס'איז געקומען אויך אונדזער ריי? און מיר מוזן זיין גרייט? וווהין וועט מען אונדז פירן? וואָס וועט זיין מיט מיינע קינדער? איך שטרעק אויס מיינע אָרעמס צו האַלושען און זי טוליעט זיך שטאַרק צו מיר. איך הער ווי איר האַרץ קלאַפּט האַסטיק. און ביידע האָבן מיר אויסגעבראָכן אין אַ ביטער געוויין.

די נאַכט־שעהען, פול מיט שרעק, זענען אַוועק. אין דרויסן האָט אָנגעהויבן טאָגן. אין שטוב איז געוואָרן אַ טומל. אַלע גרייטן זיך שוין

ווידער אַוועקצולויפן צו דער אַרבעט. און ווידער זיצט האַלושע ביי דער מאַשין אין שאָפּ און נייט גאַטקעס פאַר די דייטשע מערדער.

פּלוצלינג הערט זיך פון דרויסן אַ גערויש. דייטשע מיליטער־אויטאָס זענען געבליבן שטיין פאַרן הויז פּילסודסקעגאָ 72. די נייע אָפּטיילונג פון העלדינגס שאָפּ איז באַפאַלן געוואָרן דורך דער געשטאַפּאָ.

— אַרויס מיט די זאַנדערס!

די צעשראָקענע מיידלעך שטעלן זיך אויס אין גלייכע שורות. עס ווערט איבער זיי דורכגעפירט אַ סעלעקציע. די וואָס באַזיצן דעם אות „ט", „ד", „ה", „טויגלעך" צו דער אַרבעט, ווערן אַוועקגעשטעלט אין איין זייט, די וואָס האָבן דעם אות „או", דאָס הייסט „אומטויגלעך", ווערן אַוועקגעשטעלט אין אַ צווייטער זייט. אַ טומל, געשרייען, זידלערייען. אין דעם מאָמענט האָט אַ מיידל אַ צי געטאָן האַלושען פאַרן אַרבל און עס איז זיי ביידן געלונגען צו אַנטלויפן.

אַראָפּגעריסן פון זיך די געלע לאַטעס, זענען זיי אַרויס אין גאַס און באַהאַלטן זיך אין אַ טויער. ווען ס'האָט זיך דערהערט דאָס קלאַפּעריי פון די אָפּפאָרנדיקע, זענען זיי ווידער אַריין אין שאָפּ און אָנגעשלאָסן זיך אין די רייען צו גיין אַהיים.

אָנהייב מאַי 1943. אַ געהיימער ראַדיאָ גיט איבער:

„געטאָ וואַרשע ברענט. די דייטשן האָבן באָמבאַרדירט דעם געטאָ. טויזנטער יידן ליגן אונטער די חורבות פון איינגעפאַלענע הייזער. די געהיימע יידישע אונטערגרונט־אָרגאַניזאַציע זש. מ. ב. רופט נאָך הילף צו זייערע יידישע און נישט־יידישע חברים פון דרויסן".

געטאָ וואַרשע ברענט? — ברעכט זעליג די הענט. — ווו איז אַהינגעקומען מיין גאַנצע משפחה? מיינע ברידער הענעך און לייבל? מיינע שוועסטערס רחלע און דבורהלע? וואָס איז געשען מיט זייערע קינדער? לעבן זיי? האָט מען זיי אַוועקגעשיקט בעת אַן אַקציע, אָדער זענען זיי פאַרבליבן פון די לעצטע אין געטאָ און זיי קעמפן קעגן די דייטשן פאַרן כבוד פונעם יידישן פאָלק! גאָט פון נקמה! — שרייט ער אויס — ווער וועט דערלעבן צו נעמען נקמה אין די מערדער פון אונדזערע ברידער!

שוין אין יאָר 1941 האָבן די דייטשן מיט דער גרעסטער אַכזריות אָנגעהויבן פאַרניכטן די יידן פון גענעראַל־גווערנאַמענט (קאָנגרעס־פוילן), אוקראַינע און ווייסרוסלאַנד.

מיר, די זאַגלעמביער יידן, האָבן געהאַט די „זכיה" אַרייגערעכנט צו ווערן צום „דריטן רייך", און דערפאַר זענען מיר פאַרבליבן פון די לעצטע.

געווען אַ פעריאָד פון מאַכן פּאַפּירן פאַר געוויסע משפחות, דורך זייערע קרובים אין אויסלאַנד, וועלכע האָבן זיך באַמיט ביי אויסלענדישע קאָנסולן, צו רעגיסטרירן זייערע קרובים אַלס בירגער פון אויסלענדישע מדינות און אַזוי אַרום אַרויסנעמען זיי פון היטלערישן גיהנום.

די ערשטע, וואָס האָבן באַקומען אַזעלכע פּאַפּירן אין יאָר 1943, זענען, ווי בירגער פון אורוגוויי פּאַראַגוויי און אַנדערע מדינות, אַוועק־געפירט געוואָרן אין „אילאַג" (אינטערנירונגס־לאַגער) און לויטן אינ־טערנאַציאָנאַלן אָפּמאַך דאָרט געדאַרפט אָפּוואַרטן ביזן סוף פון קריג.

די פּאַפּירן, וואָס זענען שפּעטער אָנגעקומען, האָבן שוין נישט מצליח געווען און קיין איינער האָט זיך נישט אַרויסבאַקומען. פאַרקערט, ס'האָט זיי געדראָט אַריינצופאַלן אין תפיסה פאַר האָבן אומלעגאַלע פאַרבינדונגען מיטן אויסלאַנד.

יולי 1943. דאָס געטאָ שראָדולע איז אויפגעציטערט געוואָרן. בליץ־שנעל האָט זיך צעטראָגן די ידיעה, אַז אין מיטן דער נאַכט איז אָנגעקומען אַ מאַשין און אַוועקגעפירט דעם יודענראַט. דאָס געטאָ איז געגאַנגען כאַדאָראָם. אַלע זענען געווען איבערצייגט, אַז ערגעץ ווו קומט פאַר אַ גאַר וויכטיקע באַראַטונג, ווו עס וועט זיכער געחתמעט ווערן אונדזער גורל. די פאַרבליבענע יידן אין שראָדולע לעבן אין שרעק און פּאַניק. ווער ווייסט, וואָס פאַר אַ נייע גזירות עס דערוואַרטן אונדז? יעדע שעה זעט אויס ווי אַן אייביקייט. וואָס לענגער זיי זאַמען זיך, אַלץ מער וואַקסט די נערוועזיטעט און שפּאַנונג.

עס קורסירן פאַרשידענע קלאַנגען, אָבער קיין זאַך איז נישט קלאָר. קיינער ווייסט נישט, וווהין מען האָט זיי אַוועקגעפירט און וואָס עס איז מיט זיי געשען. די גמינע איז דערווייל געבליבן אָן אַ פירערשאַפט. די

ערשט נעכטן פאַרמאַכטע קאַבינעטן, מיטן בייזן „וואָזשנע“ ביי דער טיר, שטייען איצט אָפן. מענטשן גייען אַריין און אַרויס פראַנק און פריי.

פאַר דער גמינע דרייען זיך יידן מיט פאַרזאָרגטע פנימער און אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. יעדנס אויער איז אָנגעשפּיצט, עפּעס אויפצוכאַפּן אַ וואָרט, אַ רמז. אָבער די געשעעניש בלייבט פאַר יעדן איינגעהילט אין אַ געדיכטן שלייער פון געהיימעניש.

אַט האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז מ'האָט זיי פאַרכאַפּט צוליב די דריי און דרייסיק מענטשן, וועלכע מען האָט אַוועקגעפירט אין אינטער־נירונגס־לאַגער, כדי זיי אויסצובייטן אין דער שווייץ. אַנדערע האָבן געוווסט צו דערציילן, אַז די דריי און דרייסיק פערזאָן, צווישן וועלכע עס געפינען זיך פעלאַ פּאָסלושנאַ, מאַטעק דאַנציגער און נאָך יוגנטלעכע, זענען גאָר פאַרשיקט געוואָרן קיין אוישוויץ.

אַזוי זענען אַדורך צוויי וואָכן אין דער גרעסטער שפּאַנונג. פון די גמינע־לייט איז נישט געקומען קיין שום ידיעה און אַלע האָבן שוין אָנגעהויבן גלייבן, אַז זיי וועלן מער נישט צוריקקומען. די מורא און אומרואיקייט איז געוואַקסן. ווער ווייסט, וואָס דער מאָרגנדיקער טאָג קאָן ברענגען — און אפשר נאָך די היינטיקע נאַכט?...

שכנים האָבן זיך פאַרזאַמלט, געדאַגהט. מיר זענען ביים לייב אין די ציין. אפשר זענען דאָס שוין אונדזערע לעצטע טעג, אָדער לעצטע שעהען?

— מיר דאַרפן זיך קעגנשטעלן, נישט גיין ווי שאָף צו דער שחיטה!
— רופט זיך אָן מענדל.

— וואַרפן אין זייערע קעפּ שטיינער, טעפּ, שיסלען — כאַפּט אונטער שמעון — קיין אַנדער וואָפן האָבן מיר דאָך נישט. זאָלן זיי אונדז דערהר־געגען אויפן אָרט, וועט זיין בעסער... לעבעדיקע טאָרן מיר זיך נישט איבערגעבן אין זייערע הענט. זיין פנים איז קרענקלעך צעפלאַמט. נערוועז שפּאַנט ער איבערן קליינעם צימער הין און צוריק.

ס'זענען געווען מיינונגען פאַר און קעגן. טייל האָבן בלויז צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

די לופט איז געוואָרן אַלץ שווערער, געדיכטער, אין שטיבל איז פול

געוואָרן מיט קנוילן רויך פון ציגאַרעטן, וואָס מען האָט געדרייט פון געטריקנטע בלעטער, אָפּגעריסענע פון אַ געטאָ־בוים.

— ס׳דערנענטערט זיך דער סוף — זאָגט וועלוול נאָך אַ קורצן שטילשווייגן. ער דראַפּעט מיט די פינגער זיין בלייך פּנים.

אין אַ ווינקל שטייט אויף זלאַטע די פּילצערן און מישט זיך אַריין. זי ווישט די טרערן מיטן ברייטן קאָלירטן פאַרטעך און פּאַפּראַוועט דאָס קאָפּ־טיכל אויפן קאָפּ: — ביי אונדז אין פּילץ — זאָגט זי — איז געווען אַקוראַט דאָס זעלבע. קודם האָבן זיי אַוועקגעפירט די יידן צו ביסלעך, און שפּעטער מיט איין מאָל אַרויסגעטריבן ס׳גאַנצע שטעטל.

אין אָט דער פינצטערער שטימונג האָט מען געזוכט אָן אָנהאַלט אַ „טרייסט״ ביים... טיש.

— זאָלן מיר פרעגן ביים טיש — דערהערט זיך אַ שטים. דאָס טיש, אַרום וועלכן מיר האָבן פאַרבראַכט האַלבע נעכט, דאָס טיש, וואָס האָט מיט „כישוף״ נאָך האַלבער נאַכט אָפּגעענטפערט אויף פאַרשידענע פראַגן, האָט אונדז דערמוטיקט, אָנגעפילט מיט נייע האָפענונגען — אַ סידור מיט אַן איינגעבונדענעם בראָנדזענעם שליסל איז געווען זיין מעדיום. דער כישוף־מאַכער. ביים סידור האָבן מיר געפרעגט און דאָס טיש האָט „געענטפערט״, אויפהייבנדיק די פאָדערשטע צוויי פיס האָט עס אויסגעקלאַפּט: איינס, צוויי אָדער דריי פעסטע קלעפּ.

— זאָלן מיר פרעגן ביים טיש, צי מיר וועלן בלייבן לעבן?

די שפּאַנונג איז געוואַקסן. אין יעדער שטוב ווערן געמאַכט צוגרייטונגען צו דעם טראַגישסטן, וואָס ס׳דערוואַרט אונדז. ס׳ווערן געמאַכט פון טישטעכער און ליילעכער רוק־זעק און ברויט־טאָרבעס, ענלעכע צו די בעטלער־טאָרבעס. אַ גרויליק גרייטן זיך...

דאָס יידישע שפּיטאָל איז אויך שוין אויסגעליידיקט געוואָרן. די קראַנקע, מיט געבונדענע הענט און פיס, מיט אָפענע ווונדן נאָך אַן אָפּעראַציע, זענען אַרויפגעוואָרפן געוואָרן אויפן וואָגן, ווי בינטלעך שמאַטעס. אַ געשפּענסטפול בילד איז דאָס געווען, בעת יידישע קליינע קינדער זענען געוואָרפן געוואָרן אויפן וואָגן אין זעק, ווי זעקלעך קאַרטאָפל, און אַוועקגעפירט...

שבת פאַרנאַכט. מען פילט, אַז עפּעס הענגט אין דער לופטן. זעליג קומט פון דער אַרבעט.

— וואָס הערט זיך, זעליג? — איז מיין ערשטע פראַגע. אָבער מען שווייגט, ווי אויף אַ באַפעל, אַלע זענען פאַרשטומט און דערשלאָגן. דאָס גאַנצע געטאָ איז איינגעהילט אין אַן אומהיימלעכער שטילקייט.

האַלב איינס ביינאַכט איז האַלושע געקומען פון דער אַרבעט.

— וואָס קאָן דאָס זיין — פרעגט זי מיט שרעק — וואָס מ׳האָט היינט עפּעס פריער אָפּגעלאָזט פון דער אַרבעט? און אַהיים געפירט דורך אַ נגענטערן וועג, אַ וועג, וואָס איז פאַרבאָטן פאַר יידן. און דאָרט האָבן מיר געזען אָנקומען אַ באַן מיט ליידיקע לאַסט־וואַגאָנעס און איז שטיין געבליבן נעבן שראַדולע. אַן אומרויקע, פול מיט זאָרג, איז זי, אַ מידע פון אַ טאָג שווערער אַרבעט, באַלד איינגעשלאָפן.

שפּעט אין דער נאַכט וועקט דער דיזשורנער: אויפשטיין! זיין גרייט!

זעליג איז געשלאָפן צוגעשפּאַרט צום פענצטערל. ער איז דער ערשטער אויף די פיס.

— קינדער, אויפשטיין!

מאָמענטאַל זענען מיר אַלע גרייט.

ווידער אַ באַפעל: אַריין אין די בונקערס!

אויף די שפּיץ פינגער זענען מיר אַראָפּ מיט די טרעפּלעך פון ערשטן שטאָק צום קעמערל, וואָס פירט אין בונקער אַריין. מיר הערן זיך צו צו דעם, וואָס אין דרויסן קומט פאָר. פון דער וויטן הערט זיך אַ שיסעריי.

נאָך עטלעכע מינוט איז ווידער שטיל.

— ווי שפּעט קען איצט זיין, זעליג? אפשר איז שוין טאָג?

מענדל וויינשטאָק איז פאַרבליבן אין גרויסן קעלער צוזאַמען מיט נאָך שכנים. ער האָט צוגעזאָגט צו געבן אַ צייכן, ווי עס האַלט, צי מ׳קען אַרויסגיין.

מיר הערן טריט. — ווער גייט? — ס׳דערהערט זיך מענדלס שטימע. מיר האָבן לייכטער אָפּגעאָטעמט.

— ר׳ זעליג, גייט אַרויס.

ער רוקט אָפּ אַ שווערן קאַסטן איבער דער קלאַפּע. מיר עפענען און גייען איינציקווייז אַרויס און געפינען זיך ווידער אין דער קאַמער. זעליג פרעגט שטיל: „וואָס הערט מען, מענדל?"

— נישט גוט! — פאַלט אַ טרויעריקער קרעכץ — מ'זאָגט, אַז ס'ווערט „יידן־ריין", ד. ה., אַז אַלע יידן אין שראַדולע ווערן היינט אויסגעזידלט. פון דער נאַכט־אַבלאַווע זענען פאַראַן אַ סך קרבנות. אַט ליגן פאַר אונדז צוויי דערשאָסענע פרויען. זיי זענען געווען באַהאַלטן אין אַ קאַמער. פון דאָרט האָט מען זיי אַרויסגעשלעפּט און דערשאָסן.

מיר גייען אַרויס אין גאַס, אַרום איז שטיל, מיר פילן די פאַרטייעט־קייט, ס'איז די שטילקייט פאַר אַ שטורעם... ס'לויפט פאַרביי אַ מיליציאַנט. ווי נישט מיט זיין קול רופט ער אויס: יידן־ריין, ס'ווערט יידן־ריין!...

הילפלאָזע גייען מיר אַרויף אין שטוב. ס'קומען זיך צונויף די שכנים. זלאַטע, אַ שכנה אין דער בשותּפותדיקער דירה, וועלכע האָט ביז איצט העלדיש און עקשנותדיק געראַטעוועט אירע צוויי קינדער, געלאָפן מיט זיי פון אָרט צו אָרט, געשמוגלט זיי פון גענעראַל־גוווערנאַמענט אַהער, אין רייך — האָט אויך דערפילט איר אומבאַהאָלפנקייט. זי האָט זיך איינגע־בראָכן אונטער דער שווידערלעכער בשורה און אויסגעבראָכן אין אַ ספּאַז־מאַטיש געוויין.

— אויב ס'ווערט „יידן־ריין" — זאָגט זי — איז צוועקלאָז דאָס באַ־האַלטן זיך. איך האָב דאָס שוין מיטגעמאַכט אין פּילץ ביי דער לעצטער אויסזידלונג. די אַלע, וואָס האָבן זיך באַהאַלטן, זענען אויפן אָרט דער־שאָסן געוואָרן.

— קינדער, מיר מוזן גיין — האָט זי זיך געווענדט צו אירע צוויי מיידעלעך, וואָס האָבן זיך געטוליעט צו איר, ציטערנדיק פאַר שרעק. — טייערע קינדערלעך! — האָט זלאַטע געיאָמערט — פון פּילץ בין איך מיט אייך געלאָפן אַהער. ווו זאָל איך איצט מיט אייך לויפן, ווען אַלע טויערן זענען פאַרמאַכט און אַלע וועגן פאַרשטעלט?... זי נעמט אויף זיך דעם שווערן רוקזאַק. — זי איז גרייט.

— נעם דאָס, שיינדעלע! — רופט זי דאָס עלטערע טעכטערל, אַ מיידעלע פון אַ יאָר צוועלף, וואָס פלעכט אירע קאַשטאַן־צעפּ. די מוטער

דערלאַנגט איר די טאָרבע מיט געטריקנטע שטיקלעך ברויט. אויך דעם קלענערן מיידעלע גיט זי אַ טאָרבע מיט געטריקנטן ברויט. — טוט זיך אָן, קינדער! — און זי נעמט פּאָר יעדן אַ פלאַש וואַסער אויפן אומבאַקאַנטן וועג...

פרוי פאַקטאָר איז אָנגעטאָן אין אַ גראַנאַט־קאָסטיום, אירע דריי יינגלעך אין די שבתדיקע אָנצוגלעך. מענדל און זיין פרוי זענען שוין גרייט. אַלע זענען אָנגעטאָן אין די בעסטע זאַכן.

ווי אַ פאַרשטיינערטער שטייט זעליג ביים פאַרמאַכטן פענצטער און קוקט אַראָפּ צום ליידיקן געסל. פּלוצים זאָגט ער צו מיר:

— אין צווייטן הויף וווינט וועלוול, פרעג ביי אים זיין מיינונג. ער איז דאָך פאַרבונדן מיט די גמינע־לייט. אפשר ווייסט ער, וואָס צו טאָן.

נאָר ר׳ וועלוול האָט נישט מער געוווּסט ווי מיר. ער האָט בלויז געוווּסט, אַז ס׳איז ביטער...

— אויב עס ווערט יידן־ריין — ענטפערט ער — איז נישט פאַראַן קיין שום עצה, מוזן מיר גיין. איך וועל גיין מיט אייך צוזאַמען — זאָגט ער גלייכגילטיק — זענען מיר דאָך עפּעס אַלטע שכנים...

אויף די טירן פון דער גמינע האָבן די דייטשן אויסגעקלעפּט אַ פּלאַקאַט, ווו ס׳ווערט געזאָגט, אַז אַלע אַרבעטער פון העלדינס שאָפּ וועלן צוזאַמען מיט זייערע פאַמיליעס און ניי־מאַשינען איבערגעפירט ווערן צו דער אַרבעט קיין בזשעזשינקע.

— ווו איז דאָס בזשעזשינקע? — פרעגט איינער דעם צווייטן. נאָר קיינער ווייסט נישט. וואָס איז דען דער חילוק, ווו דער שאָפּ געפינט זיך? זאָל שוין זיין בזשעזשינקע. און מיר באַשליסן צו מעלדן זיך צו העלדינס שאָפּ.

צוזאַמען מיט האַלושען לויף איך זיך געזעגענען מיט מיינע עלטערן. דער וועג איז פול מיט מיליטער און געסטאַפּאָ־לייט. איצט טשעפּען זיי נישט. זיי זענען איבערצייגט, אַז נאָך דעם אויפרוף וועלן די יידן אַליין זיך מעלדן. דעם טאַטנס ברויט־געוועלב איז באַלאַגערט פון הונדערטער מענטשן, וועלכע רייסן דאָס ברויט פון די פאַכן. היינט פאַרקויפט מען נישט און מען דאַרף שוין נישט האָבן קיין ברויט־קאַרטן, נאָר יעדער

נעמט, ווײַל עס לאָזט זיך. געגומען פיר לעבלעך ברויט, גיי איך זיך געזעג־געגענען מיט דער מאַמען, איר אַ קוש געבן. אפשר דעם לעצטן קוש... די מאַמע בייגט אַוועק דעם קאָפּ פון מיר.

— כ׳וויל זיך נישט געזעגענען — זאָגט זי.

איך קוק זיך איין אין איר, כ׳וויל פאַרשטיין איר כוונה. איך זע אירע באַצערטע, בלאַנדזשענדיקע אויגן, איר צעפלאַמט, ברענענדיק פּנים, אירע ליפּן באַוועגן זיך לאַנגזאַם און שעפּטשען עפּעס: „גאָט זאָל אײַך היטן, גאָט זאָל אײַך פירן...״

— מאַמעשי, — זאָג איך, — און אַ קוואַל טרערן פלײצן פון מײַנע אויגן. ס׳האַרץ קלאַפּט אַזוי שטאַרק, ווי ס׳וואָלט געוואָלט אַרויסשפּרינגען פון דער ברוסט — וועלן מיר זיך נאָך אַ מאָל זען, מאַמעניו?

כ׳וויל וואָס שנעלער אַהיים לויפן, אפשר וועט שפּעטער נישט זײַן קיין וועג אויף צוריק, אָדער זיי וועלן דערווײַל צונעמען זעליגן מיט יאָסעלען און איך וועל זיי מער נישט זען.

לויפנדיק ווי אַ פאַרטויבטע אַהיים, טרעף איך דעם טאַטן. אויך ער לויפט, אַנגעטאָן אין ווײַסן כאַלאַטל, דאָס פּנים בלייך, די אויגן רויט פון וויינען. מיט אײַנגעהאַלטענעם אָטעם און ציטערנדיקער שטים דערציילט ער מיר:

— כ׳בין געווען אויף „קאַלך־צײַלע״. מ׳זאָגט, אַז דאָרט קומט פאָר אַ רעגיסטראַציע פון אָנגעשטעלטע אין גמינע־קאָאָפּעראַטיוון. איך וויל זיך מעלדן, אפשר קאָן דאָס העלפן זיך צו ראַטעווען פון אַוועקשיקן.

— טאַטעשי, מיר ווילן זיך שטעלן אין העלדינס שאָפּ. ווי איז דײַן מיינונג, זאָלן מיר דאָס טאָן, אָדער בעסער פאַרבלײַבן צוזאַמען מיט אײַך?

— כ׳ווייס נישט וואָס צו ראָטן. גאָט זאָל זיך דערבאַרעמען און אײַך היטן, איר זאָלט ניצול ווערן פון די רוצחישע הענט!

דער טאַטע וויינט, כליפּעט אויפן קול: — כ׳קאָן דיר גאָרנישט העלפן, מײַן טאָכטער. ער קלאַמערט מיך פעסט צו זיך. איך פיל זײַנע הייסע טרערן אויף מײַן פּנים.

פונעם בערגל „שטיק־צײַלע״ הייבן אָן פליען קוילן. דערציטערטע, צעלויפן מיר זיך, דער טאַטע אין איין זײַט, איך מיט האַלושען אין דער

אַנדערער זייט. די גאַס ווערט אָפּגעליידיקט פון מענטשן. פון ווייטן זעט מען שוין פירן אַ גרופּע יידן. די זעלנער באַפאַלן די הייזער און יאָגן מיט ווילדער רציחה. עס סווישטשען קוילן אין די גאַסן און עס פאַלן טויטע. אַ סך וואַרטן נישט מען זאָל זיי קומען נעמען, זיי מאַכן אַליין אַ סוף צום לעבן... פרוי ד״ר ווייס האָט באַלד אין דער פרי, דערוויסנדיק זיך, אַז ס׳ווערט יידן־רייך, זיך פאַרסמט צוזאַמען מיט אירע צוויי קינדער דורך אַ ספּעציעלער איינשפּריצונג. די איינשפּריצונג פאַרן קלענערן קינד האָט נישט געווירקט — און דאָס מיידעלע איז געבליבן לעבן.

בלומס פרוי האָט זיך פאַרסמט מיט יאָד. וועגן נאָך אַ ריי זעלבסטמאָרדן פון באַקאַנטע דערוויסן מיר זיך. אין אַלע הויפן און געסלעך וואַלגערן זיך טויטע.

בונקערס ווערן אויפגעריסן מיט אַ באַפעל: ראַוס! ווער עס האָט נישט באַוויזן שנעל אַרויס, איז אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן. מיט האַנט־גראַנאַטן האָבן זיי אויפגעריסן און ליקווידירט יעדן בונקער.

אין אָט דער אימהדיקער שטימונג נעמט זעליג אַרויס אַ פלעשל בראָנפן, שטעלט עס אַוועק אויפן טיש און זאָגט מיט אַן ערנסטער טרויע־ריקער שטים:

— מענדל, לאָמיר טרינקען „לחיים״, דאָס לעצטע מאָל אין אונדזער שטוב. — דאָס פלעשל שטייט אויפן טיש, יעדער נעמט אַ ביסל, און מיט טרערן אין די אויגן ווינטשט מען זיך, מיר זאָלן ניצול ווערן פון די רוצחים און דערלעבן צוריקצוקומען.

איך וואַרף אַ בליק אויף מיין דירה. ווי אייגן דאָס איז מיר אַלץ געוואָרן. די דינע ווייסע ליילעכער, וועלכע הענגען אַראָפּ אין מיטן שטוב און טיילן אָפּ איין משפּחה פון דער צווייטער, זעען איצט אויס אין מיינע אויגן ווי שטאַרקע ווענט. ווי שווער איז צו פאַרלאָזן דאָס שטיקל ווינקל פון אונטערן ווייסן ליילעך. דאָס אָרט, וווּ יעדער שפּאַן איז מיט אונדזערע טרערן באַגאָסן... מייך שטוב, מיין היים, איז מיר איצט אַזוי נאָענט, אַזוי טייער...

וווּהין גייען מיר? ווו פירט אונדז אונדזער ביטערער גורל?

די רוצחים זענען זייער „טעטיק״. זיי באַפעלן, שרייען, פירן מענטשן מיט פּעקלעך אויף די פּלייצעס, און אָט דערנענטערן זיי זיך אין דער

ריכטונג צו אונדזער הייזל. ווי אַ שטורעם רייסן זיי זיך אַריין אין שטוב מיט אָנגעצילטע ביקסן. מיר ווערן פאַרגליווערט פון שרעק.

— איר זענט נאָך דאָ?! — רראַוס מיט דער שייסע! רראַוס!...

שנעל פאַרלאָזן מיר די שטוב און לויפן לויטן באַפעל ביזן אויסן־ציילע. מיר ווערן אויסגעמישט מיט די איבעריקע יידן. דאָס גאַנצע דערפל איז פאַרזאַמלט אויף איין פּלאַץ. אַלע באַקאַנטע און קרובים זענען שוין דאָ. דער פעטער ברוך, די מומע רבקה מיט זייערע קינדער, חנהלע און יאָסל קאַנטאָר מיט זייערע קינדער, דער פּלאַץ אויסן־ציילע איז איבערפולט. פופצן טויזנט מענטשן, אַרומגערינגלט מיט מיליטער־לייט און געסטאַפּאָ.

די היץ איז גרויס. די קעל פאַרטריקנט. וואַסער! ווו נעמט מען אַ ביסל וואַסער? צוזאַמענגעפּרעסט, מיר זאָלן נישט קענען אַנטלויפן, איז די ענגשאַפט געוואָרן נאָך גרעסער און די היץ נאָך שטאַרקער. אַ סך מענטשן האָבן געחלשט, אָבער ווער האָט זיך אויף זיי אומגעקוקט?

טראַנספּאָרטן גייען אַוועק. די רייען רוקן זיך פאָרויס.

— אויסשטעלן זיך צו פינף! — דער באַפעל ווערט באַגלייט מיט קלעפּ. עס פליען קוילן פון רעוואָלווערן און ביקסן.

די יידישע מיליץ האָט שוין גאָרנישט וואָס צו זאָגן. זיי האָבן זייער „פליכט” פאַרן דריטן רייך פאַרענדיקט. איצט זענען זיי גלייך מיט אַלע־מען. נאָר די ווייסע היטלען זענען זיי נאָך פאַרבליבן. מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, מיט די פּעקלעך אויף די פּלייצעס, וואַרטן זיי אויף אַ באַפעל פון די דייטשן.

מיינע געדאַנקען רייסן זיך איבער, בעת איך דערפיל אַ קלאַפּ פון אַ ביקס איבער די פּלייצעס און אַ געשריי: „פאָרויס!” מיר גייען. מיין האַרץ ציטערט. רבונו של עולם, ווו גייען מיר? — — —

*

זונטיק, ערב ראש חודש אב, דעם 1טן אויגוסט 1943, אין יאָרטאָג פון חורבן בית־המקדש האָט זיך אָנגעהויבן אונדזער נייער חורבן. די אויסזידלונג פון אַלע יידן אין זאַגלעמביע.

די רייען רוקן זיך פאָרויס. איך פיל אַ מידקייט אין גאַנצן קערפּער

און אַ פינצטערן נעפּל פאַר די אויגן. ס׳דאַכט זיך מיר, אָט גיי איך, אָט פאַל איך. איך גיי ווי איבער בערג און טאָלן, די פיס פּלאָנטערן זיך, ווי פּרעמדע. ווו בין איך?

— לויפן! — פאַלט אַ באַפעל. באַוואָפנטע זעלנער מיט אויסגע־שטרעקטע ביקסן אין די הענט, טרייבן אונדז. קינדער, איינזאַמע, האָבן זיך געוואַלגערט אויפן אויסזידלונגס־פּלאַץ „אויסן־ציילע״ און אין דער ענגשאַפט זענען זיי צעטראָטן געוואָרן. די רוצחים האָבן זיי געוואָרפן אין די אָרעמס פון יונגע בחורים און מיידלעך.

— נעם די שייסע! — האָבן זיי באַפוילן.

מ׳האָט שוין געוווּסט, אַז דערוואַקסענע, וואָס האַלטן קינדער, גייען גלייך צום פאַרניכטן, אַ גיהנום איז געווען דער אויסזידלונגס־פּלאַץ. אַ שיסעריי, יללות פון אַלע זייטן. מאַמעס האָבן געדריקט צו זיך זייערע קינדער און שרעקלעך געוויינט.

— כ׳וועל דיך נישט אָוועקגעבן! — יאָמערט אַ מאַמע, צודריקנדיק איר קינד צום האַרצן — צוזאַמען מיט דיר וועל איך גיין, צוזאַמען מיט דיר וועל איך אומקומען!

טראַנספּאָרטן גייען. מיר זענען אויסגעשטעלט אין גלייכע רייען און וואַרטן, לעבן מיר היימישע און באַקאַנטע. פּלוצעם גיט מיך יאָסעלע אַ שלעפּ ביי דער האַנט, — קום צוריק — זאָגט ער, מיר רוקן זיך צוריק און לאָזן אַדורך אַנדערע. — קום נאָך ווייטער, שלעפּט ער מיך. איך ווייס נישט וואָס עס איז זיין כוונה, נאָר איך פאָלג אים, האָט ער עפּעס אַ שלעכט פאָרגעפיל? ווי מיר האָבן שפּעטער געהערט, איז דער טראַנספּאָרט, פון וועלכן מיר האָבן זיך צוריקגעצויגן, געגאַנגען גלייך צום פאַרניכטן.

אַ ייד, איינגעשפּאַנט אין אַ וואָגן, קלייבט צוזאַמען די פּיצלעך קינדער, וואָס זיצן אויף דער ערד אַרום דעם אויסזידלונגס־פּלאַץ „אויסן־ציילע״. וויינענדיקע, מיט פאַרטרערטע אייגעלעך, פּישטשען זיי קוים: מאַמע, מאַמע... דער ייד, אויפן באַפעל פון די דייטשן, וואַרפט די קינדערלעך אויפן וואָגן און פירט זיי אָוועק צו די וואַגאָנעס.

— האַלט מיך צו, האַלושע, יאָסעלע, — רעד איך צו זיי ווי אין חלום. מיר גייען פאַרויס און בלייבן שטיין ביי אַ לאַנגער אָפּגעליידיקטער גאַס. פון ביידע זייטן טראָטואַרן און הייזער, אַ לאַנגע שורה גרינע ביימער שיצט קעגן דער ברענענדיקער זון.

פון די שטילע פרידלעכע הייזער מיט פאַרמאַכטע פענצטער קוקן אַרויס צו אונדז מענטשלעכע אויגן — דאָס זענען די גליקלעכע „אַריער״.

מיר גייען ווייטער און קומען אַנטקעגנאיבער ראָזנערס שאָפּ. זענען מיר, הייסט עס, אין בענדין! דאָ האָבן מיר זיך אויף אַ באַפעל אַוועקגעזעצט אויף די זייטיקע טראָטואַרן און געוואַרט. אין דער צייט שרייבט האַלושע עטלעכע ווערטער צו אסתר מאַנשיין אין לאַגער: „מיר גייען — שרייבט זי — און ווייסן נישט וווהין. הלוואי מיר זאָלן בלייבן לעבן און זיך נאָך זען״.

זי לאָזט דעם בריוו ליגן אין אַ זייט מיט אַ צוגעטשעפּעט צעטעלע: „ווער עס וועט דעם בריוו געפינען, ווערט געבעטן אים אָפּשיקן מיט דער פּאָסט״.

מיר זיצן אַזוי לאַנגע שעהען.

דערווייל טרייבט מען אַדורך מיטן וועג אַנדערע טראַנספּאָרטן יידן. זיי זענען אויס ווי מיר, אויסגעמאַטערטע, פאַרצוויפלטע, מיט פּעקלעך אויף די פּלייצעס. מיר געפינען צווישן זיי באַקאַנטע פּנימער, פריינד און משפחה. דאָס איז די לעצטע אויסזידלונג פון די זאַגלעמביער יידן, וואָס זענען נאָך ביז היינט פאַרבליבן אין געטאָ. זיי גייען פאַרביי מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און שווייגן, ווי זיי וואָלטן זיך געשעמט מיט דער זינד, וואָס מענטשן באַגייען קעגן מענטשן...

פאַרנאַכט דערהערט זיך אַ באַפעל: אויפשטיין! יעדער נעמט זיין פּעקל אויף די פּלייצעס און מיר שלעפּן זיך ווייטער. מיר קומען צו צו געמויערטע באַראַקן. דאָ ווערט פון דאָס ניי אַ בהלה. באַפעלן, געשרייען און קאָלבעס איבער קעפּ. איינער שטופּט דעם צווייטן, מען וויל וואָס פריער אַריין. מענטשן כאַפּן זיך אַרויף אויף די פענצטער־ברעטלעך, קלעטערן אויף די גלייכע ווענט, אַבי זיך וואָס פריער איינעווייניק און פאַרשווינדן פון אונדזערע פאַרפאָלגערס אויגן.

מיר געפינען זיך אין די אַמאָליקע בענדינער מיליטערישע קאַשאַרן. איך כאַפּ אַ בליק אין דרויסן און זע ליגן טויטע. דאָס זענען קרבנות, וואָס האָבן נישט באַוויזן רעלטצייטיק זיך אַריינצובאַקומען אינעווייניק. ביטער! זוער ווייסט, וואָס זיי פּלאַנען צו טאָן מיט אונדז! אַ שווערע, ביטערע נאַכט. אַ נאַכט, פול מיט קאַשמאַרן און געשפּענסטער.

פאַרטאָג טרייבט מען אַרויס פון די קאַשאַרן:

— הערויס! הערויס! און זיי שלאָגן מיט די קאָלבעס. אַנטקעגן די קאַשאַרן — אָפענע טירן פון פאַרלאָזענע יידישע הייזער. מיר לויפן ראַפּטעם דאָרט אַריין — ערגעץ פאַרשטופּן זיך, באַהאַלטן. פאַר די אויגן אַנטפּלעקט זיך אַ שוידערלעך בילד: די בעטן צעוואָרפן, אויף דער ערד וואַלגערן זיך מלבושים, אַ ליידיק קינדער־בעטל, אויפן טיש טעלער מיט נישט דערעגסענע קאַרטאָפל. דאָס בילד וואַרפט אָן אַ פּחד. פון דרויסן דערטראָגן זיך שרעקלעכע געשרייען. די רוצחים קומען צו לויפן מיט גרויסע בייזע הינט. ס'מישן זיך צונויף דאָס געבילעריי פון הינט מיט די געשרייען פון די דייטשן און די יאָמערדיקע קולות פון די יידן, וועלכע לויפן אָן אַ ציל. זעלנער שיסן און ס'פאַלן ווידער טויטע.

אַ נייער טאָג און מיר גייען ווייטער. האַלטנדיק זיך קוים אויף די פיס שלעפּן מיר אויף זיך די פּעקלעך. יעדער איינער טראָגט אויף דער פּלייצע אַ רוקזאַק מיט זיינע בעסטע זאַכן. יאָסעלע האָט צום רוקזאַק צוגעבונדן אַ פּאָר נייע שיך.

— לאָס דאָס שטיין! — דערהערט זיך אַ געשריי, און איידער מיר האָבן באַוויזן אומצוקוקן זיך, האָט אַ זעלנער אַרונטערגעריסן דעם רוקזאַק פון זעליגס פּלייצעס.

— יאָ, — זאָגט זעליג צו מיר אַ רעזיגנירטער — אַ שאָד דאָס צו שלעפּן, שטעל אַוועק אויך דיין רוקזאַק.

דער דייטש רעדט עפּעס מיט חוזק און ביטול: — צו וואָס דאָס שלעפּן? דאָרט ווו איר גייט באַקומט איר אַלץ. „אַלעס בעקאָמט איר דאָרט..." איך כאַפּ אַ בליק אויף מיינע צוויי ברוינע רוקזעק און טרערן באַגיסן מיין פּנים. יאָ, זאָג איך צו זעליגן, מיר זענען פאַרלוירן, זאָלן כאָטש אונדזערע קינדער בלייבן לעבן!

דער טראַנספּאָרט גייט, רוקט זיך פאָרויס, אַ כמאַרע פון טויזנטער מענטשן. נישט ווייט פון מיר זע איך דעם אַלקושער רבי. ער איז איינגעהילט אין טלית־און־תפילין און טראָגט אין האַנט אַ ספר־תורה.

עטוואָס ווייטער שפּרייזט דער רבי ר׳ חיימקע, אַ נידעריקער, מיט אַ בלאַנד־גרויליכער באָרד און אין אַ זיידענער קאַפּאָטע. ער איז געקומען אין געטאָ פון אַ קליין שטעטל אין דער צייט פון די גרעסטע אַקציעס, זיינע חסידים האָבן אים געבעטן: רבי, מירן אייך אָוועקפירן, אויסבאַהאַלטן, נאָר ער, ר׳ חיימקע, האָט אַלץ געטענהט: מיט וואָס בין איך אַנדערש פון אַנדערע יידן? אויף אומקומען בין איך דען חס ושלום קיין ייד נישט? געהער איך נישט צום קדושים־פאָלק? ניין — האָט ער געטענהט — אין אַן עת צרה וועל איך אייך נישט פאַרלאָזן.

און צוזאַמען מיט אַלע יידן גייט דער רבי ר׳ חיימקע מיט דער אויסזידלונג קיין אוישוויץ. אַלע אָן אויסנאַם, פרומע, פרייע, אָרעמע און רייכע — אַלע גייען דעם זעלבן וועג...

מיר גייען פאַרביי אַ ברונעם; שנעל שטעל איך אונטער אַ פלעשל, כ׳וויל נעמען אַ ביסל וואַסער. אָבער נאָך איידער איך האָב גענומען דאָס פלעשל צום מויל, איז אויסגעוואַקסן נעבן מיר אַ דייטשער סאָלדאַט און אַ זעץ געטאָן איבער מיין האַנט. דאָס פלעשל איז אַרויסגעפאַלן און צעבראָכן געוואָרן אויף שטיקלעך.

— לאָופן! — שרייט מען פון אַלע זייטן — לאָופן!

ווו זענען מיר? איך דערקען מער נישט דעם וועג, ווו מיר געפינען זיך. וואָס פאַר אַ סטאַציע איז דאָס? אַ ריזיקער פּעראָן, אַ לאַנגע באַן מיט צענדליקער לידיקע וואַגאָנעס פאַר פערד שטייט אויף דער באַן־ליניע.

— איינשטייגן! — דערהערן זיך קולות. צעיושעטע באַנדעס, מיט גומי־שטעקנס, האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אויף אונדז. גרויסע הינט בילן אָן אויפהער און רייסן שטיקער.

האַסטיק און שנעל שטופּן מיר זיך, כדי וואָס גיכער אַנטרינען צו ווערן פון די דייטשע קלעפּ, וואָס שנעלער אַריין אין די וואַגאָנעס. אין די טויזנטער האָט מען אונדז אַהער געבראַכט, גאַנצע משפּחות, צעריסענע משפּחות, וואָס אַ טייל פון זיי איז שוין פון לאַנג פאַרשלעפּט געוואָרן...

אין וואַגאָן נעבן מיר געפינען זיך מאָטעק סוראָוויץ, יאָסעלעס חבר, מיט זיין שוועסטער און עלטערן, דודטשע קאַליש, שמואל עלבוים און זיין צוועלף־יאָריק מיידעלע. צונויפגעקוועטשטע שטייען מיר איינער נעבן אַנדערן.

אין וואַגאָן איז טונקל און עס שטיקט. די הערמעטיש פאַרמאַכטע טירן לאָזן נישט אַריין נישט קיין ליכט און נישט קיין לופט.

כאָטש ס'איז ערשט פאַר מיטאָג און אין דרויסן ברענט די זון, פילן מיר קוים די דינע שטראַלן, וואָס דרינגען אַריין דורך די קראַטעס פון די קליינע פענצטערלעך.

ס'איז געוואָרן שטיל, אין גאַנצן שטיל. ס'דערהערט זיך אַ פייף און די באַן נעמט רירן פון אָרט. די מער דרייסטע מענער כאַפּן זיך אַרויף צו די קראַטעס פון די פענצטערלעך, פעסטצושטעלן, פון וועלכער ליניע די באַן גייט אָפּ: קיין קאַטאָוויץ, אָדער אין דער ריכטונג פון מיסלאָוויץ.

דער וואַגאָן איז אָנגעפּראַפּט מיט מענטשן, ס'הערשט אַ מוראַדיקע שטילקייט. אין דרויסן איז אויך שטילער געוואָרן. מען הערט נאָר דאָס שרייען פון די רוצחים, דאָס קלאַפּן און פאַרשליסן מיט שלעסער די וואַגאָנעס, און דאָס בילן פון הינט.

דאָס אַרויסקוקן געדויערט נישט לאַנג, בלויז עטלעכע מינוט. באַלד דערהערט זיך אַ געיאָמער. די מענער רייסן זיך די האָר פון קאָפּ:

— יידן! — שרייען זיי — מ'פירט אונדז קיין אוישוויץ!...

אין וואַגאָן, וווּ עס האָט ביז איצט געהערשט אַ טויטע שטילקייט, האָט אויסגעבראָכן אַ מוראַדיקער געיאָמער. די מענער רייסן אַראָפּ פון זיך די געלע לאַטעס, וואַרפן דאָס אַרויס דורך די קראַטעס און שרייען מיט געוויין: זאָל די וועלט כאָטש וויסן, וווּהין מען האָט אונדז געפירט.

— אוישוויץ! אוישוויץ! — טראָגן זיך פאַרצווייפלטע געשרייען פון אַלע ווינקלעך — מיר זענען פאַרלוירן!

יאָסעלע בייגט זיך אַראָפּ צו מיר, ער גלעט מיין פּנים און ווישט מיינע טרערן.

— וויין נישט, מאַמעניו, מיר וועלן איבערלעבן... מיר וועלן זיך נאָך טרעפן...

ער איז בלאַס און דערשראָקן. זיינע שוואַרצע ברענענדיקע אויגן זענען פול מיט טרערן. זיין שטים ציטערט: „מיר וועלן זיך נאָך אַ מאָל טרעפן, כאַמעניו״...

האַלושע רעדט גאָרנישט. זי בייסט די ליפּן און וויינט אין דער שטיל. זעליג איז בלאַס און ער ציטערט. ער ברעכט די הענט און זיינע ליפּן שעפּטשען שטיל אַ תפילה. זיין גאַנצער קערפּער באַוועגט זיך, ער מאַכט דעם איינדרוק ווי ער וואָלט געדאַוונט. אפשר זאָגט ער תהילים אָדער גאָר ווידוי? ער איז אָנגעטאָן אין נייעם גרויען מאַנטל. אין בוזעם־קעשענע — אַ פלעשל ארץ־ישראל־וויין, נאָך פון יאָסעלעס ברית, וואָס מיר האָבן באַהאַלטן — צו טרינקען „צו זיין חתונה״.

יעדער פון אונדז טראָגט אונטערן אָרעם אַ ברויט.

— כ׳בעט דיך, הדסה לעבן — רופט זיך פלוצים אָן צו מיר זעליג — דו זעסט דאָך שוין ווהין מיר גייען. איך בין איבערצייגט, אַז זיי וועלן נישט דערלויבן מענער און פרויען זאָלן זיין צוזאַמען. זיי וועלן אונדז זיכער פונאַנדערשיידן. פאַרלאַנג איך פון דיר זאָלסט מיר צוזאָגן, אַז דו וועסט נישט וויינען.

איך ענטפער נישט. מיר איז אוממעגלעך אַ וואָרט אַרויסצוברענגען פון מויל. טרערן שטיקן אין האַלדז. ס׳האַרץ פּלאַצט פון ווייטיק. וואָס זאָגט ער, זעליג, ווי זאָל איך גיין אַליין? ווי וועל איך אויסהאַלטן אַליין?

ס׳גאַנצע לעבן זענען מיר צוזאַמען. אין דער גרעסטער סכנה נישט פאַרלאָזט איינער דעם אַנדערן, אפילו נישט, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט אין ראַטעווען ס׳לעבן — שטאַרבן און לעבן צוזאַמען!

נאָך פינף יאָר קאַמף מיט איבערמענטשלעכע כוחות, איז אונדז דאָך געלונגען אַרויסצורייסן די קינדער פון די רוצחישע נעגל. ווי אַ פויגל, וואָס באַשיצט די יונגע פייגעלעך בעת רויב־חיות ווילן זיי פאַרצוקן, אַזוי האָבן מיר באַשיצט די קינדער, אָפּהיטנדיק זיי פון יעדער געפאַר. און איצט, וווהין פירן מיר אונדזערע קינדער? קיין אוישוויץ!...

די רעדער קלאַפּן. די באַן שלעפּט זיך שווער און לאַנזאַם, ווי עס וואָלט איר שווער געווען צו שלעפּן אַזוי פיל יידישע יסורים. יעדער סקריפּ פון די רעדער שניידט זיך איין אין מיין האַרץ און מ״ח.

מיר שווייגן. — — —

קיינער רעדט נישט קיין וואָרט, ווי מיר וואָלטן שוין שלום געמאַכט מיטן געדאַנק פון טויט. איינער קוקט אויפן צווייטן מיט בליקן פון טרויער און יאוש.

— יאָסעלע — זאָג איך, און כ׳פיל, אַז כ׳דאַרף אים עפּעס זאָגן, אָנ־זאָגן אים עפּעס, איידער... נאָר איך קען קיין וואָרט נישט אַרויסברענגען. מיין פּנים ברענט. פון שרעק האָב איך די ווערטער פאַרלוירן. מיטן גאַנצן קערפּער בין איך אויף אים אַרויפגעפאַלן, מיט גליענדיקע הענט אים אַרומגענומען, געדריקט צו זיך: יאָסעלע, מיין יאָסעלע!

„מיר דערנענטערן זיך צו אַ סטאַציע״, באַמערקן די מענער, „מ׳זעט שוין דעם פּעראָן״.

זעליג בייגט זיך איין צו מיר און מיט אַ קוים הערבאַרער, ציטערדי־קער שטים, זאָגט ער:

— גאָט זאָל דיך היטן און דו זאָלסט אָנטרעפן אויף גוטע מענטשן, וואָס זאָלן דיר העלפן.

די רעדער דרייען זיך לאַנגזאַמער. די באַן בלייבט שטיין. ווי אַ דונער האָט אַ זעץ געטאָן אין אונדזערע הערצער אַ ווילדער פּחד: רבונו של עולם, ווו פירסטו אונדז? וווהין גייען מיר?

# א ו י ש ו ו י ץ

— אוישוויץ!!!

מיר ווערן דערציטערט פון דעם אויסגעשריי, וואָס דערטראָגט זיך פון דרויסן. „אוישוויץ" — באַוועגן זיך אונדזערע ליפּן. און ווידער אַ שטיל־קייט, אַלע זענען פאַרזונקען אין די אייגענע מחשבות, ווי יעדער וואָלט געמאַכט זיין חשבון הנפש. קיינער דערוועגט נישט ס'מויל צו עפענען, אַפילו די קליינע קינדערלעך ליגן שטיל, איינגעטוליעט אין די אָרעמס פון זייערע עלטערן. די בליקן בלאָנדזשען, פאַרלוירענע קוקן מיר צו די טונקעלע ווענט פון וואַגאָן. אָ, איר שטילע, שטומע ווענט, ווען איר זאָלט קאָנען רעדן, דערציילן...

לאַנג האָט מען נישט געלאָזט טראַכטן. ס'האָט זיך דערהערט אַ גע־פילדער, אַ קלאַפּעריי פון אויפשליסן שלעסער, אויפמאַכן וואַגאָנעס, שווערע קייטן האָבן זיך אַראָפּגעשלענגלט און געפאַלן צו דער ערד.

— אויסשטייגן! אויסשטייגן!

די טיר פון וואַגאָן האָט זיך ראַפּטעם צעפּראַלט. ווי געליימטע, נישט אַרויסרעדנדיק אַ וואָרט, בלייבן מיר אויף די ערטער. קיינער וויל נישט זיין דער ערשטער...

אין וואַגאָן פאַלן אַריין צוויי האַלב־נאַקעטע מענער, מיט אָפּגעגאָלטע קעפּ און געשטרייפטע הויזן. זייערע בליקן זענען פאַרווירטע, ווילדע, ווי זיי וואָלטן נאָר וואָס געקומען פון אַ דזשונגל. אָן אַ וואָרט אַרויסצורעדן, רייסן זיי פון די הענט, רייסן אַרויס די פּעקלעך מיטן ברויט, שטופּן און וואַרפן אונדז אַרויס פון וואַגאָן.

ס׳ווערט אַ סומאַטאָכע, די מענער שלעפּט מען שוין אַוועק אין אַ זייט, די פרויען יאָגט מען אַלץ ווייטער, פאָרויס! איך כאַפּ אַ בליק אַרום זיך און זע גאָר פרויען, מ׳יאָגט אונדז מיט שטעקנס, ווי אַ סטאַדע בהמות צו דער שחיטה.

ענדלעך האָט דאָס לויפן זיך אָפּגעשטעלט. מיר זענען אַרומגערינגלט פון מיליטער־לייט מיט רעוואָלווערן אין די הענט, זייערע פּנימער צעיור־שעטע, בלוט־דורשטיקע — גרייט צו הרגענען.

צעפּלאָשעטע, מיט נישט זיכערע טריט לויפן מיר פאָרויס. האַלושע נעמט מיך פאַר דער האַנט, דריקט מיך צו זיך. מיר דערנענטערן זיך צו אַ קאָמיסיע. מונדירטע דייטשן זענען אונדז מקבל פּנים. איינער פון זיי, מיט אַ קליין שטעקעלע אין האַנט, דיריגירט, ווי אַ קאַפּעלמייסטער: אַהין, אַהער, רעכטס, לינקס. די ברוטאַלע האַנט פון דעם הויכן יונגן אָפיציר צעטיילט אונדזערע אָרעמס. (ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוווּסט, איז דאָס געווען ד״ר מענגעלע) און אין איין אויגנבליק האָב איך זיך געפונען אין דער אַנטקעגנדיקער זייט פון האַלושען.

מענער מיט געגאָלטע קעפּ און געשטרייפטע הויזן שלעפּן מיך, רייסן מײַנע קליידער. איך דאַרף שוין גיין, ווייל אַ פּאָר טריט ווײַטער וואַרט אויף מיר אַ גרויסער לאַסט־אויטאָ. איך זע שוין קלאָר, אַז איינע פון אונדז ווערט זיכער אַוועקגעשיקט צום טויט.

דער אויטאָ איז שוין אָנגעפּולט מיט פרויען און קינדער.

— קום! שנעלער! רייסט מען מיך. פּלוצים, ווי געיאָגט פון עמעצן, פאַלט מיר איין אַ געדאַנק: אַנטלויפן פון דאַנען! דאָ איז דער טויט! ווייל ווּ פירט מען קינדער און אַלטע?...

שנעל גיב איך אַ קנעפּל אויף דעם זשאַקעט, און ער בלייבט אין די הענט פון די מענער אין געשטרייפטע הויזן. איך לויף, ווי אַ ווילדע, צו דער זעלבער ריי, פאַרבינדנדיק מיטן האַלדז־טיכל מײַנע האָר, אַז ער זאָל מיך נישט דערקענען.

צווישן די לעצטע האָב איך נאָך באַוויזן אַרײַנצושטעלן זיך אין דער ריי און צום צווייטן מאָל פּרוּוון מײַן מזל.

— ווי אַלט ביסטו? — פרעגט מיך דער זעלבער דייטשער רוצח מיטן שטעקעלע אין האַנט, קוקנדיק מיר שאַרף אין די אויגן. ער באַטראַכט מיך, ווי ער וואָלט מיך דערקענט.

— איך בין נאָך זייער יונג, ניין און צוואַנציק יאָר — האָב איך אין אַ גוטן דייטש געענטפערט, — איך קאָן נאָך זייער פיל לייסטן — פּרוּוו איך מאַכן אַ לעצטע אָנשטרענגונג, צו ראַטעווען מיין לעבן. ער באַטראַכט מיך אַ ווײַלע און גיט מיך ברוטאַל אַ שליידער אין דער זייט, ווו ס׳געפינט זיך האַלושע.

דערזעענדיק זיך צוזאַמען, ברעכן מיר ביידע אויס אין אַ געוויין. אָבער מאָמענטאַל באַהערשן מיר זיך. איצט איז נישט קיין צייט צו וויינען. איצט מוז מען זיין שטאַרק.

— ווו איז דער טאַטע, האַלושע?

— איך זע נאָר יאָסעלען — ענטפערט זי מיר, — דעם טאַטן זע איך נישט.

מיינע אויגן בלאָנדזשען אַרום, זוכן זעליגן און יאָסעלען. פון דער ווייטנס באַמערק איך יאָסעלען. ער דרייט מיטן קאָפּ אין אַלע ריכטונגען, ווי ער וואָלט עמעצן געזוכט.

אין צווישן פאָרן כסדר אָפּ צענדליקער אויטאָס אָנגעפּראָפּט מיט מענטשן, וואָס זענען געקומען מיט אונדזער טראַנספּאָרט.

ווו איז זעליג? פאַר וואָס זע איך אים נישט? זאָל ער זיין אויסגעקליבן צו די עלטערע און נישט־פעיקע ביי זיינע אַכט און דרייסיק יאָר? ער, מיט אַזוי פיל לעבן און ענערגיע. איך ציטער פון שרעק. — ווו זאָל איך דיך זוכן, זעליג? צי וועלן מיר זיך נאָך אַ מאָל אָפּגעפינען? אַך, וואָס זיי האָבן געמאַכט פון אונדז! ווי לאַנג וועט אַזוי דויערן דער שדים־טאַנץ!

אַן אויפהער פאָרן ראַשיק פאַרביי שוואַרצע מיליטערישע אויטאָס, וואָס פירן אַוועק מענטשן. מענטשן יונגע, פיזיש שטאַרקע, ווו פירט מען זיי?

ביי דער זייט פון אַ מאַשין באַמערק איך דעם קליינעם פּערציק. ער פאָכעט מיטן הוט, געזעגנט זיך:

— אויף קידוש השם! אויף קידוש השם! — פּאָכעט ער מיטן הוט צום הימל.

נאָכן אַוועקפאָרן פון די אויטאָס נעמט מען אונדז טרייבן איבער פעל־דער. באַוואָפנטע זעלנער יאָגן און לאָזן נישט אָפּאָטעמען. ווער ס׳האָט ביי זיך געלט, וואַרפט עס אַוועק. מען זאָגט, אַז פאַר האָבן געלט באַקומט מען געשלאָגן. דער וועג איז אין זיין גאַנצער לענג אָנגעוואָרפן מיט פעק געלט. דער טאָג איז אַ שיינער, אַ ליכטיקער. די זון שיינט אַזוי העל און וואַרעם. פעלדער גרינען, אַלץ בליט און רופט צום לעבן. אַזאַ שיינע וועלט, אָבער נישט פאַר אונדז, נישט פאַר יידן איז דאָס אַלץ באַשאַפן געוואָרן. און גראָד איצט ווילט זיך דווקא לעבן, ס׳ווילט זיך זען די קינדער, לוס־טיקע, גראָד איצט, מער ווי תמיד, רייסט זיך די נשמה צום לעבן. די שיינע, שטראַלנדיקע זון — ווי זי וואָלט זיך מיט אונדז געדרייצט. פון דער טיפע־ניש פון האַרצן רייסט זיך אַרויס אַ פאַרצווייפלטער וויי־געשריי: פאַר וואָס? פאַר וואָס?

די דייטשן לאָכן אונדז פאַרשייט אין די פּנימער אַריין. ווי שטעכיקע שפּיזן איז זייער געלעכטער. „וווּ איז אייער גאָט, פאַרדומטע יודען?״ — פרעגן זיי מיט שפּאָט.

— לויפן! — דערהערט זיך אַ באַפעל. אַלע הייבן אָן האַסטיק צו לויפן.

עס עפנט זיך אַ דראָטענער טויער, ווו מען יאָגט אונדז אַריין. איבערן טויער געפינט זיך די אויפשריפט „ארבייט מאַכט פריי״.

מיר גייען פאַרביי קליינע הייזלעך, וואָס וואַרפן אָן אַ מוראדיקן טרויער. יאָ, דאָס זענען די זייף־פאַבריקלעך, וואָס וועגן זיי פלעגט מען דערציילן אין געטאָ. פון פעטס אויסגעשניטן פון יידן מאַכן די דייטשן זייף, טואַ־לעטן־זייף פאַר זיך, צום וואַשן זיך. מ׳זעט הייזלעך פון ציגל מיט קוי־מענס און הילצערנע באַראַקן, אַרום איז שטיל און אָט די שטילקייט פילט אָן די הערצער מיט נאָך מער פחד.

נעבן אַריינגאַנגס־טויער געפינט זיך אַ גרויסער הילצערנער באַראַק

מיט דער אויפשריפט „צוגאַנגס־באַראַקע" — אַט דאָ ווערן מיר אַריינ־געטריבן.

אַ געפּילדער, אַ לויפעניש, ווי ווילדע באַשעפענישן לויפן אַרום מענער און פרויען מיט שטעקנס און רימענס אין די הענט און ליאַרעמען, טויב צו ווערן.

— דאָס גאַנצע געלט אָפּגעבן! — רופט אַ גראָב קול פון אַ דייטש — גאָלד, זילבער, פינגערלעך, זייגערלעך, אַלעס אָפּגעבן! גיכער פאַרשטעקן!

זיי לויפן איבער דעם טונקעלן באַראַק, שרייען, שלאָגן, יעדע רגע פאַלט אַ קלאַפּ איבערן קאָפּ, אַ מאָל אַ קלאַפּ מיט אַ שטעקן, אַ מאָל מיט אַ לעדערנעם רימען.

— אויסציִען! — דערהערט זיך אַ באַפעל. וואָס זאָל דאָס באַדייטן — קוקן מיר זיך אָן איינע די אַנדערע — זאָל זיין, אַז דאָס איז שוין דער סוף?

געיאָגט פון די קלעפּ הייבן מיר אָן זיך אויסצוטאָן און בלייבן שטיין אין די אונטערוועש. דער באַראַק ווערט פאַרפולט מיט אונדזערע זאַכן.

— אויסציִען! — שרייט מען אָן אויפהער — אויסציִען!

וואָס זאָלן מיר נאָך אויסטאָן אין קעגנוואַרט פון מענער?... אַ האָגל פון קלעפּ האָט אָנגעהויבן פאַלן אויף אונדזערע פּלייצעס. מיט פלאַמענדיקע פנימער פון בושה און וויטיק ציען מיר אַראָפּ פון זיך דאָס איבעריקע און בלייבן שטיין נאַקעט. ווער ס'האָט אַ שערל, אַ מעסערל, שניידט זיך אָפּ די האָר פון קאָפּ. אַנדערע רייסן אויס בינטלעך האָר מיט די הענט. אויפן אויער גיט מען איבער, אַז פאַר האָבן לאַנגע האָר באַקומט מען געשלאָגן.

אין מיינע הענט האַלט איך פאַרקוועטשט אַ קליין טאַשן־טיכל מיט מיינע פערל. נאָר־וואָס זיי אַראָפּגענומען פון האַלדז, און אַ הילצערן קנעפל, באַצויגן מיט שטאָף, ווו עס ליגט באַהאַלטן אַ בריליאַנט פון אַנדערהאַלבן קאַראַט, וואָס איך האָב באַוויזן אַראָפּצורייסן פון מיין קלייד. זאָל איך דאָס אָפּגעבן אָדער באַהאַלטן? — עקבערט אַ פראַגע וואָס מאַטערט מיך.

— האָט איר אַלץ אָפּגעגעבן? ווייַ צו אייך, אויב מירן זוכן און עפּעס געפינען.

מוטער־נאַקעט האָבן זיי אונדז, עטלעכע הונדערט פרויען און מיידלעך, אַרויסגעטריבן פונעם באַראַק. אונטערן פרייען הימל, נעבן קליינע טישלעך,

דרייט זיך אַ לאַנגע שורה נאַקעטע פרויען. — האַלושע! איצט קענען מ׳יר זיך נישט. מיר זענען פרעמדע. די רוצחים וועלן נישט לאָזן אַ מאַמע מיט אַ טאָכטער צוזאַמען. גיי דיר דיין וועג באַזונדער...

יעדע פרוי ווערט פאַרשריבן אין אַ בוך. ס׳ווערן געציילט די גאָלדענע קאָראָנעס אין מויל און פּינקטלעך פאַרשריבן.

מיט אַ שפּיזל האָבן זיי אָנגעהויבן שטעכן אויף דער האַנט. יעדער שטאָך אין פלייש גיט מיט אימפּעט אַ שטאָך אין האַרצן, אין מוח און רופט נקמה, נקמה פאַר די יסורים און באַליידיקונגען. מיט פאַרשטשעמעטע ליפּן האָב איך באַהערשט דעם ווייטיק פון יעדן שטאָך. מיין האַנט האָט באַקומען אויסגעשטאָכן דעם נומער 52681. אונטער דעם נומער אַ האַלבער מגן־דוד.

די געשרייען און זידלערייען פון די דייטשע אָפיצירן וואַרפן־אָן אַ שרעק. ס׳ווילט זיך געפינען ערגעץ אַן אָרט צו אַנטרינען. נאָר אומעטום זענען זיי דאָ. זיי באַוואַכן אונדז פון אַלע זייטן מיט אָנגעלאָדענעם געווער. איך בין שוין מער נישט פעיק צו טראַכטן אַפילו וועגן יאָסעלען און זעליגן, ווו זיי זענען איצט, און וואָס עס איז געשען מיט מיין פאָטער און מוטער, וועמען כ׳האָב איבערגעלאָזט אין בונקער? און מיין שוועסטער חוהטשע מיט אירע צוויי יינגלעך יאָסעלע און בערעלע? צי וועט זיך ווער דערמאָנען אַריינצוואַרפן זיי אַ ברויט, אָדער אַ ביסל וואַסער אין בונקער? ווי לאַנג וועט מיין מאַמע אויסהאַלטן מיטן פלעשעלע קאַראַמין אין האַנט, מיט וועלכן זי פלעגט זיך מינטערן? ווי לאַנג קען בכלל אַ מענטש לעבן אַזוי אונטער דער ערד, אין אַ פינצטערן גרוב? — „איר זאָלט נישט פאַר־געסן — האָב איך אַלעמען געבעטן — ווער פון אייך ס׳וועט איבערבלייבן, זאָלט איר וויסן, אַז דאָ, אין דעם קעלער, שטיינצייללע 13, זיצט באַהאַלטן מיין טאַטע, מיין מאַמע, מיין שוועסטער חוהטשע מיט אירע צוויי קינדער.

מיינע געדאַנקען וועגן דער פאַרלאָזענער היים מאַטערן מיך, ציען אַרויס די רעשט פון מיין לעבן. פאַר מיינע אויגן גייען פאַרביי בילדער, ווי אויף אַ פילם־לענטע: מיין מאַמעס דערשראָקן, ציטערדיק פּנים, מיין טאַטנס פאַרווײנטע אויגן, זיין הילפלאָזע שטימע: טאָכטער, כ׳קאָן דיר גאָרנישט

העלפן; מיין שוועסטערס אומבאַהאָלפנקייט ביים אָפּהיטן די צוויי קליינע יתומימלעך.

איך פיל, אַז מיין האַרץ האָט זיך ווי אָפּגעשטעלט, כ'וויל וויינען, שרייען, נאָר דער פּחד פאַרשטיקט מיין קול און איך שוויג. פאַרלוירן די היים. פאַרלוירן... און אָט שטייט פאַר מיינע אויגן דאָס אָפּענע גיהנום. אַלצדינג, וואָס כ'האָב קליינערהייט אַ מאָל געהערט וועגן דעם. באַלד וועט מען אונדז בראָטן, ברענען, אָנטאָן די גרעסטע יסורים, זיי וועלן אונדז אפשר צוריק לעבעדיק מאַכן, כדי אונדז אויף ס'ניי צו קענען פּייניקן. — —

אָבער פאַר וואָס, רבונו של עולם, קומט אונדז דאָס אַלץ? פאַר וואָס, גרויסער גאָט! — הייבן זיך מיינע אויגן צום הימל. דער הימל איז לויטער, די זון ברענט, נאָר אין אונדזערע הערצער איז אַזוי פינצטער. מיט אַ ציניש געלעכטער רעדן זיך איבער די דייטשן און מיר — מיר שוויגן, ווי וואַקסענע פיגורן פירן מיר אויס זייערע באַפעלן.

פלוצעם פאַלט מיר איין אַ געדאַנק: איך וועל צולויפן צום ס.ס.-מאַן אין גרינעם מונדיר, וועלכער שטייט אַקעגן מיר, האַלטנדיק פאַרלייגט די הענט, מעשה באַלעבאָס, און אים דערלאַנגען אַ זעץ אין זיין פעטער מאָרדע און זאָל ער מיך דערשיסן, וועט מיר זיין בעסער ווי צו שטיין דאָ אַ נאַקעטע.

אָבער וואָס וועט זיין מיט מיין קינד? ווי קאָן איך זי איבערלאָזן אַליין ביי די רוצחים?

מיינע געדאַנקען רייסט איבער אַן אויסגעשריי:

— אָנשטעלן צו פינף!

אויסגעשטעלט אין גלייכע רייען, מאַרשירן מיר און קומען צו צו אַ לאַנגער ריי פון הילצערנע באַראַקן. כמעט פון יעדן באַראַק שטעקט אַרויס אַן אָפּגעגאָלטער פּרויען־קאָפּ און באַגלייט אונדז מיט אומעטיקע בליקן.

— שטייט בלייבן!

מיר געפינען זיך נעבן אַ נידעריק רויט ציגל־הויז, אַרומגענומען פון אַלע זייטן מיט גראָבע רערן, פון וואַנען עס שלאָגט אַ געדיכטע, הייסע פּאַרע. פון דער נאָענט הערט זיך אַ גערויש פון מאָטאָרן. ביים אַריינגאַנג ליגט אָנגעשיט אַ בערגל דינע קוילן. מענער אין בלויע שירצן לויפן הין

און צוריק. זייערע קולות מישן זיך אויס מיטן גערויש פון די אינעווייניק־סטע מאַשינען.

וואָס איז דאָ? וואָס וועט דאָ פּאַרקומען? נאָך אַ לענגערן וואַרטן האָבן זיך געעפנט צוויי שמאָלע טירן און מיט גראָבע שטעקנס האָט מען אַלעמען אַהין אַריינגעטריבן. אַ לאַנגער, קרומער קאָרידאָר, גרויע, שמוציקע ווענט, אַ צעבראָכענע שטיינערנע פּאָדלאָגע, אויסגעהאַקטע שויבן אין די צעעפנטע פענצטער. פון אַלע זייטן לויפן אונדז אַנטקעגן דייטשקעס, ווי צערייצטע הינט, און שלאָגן מיט גראָבע לאַנגע שטעקנס. נעבן מיר אַ צעיושעטע דייטשקע מיט אַ צעשויבערטן בלאָנדן קאָפּ. איר שטעקן באַוועגט זיך שנעל.

— איך וועל אייך העלפן, פאַרפלוכטע באַנדע! — שרייט זי מיט קולות, ממש טויב צו ווערן.

אין אַלע זייטן גיבן אַכטונג דייטשע מיליטער־לייט, צי די פייניקונגס־אַרבעט ווערט ריכטיק אויסגעפירט. ווי אין אַ בייזן חלום פיל איך נאָר, ווי מען וואַרפט מיך אויף אַ בענקל און מען הייבט־אָן רייסן מיינע האָר פון קאָפּ, ווידער שטופן זיך איינע די אַנדערע ווי אַ סטאַדע שאָף. איבער אונדז אַרבעטן די שטעקנס פון די דייטשקעס.

— ווו איז האַלושע? — דערמאָן איך מיך, קומענדיק אַ ביסל צו זיך. אינסטינקטיוו ריר איך אָן מיין געגאָלטן קאָפּ. מיר ווערט שלעכט. ווער ווייסט, אויב מיר וועלן זיך נאָך געפינען? אין יעדן נאַקעטן מיידל מיט אַן אָפּגעגאָלטן קאָפּ זע איך מיין האַלושען. „האַלושע, האַלושע!", רוף איך שטיל, רעכענענדיק, אַז זי וועט דערקענען מיין שטימע.

ווידער ווערט אַ געדרודער, אַ געלאַף, אַ יאָגערייַ: — אין דער זאַונע געהט! לאָוס, פאַרשווינדעט!

— מאַמעניו, אוי, ווי דו זעסט אויס! — דערהער איך האַלושעס שטימע נעבן זיך.

— און דו, כ'וואָלט דאָך דיך נישט דערקענט. אַלע האָבן מיר אין געציילטע מינוטן באַקומען אַנדערע מראהס. איינע דערקענט נישט די אַנדערע, ווי מיר וואָלטן געקומען פון אַן אַנדער וועלט.

אין איין קופּע האָט מען אַלע צוזאַמענגעדריקט אונטערן טוש אין דער „זאַונע" (באָד־אַנשטאַלט). פון די געלעכערטע בלעכלעך אין דער הייך

דאָבן קוים אַרויסגעשפּריצט עטלעכע טראָפּנס קאַלט וואַסער. באַנעצט די קערפּערס און פון דאָס ניי אַלעמען אַרויסגעטריבן. שנעל לויפן מיר אונטער די ריטמישע קלעפּ פון שטעקנס און פאַלן אַריין אין אַן אָרט, וווּ ס׳האָט שוין אונדז אָפּגעוואַרט אַ נייע רוצחישע באַנדע מיליטער־לייט. זיי הייבן אונדז אָן דרעסירן: — קאָם מאַל הער! דרעקיגע באַנדע! לאַופן! שטיין בלייבן! — איינע באַקומט אַ קאָפּע, אַ צווייטע אַ פּאַטש, די קולות דערגייען ביז צום הימל און בלייבן אָן אָן אָפּקלאַנג, קיינער ענטפערט נישט, קיינער זעט נישט אונדזער פּיין!

— גייט אין דער ריי, פאַרפלוכטע באַנדע!

וועלכע ריי? וווּ איז אַ ריי? נעבן טישלעך, וווּ ס׳ליגן אָנגעוואָרפן פעקלעך שמאַטעדיקע אַנטועכץ, וואָס אַנדערע האָבן דאָס שוין פריער געטראָגן, באַקומט יעדע עפּעס אַ שמאַטע צוצודעקן דעם נאַקעטן קערפּער. מיין מלבוש איז אַ ברוין, לאַנג זיידן קלייד אָן אַרבל מיט אַן אויסגעשניטענער פּלייצע און אַ טיפן דעקאָלט. האַלושע האָט באַקומען אַ שמאָל פלאַזשע־קלייד פון אַ קליין מיידל, אויך אָן אַרבל. שטאַרק אָפּגעטראָגענע קליידער, נישט צוגעפּאַסטע צו דער עלטער און גרייס. אויסגעקליידט, זעצן מיר זיך, עטלעכע הונדערט פרויען, אויף דער ערד מיט אויסגעשפּרייטע פיס, אַריינגעמענדיק איינע די אַנדערע. איך דערמאָן זיך, אַז שוין צוויי טעג האָבן מיר נישט געהאַט קיין ביסן אין מויל. נאָר ווער טראַכט איצט וועגן עסן?

ס׳דערהערט זיך אַ באַפעל:

— שטרייפן מאַכן! שטרייפן מאַכן!

וואָס זאָל דאָס באַדייטן? מאַכן וואָס? נאָר אָט באַווייזט זיך אַ מויד מיט אַן עמער רויטן פאַרב און קאָמאַנדעוועט: אויסדרייען! אומדרייען! מיט אַ גראָבן פּענדזל שמירט זי אויפן רוקן אַ לאַנגן שטריף פון אויבן ביז אַראָפּ אין דער לענג, און אַ שטריף אין דער ברייט. צוזאַמען שאַפט דאָס אַ קרייץ, אַ רויטער צייכן, צו דערקענען אונדז פון דער ווייטנס.

עס איז שוין טונקל. דורך די פענצטער זעט מען שוין די שאָטנס פון דער נאַכט. ווי שפּעט קען עס זיין? נאָר וואָס איז דען דער חילוק?

אַלץ אין מיר איז געשפּאַנט און צערייצט. ווען וועט שוין נעמען אַ סוף צו דער פּיין?

פאַרטיפט אין פינצטערע געדאַנקען, דערפיל איך ווי אַ האַנט נעמט מיך אַרום און איך דערהער אַ צערטלעכע שטים, וואָס איז דורכגעדרונגען מיט שרעק און ווייטיק צו גלייך:

— הדסל!

איך דריי מיך אויס און דערזע מיין שוועגערין חיהלע. מיט אַ געוויין פאַלן מיר איינער דער אַנדערער אין די אָרעמס.

— אויך דו, חיהלע?... און ווו איז יאַנקל?

— מען האָט אונדז ביידע אַרויסגענומען פון בונקער — דערציילט זי — אַ קינד האָט זיך צעוויינט און פאַרראָטן די באַהעלטעניש. פערציק מענטשן, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען, זענען אַריינגעפאַלן.

מיר זענען געשטאַנען אין אַ ווינקל הינטער דער טיר. פלוצעם באַקום איך אַ קלאַפּ אין קאָפּ. איך נעם מיין טאַשנטיכל, אויסצווווישן די אויגן, און באַמערק, אַז מיינע פערל, וואָס האָבן זיך דערין געפונען זענען פאַרשוווּנדן, פאַרלוירן... ס׳איז פאַרבליבן נאָר דאָס הילצערנע קנעפּל מיט מיין רינג.

— דעם נומער אָנגייען! — דערטראָגט זיך אַ געשריי און ס׳שיטן זיך קלעפּ.

עס איז האַלבע נאַכט. אַ קאַלטער ווינט און אַ דינער רעגן שמייסן איבער די האַלב־נאַקעטע קערפּערס און באָרוועסע פיס. מיר ווערן גע־שליידערט פון איין אָרט צום אַנדערן. ווידער אַ מאָל אַ באַפעל: — לויפן, אַנשטעלן זיך!

מיר לויפן, יאָגן אַרויס פון זיך דאָס לעצטע ביסל חיות. ווי לאַנג וועט עס אַזוי אָנגיין? נאָר אָט קומט אַ באַפעל: שטיק בלייבן! ס׳עפנט זיך אַ שמאָל טירל פונעם באַראַק און אַ צעיושעטע מויד מיט אַ שטעקן אין האַנט, גרייט צו שלאָגן, לאָזט אונדז אַריין. — שנעל, שנעל, באַוועגט אייך! — פאָכעט זי מיטן שטעקן. מיר שטופּן זיך אַריין, כדי אויסצומיידן קלעפּ. מיר געפינען זיך ווידער אויף פייכטער קאַלטער ערד, אין אַ טונקל־באַלויכטענעם באַראַק אָן אַ פאָדלאָגע. די לופט אַ דערשטיקנדיקע, ענלעך צו אַ דאָרפישן שטאַל פאַר בהמות. נאָך איידער מיר באַוויזן זיך אומצו־

קוקן, האָבן אַ באַנדע אויפזועערינס אָנגעהויבן צו ווילדעווען, שלאָגן און שרייען:

— שלאָפן־גיין! לאַגער־רו — אַלע לויפן אָן אַ ציל. אויך איך לויף. כ׳וויל ערגעץ אַריינלויפן, זיך באַהאַלטן הינטער אַ ווענטל, קומט מיר אַנטקעגן אַ מויד און דערלאַנגט מיר גלייך אין פּנים אַריין, שרייענדיק:

— ביסטו נאָך נישט פאַרשוווּנדן?!

אין אַ גרוב הינטער אַ פריטשע זענען מיר אַריינגעקראָכן, איך, האַלו־שע און מיין שוועגערין חיהלע. מיר בלייבן ליגן אויף דער ערד דערשעפּטע, אָן כוחות.

לאַנג האָט דאָס נישט געדויערט. באַלד איז געוואָרן ליכטיק. ס׳דער־הערט זיך אַ פּייפעריי און אַ קאָמאַנדע: — צעל־אַפּעל! אַלעס הערויס; אַלע שטופּן זיך צום אַרויסגאַנג. מען ווייסט שוין, אַז יעדע איבעריקע רגע וועט ברענגען נייע קלעפּ.

אין דרויסן איז שטאָק־פינצטער, נאָר די ריזיקע רעפלעקטאָרן באַ־לייכטן דעם אַרום. נישט ווייט זענען די דראָט־פאַרצוימונגען, שטעכל־דראָט, געלאָדן מיט עלעקטרישן שטראָם, טורעמס מיט וואַכפּאָסטנס אין דער הייך. די קעלט עסט זיך איין אין די ביינער. ס׳קלאַפּט אַ צאָן אין אַ צאָן. שוין דריי טעג נישט געגעסן און נישט געשלאָפן.

— אָנשטעלן צו פינף — דערהערט זיך אַ באַפעל. צענדליקער אויפ־זועערינס לויפן אַרום אונדז, ווי פאַרווירטע, ס׳איז שטיל, קיינער וואַגט נישט דאָס מויל צו עפענען. מען הערט נאָר די כריפּענדיקע קולות פון די אויפזועערינס.

אויסשטעלנדיק זיך אין די רייען, באַקומען מיר אַ פרישן באַפעל: אויסריכטן!

וואָס איז דאָס פאַר אַ נײַ אָנשיקעניש? וואָס דאַרפן מיר נאָך אויס־ריכטן? דאַכט זיך, אַז אַלצדינג איז שוין גוט אויסגעריכטעט...

ענדלעך הייבט אָן טאָגן. ס׳קומען אָן דייטשע מיליטער־לייט און פרויען אין גרויסע לאַנגע פעלערינעס און הויכע גלאַנציקע שטיוול. זיי גייען אַרום, באַטראַכטן אונדז פון אַלע זייטן, ווי מען באַקוקט אַ סטאַדע

בהמות אויפן מאַרק. מען ציילט און מען רעכנט אונדז. די פּראָצעדור חזרט זיך איבער אייניקע מאָל.

אין פראָנט פון די רייען שטעלט זיך אַוועק אַ קליינע דאַרע פיגור מיט אָפּגעשוירענע האָר, אָנגעטאָן איז זי אין אַ שוואַרצן שירץ מיט אַ רויטן גלאַנציקן באַנד אויפן אָרעם, מיט דער אויפשריפט „בלאָקעלטעסטע". אירע קליינע דאַרע הענטלעך לויפן ווי אַ מאַשין. זי שלאָגט גלייך אין פּנים אַריין.

איצט, ביים שיין פון טאָג, זעען מיר שוין דייטלעך, ווו מיר געפינען זיך. מיר שטייען אויסגעשטעלט אין רייען נעבן אַ לאַנגן וועג, וואָס רופט זיך „לאַגערשטראָסע". הינטער אונדז — אַ לאַנגע ריי באַראַקן, אויף יעדן בלאָק אָנגעצייכנט זיין נומער. דאָס זעלבע בילד זעען מיר אויף דער אַנ־דערער זייט וועג. טויזנטער האַלב־נאַקעטע פרויען מיט אָפּגעגאָלטע קעפּ, באָרוועסע, שטייען ווי צוגעשמידטע צום אָרט, אָן שום סימנים פון לעבן. די רייען זענען לאַנגע, גלייכע, אומענדלעך ווייטע. ס'איז מוראדיק שטיל. מען הערט נאָר דאָס שרייען פון די רוצחים, אָדער אַ דורכפּליענדיקע קראָ רייסט איבער די שטילקייט.

דער הימל איז פאַרצויגן מיט אַ פאַרטאָגיקער בלויקייט, נאָר די בלוי־קייט מישט זיך צונויף מיט אַ געדיכטן שוואַרצן רויך, וואָס ציט זיך איבער דער גאַנצער לענג פון דער לאַגער־שטראָסע.

— איר זעט? — רייסט איבער די שטילקייט די קליינע שוואַרצע בלאָקעלטעסטע (זי הייסט מאַרגאַריט און קומט פון טשעכאָסלאָוואַקיע) — זי ווייזט מיטן פינגער צום אָרט פון וואַנעט עס שלענגלט זיך דער רויך — אַזוי ברענט מען אייערע טאַטעס, מאַמעס און קינדער.

מיר שוידערן אויף, ווי אַן עלעקטרישער שטראָם וואָלט אַדורך איבערן קערפּער.

— גאָלד אָפּגעבן! זייגערס, אַלצדינג וואָס איר האָט — רופט אַן ס.ס.־מאַן — דער וואָס וועט פרייוויליק נישט אָפּגעבן, גייט גלייך דאָרט אַהין. אויך ער ווייזט אַהין פון וואַנעט ס'גייט דער רויך.

כ'פיל אַ קלאַפּ פון הינטן. עמעצער דערלאַנגט מיר אַ שיסל גרין

ביטער וואַסער — טרינק און גיב דאָס ווייטער — דאָס איז דער פרישטיק פאַר פינף פרויען.

— אָפּטרעטן! — דערהערט זיך אַ פייפעריי, באַגלייט מיט קולות. עטלעכע מיידלעך פאַרען זיך ביים אַפּוואַשן די שיסלען פונעם „קאַפע״, די איבעריקע הייבט מען אָן יאָגן: — אויף דער וויזע! — מיט שטעקנס טרייבט מען אַוועק ווייט הינטער די בלאָקן, נאָנט צו די עלעקטרישע פאַר־צוימונגען, ווו ס׳געפינען זיך אין דער הייך די וואַך־פּאָסטנס מיט אָנגעצי־לעוועטן מאַשין־געווער.

דאָ קאָן מען זיך אַוועקזעצן אויף דער ערד, און דאָ האָבן מיר צום ערשטן מאָל באַגעגנט פרויען פון אַנדערע לענדער מיט אַנדערע שפּראַכן. אַ גרויל־בילד האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט די פרויען פון גריכנלאַנד. נייִן, דאָס זענען שוין נישט געווען קיין מענטשן, נאָר לעבעדיקע סקעלעטן. זיי זענען געזעסן אויף דער ערד מיט געלע נאַקעטע רוקנס אַקעגן דער זון און געקליבן לייז פונעם פאַרפוילטן אָנטועכץ. די זון איז געוואָרן שטאַרקער און די היץ האָט אָנגעהויבן מאַטערן; ס׳ווילט זיך טרינקען אַ ביסל וואַסער. נאָר וואַסער איז אַ ווייטער חלום... אָט זע איך ווי האַלושע ליגט אויסגעצויגן אויף דער ערד אומבאַוועגלעך, אירע ליפּן פאַרטריקנט, ס׳פּנים צעפלאַמט, זי רעדט גאַרנישט און דאַרף גאַרנישט, זי שווייגט.

פון דער ווייטנס באַמערקן מיר אָנקומען אַ מיידל. זי טראָגט אין האַנט אַ קליין טעפּעלע וואַסער.

וואַסער! וואַסער! — ווערט אַ געשריי און אַלע לויפן איר אַנטקעגן. יעדע וויל כאָטש איין שלוק. מען רייסט דאָס טעפּעלע פון אַלע זייטן, דאָס וואַסער ווערט אויסגעגאָסן אויף דער ערד און די ערד שלינגט עס שנעל איין.

— קום, — זאָגט מיין שוועגערין — לאָמיר אַהינגיין אַ ביסל ווייטער, דאָרט, הינטער די בלאָקן איז אַ שאָטן, אפשר וועט מען דאָרט לאָזן זיצן.

מיר הייבן אָן גיין, שלעפּנדיק שווער די פיס, אָבער מאָמענטאַל וואַקסט אויס נעבן אונדז אַ מויד מיט אַ גראָבן שטעקן אין דער האַנט און שרייט, ליאַרעמט: „אויף דער וויזע זאָלט איר גיין! אויף דער וויזע! פאַרשווינדט!״ מיט איילִיקע טריט האָבן מיר אָנגעהויבן צוריקצולויפן.

אַלע שלאָגן, קיינער רעדט נישט, נאָר שלאָגט. די „בלאָקעלטעסטע", די פּאַרטרעטערקע, שרייבערקע און די „שטובענדינסטן", זענען יידישע, אַלטע העפטלינגס פון די פריערדיקע טראַנספּאָרטן. זיי רעדן סלאָוואַקיש און דייטש. זיי שרייען און שלאָגן די נייע, וואָס זענען ערשט אָנגעקומען.

— בלאָק 15 אַנשטעלן! — דערהערט זיך אַ באַפעל — מיטאָגעסן!

ס'ווערט אַ גערודער, אַ געשריי און אויך „דאָס מיטאָג" ברענגט מיט זיך פּיין און קלעפּ. דאָס מיטאָג, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ ביסל זופּ, וואַסער מיט גרינע בלעטער, איז געגעבן געוואָרן פאַר פינף פרויען אין איין שיסל אָן לעפל; די שותפטעס רייסן זיך, יעדע וויל נאָך אַ שלינג, נאָך אַ לעק טאָן, ביז מען הייבט זיך אָן צו שלאָגן, אַלע פינף רייסן די שיסל, כאָטש זי איז שוין ליידיק.

שורקע די פּאַרטרעטערקע (זי פּאַרטרעט די בלאָקעלטעסטע), אַ פּעסט־קעבויטע פרוי, שלאָגט און זידלט מיט די ערגסטע קללות אויף איר שפּראַך. זי דערלאַנגט גלייך מיטן שעפּ־לעפל אין פּנים אַריין. שורקען הערט מען תמיד. אין בלאָק און אין דרויסן, איר מויל רוט נישט און אירע צוויי לאַנגע הענט דערגרייכן צו יעדער.

— „צעל־אַפּעל!" — גיט זיך ווידער אַ טרייסל דער בלאָק. אין איין מינוט ווערט דער בלאָק פול, פון אַלע קויעס אַ געלויף איבער די ברעטער צום טירל. אַלע איילן זיך וואָס פריער, וואָס שנעלער צו זיין אין דרויסן.

אין איין אויגנבליק שטייען מיר אויסגעשטעלט צו פינף און עס פאַלן באַפעלן: „אויסריכטן"!" „הענדע האָך!", „אַבשטאַנד!" ווען מיר זענען שוין צום ווייפלטן מאָל געציילט און גערעכנט געוואָרן. אויסגעהערט אַלע דראָונגען, דרייען זיך דעמאָלט אַרום די דייטשן אין גרינע מונדירן, קוקן יעדן אין די אויגן און שמייכלען צופרידן.

שורקע הייבט אָן איר אַרבעט, דאָס מאָל ביים פאַרטיילן ברויט. מיט אַ גרויסן קאָרב צעשניטענע פּאָרציעס ליימיק ברויט שטייט זי הינטער די פּלייצעס און וואַרפט צו יעדער איינער אַ שטיקל ברויט. זי וואַרפט דאָס איבער אַלעמענס קעפּ. אַ מאָל פאַלט דאָס גלייך אין האַנט, אַ מאָל אין קאָפּ אָדער אין דער בלאָטע. באַלד ווערן אַלעמענס אויגן ווילד, ס'דאַכט זיך, אַז אַ צווייטע האָט באַקומען אַ גרעסערע פּאָרציע. ס'איז שוין פאַרנאַכט.

די זייטן ברעכן פון שטיין שעהען לאַנג אויף איין אָרט. די פיס בייגן זיך פון מידקייט און וועך ווייסט, ווי לאַנג די שעהען וועלן זיך נאָך ציען?

פּלוצעם הערן מיר פון דער ווייטנס קלאַנגען פון אַן אָרקעסטער. ביי אַלע רופט דאָס אַרויס פאַרוווּנדערונג. ווי פּאַרט זיך דאָס עפּעס? ביים שוועל פון גיהנום מוזיק גאָר! פאַר וועמען שפּילט דאָ מוזיק? די מוזיק־קלאַנגען זענען ווייט, אָבער מיר קענען דייטלעך אויפכאַפּן די טענער פון אַ פּויק און אַ טראָמפּייט, אַ גאַסן־אָרקעסטער. אַזוי שפּילט מען ביים טויער, פאַר די הונגעריקע, האַלב־נאַקעטע שאָטנס, ווען זיי גייען אַרויס, אָדער ווען זיי קומען פון דער אַרבעט. די אויערן קאָנען לאַנג נישט פאַרנעמען די טענער ווייל פאַר די אויגן טראָגט מען פאַרביי אויף קאַלך־טאַטשקעס פאַרוווּנדעטע און טויטע. אַזוי ברענגט מען זיי צוריק פון דער אַרבעט.

די פרויען גייען אַרויס פאַרטאָג, ווען עס איז נאָך טונקל, מיט די לאַפּאַטעס איבערן אַקסל, צו דער אַרבעט. זיי גראָבן גריבער, לאָדעווען זאַמד אין „קאַליבן" (אייזערנע וואַגאָנדלעך) און פירן דאָס אַריבער אין אַ צווייטן פּלאַץ.

די ס.ס.־מענער שלאָגן מיט טויט־קלעפּ און יאָגן מיט דער הילף פון אָנגערייצטע הינט, וואָס שנעלער אויסצופירן די אַרבעט. די דייטשע קאַפּאָס, פאַרברעכערינס און גאַסן־פרויען, רופן זייערע קרבנות מיט די געמיינסטע אויסדרוקן און שלאָגן זיי צום טויט. פאַרנאַכט קלייבט מען צוזאַמען די אָוועקגעפאַלענע פרויען און אונטער מוזיק־קלאַנגען ברענגט מען זיי צום אַפּעל.

ס׳איז שוין שפּעט אין אָוונט און מיר שטייען נאָך אַלץ אַזוי, נעבן מיר ליבקס דערקען איך אַ באַקאַנט פּנים. כ׳בין נישט אין גאַנצן זיכער, מחמת אין אונדזער אַנטועכץ און צוליב די אָפּגעגאָלטע קעפּ איז שווער עמעצן צו דערקענען, אָבער דוכט זיך, אַז דאָס איז זי.

איך האָב מורא אויסצודרייען זיך, נישט צו כאַפּן אַ פּאָר קלעפּ. אָבער מיין נייגעריקייט וואַקסט און ווען ס׳דערהערט זיך דער פייף און באַפעל „אָפּטרעטן!", נעם איך איר שנעל ביי דער האַנט. — פרוי קימעלמאַן? — זאָג איך שטיל. — יאָ, — דערקען איך איר שטימע —

ווער זענט איר? פרוי פריוועס? — יאָ, ענטפער איך נאָך שטילער. האָט איר ערגעץ אַן אָרט? — פרעג איך ווייטער. מיר ליגן אויף דער נאַקעטער פייכטער ערד.

מיר רעדן לויפנדיק, ווייל מען יאָגט אונדז. כ׳וויל זען, ווו זי לויפט אַריין, נאָר מאָמענטאַל באַקום איך אַ קלאַפּ מיט אַ שטעקן. שנעל שאַר איך זיך אַרונטער הינטער די פּריטשעס. כ׳וויל זען, ווו האָט פרוי קימעלמאַן איר אָרט?

איך ליג אויף דער ערד און כאַפּ אַ בליק דאָרט אַהין, צום פינצטערן קאָרידאָר, וועלכער הויערט מיט אימה און פּחד. אויף די פּאַליצעס, ביז צום סופיט, טוליען זיך שטילערהייט שאָטנס איינער צום צווייטן. וואָס באַדייטן די שאָטנס? זענען דאָס מענטשן? אָפּגעגאָלטע, אומבאַוועגלעכע קעפּ קוקן אַראָפּ, ווי עופות אין אַ הינער־שטייג. איך קען מער נישט קוקן אַהין, כאָטש איך זע אויך אַזוי אויס, איך בין איינע פון זיי...

אין מיטן נאַכט ווערט ליכטיק. ווידער טרייבט מען אַרויס. אַ קאַלטער ווינט שמייסט אין פּנים. צעטרייסלט די ביינער. פאַרקלעמט דאָס האַרץ. הייסע טרערן באַגיסן מיין פּנים, פאַרגייען מיטן ווינט.

ענדלעך דערלעבט צו הערן דעם פייף און געשריי „אָפּטרעטן!".

אַרויסגעשלעפּט קוים די איינגעפרוירענע פיס פון דער ליימיקער בלאָטע און מיר זענען צוריק אין בלאָק, פון דאָס ניי הינטער די פּאַליצעס אויף דער קאַלטער נאַסער ערד. ביטער! אָט דאָ, אין דעם קאַלטן, נאַסן גרוב, וועלן מיר אויסגיין... אָט דאָ וועט פאַרענדיקט ווערן אונדזער לעבן. נאָר ניין! — צעבונטעוועט זיך אין מיר מיין לעבנס־אימפּולס, איך וויל נאָך לעבן — מען מוז זיך ראַטעווען פון דאַנעט. עס גייט מיר אויף אַ געדאַנק, אַריינבאַקומען זיך אין דעם טונקעלן קאָרידאָר, ווו תמיד קוקט אויס, ווי ס׳וואָלט זיין פאַרנאַכט, דאָרט אַהין, ווו די פּאַליצעס פון ביידע זייטן זענען ענג צוזאַמענגעקלאַפּט פון פאַרנט מיט גראָבע קלעצער, ווי ר׳ושטאַוואַניעס צו מויערן. אַלע מיינע האָפענונגען זענען אין דעם מאָמענט פאַרבונדן מיט אָט דעם פינצטערן קאָרידאָר.

אָננעמענדיק אַ פעסטן באַשלוס, לאָז איך זיך לויפן גלייך פון אַפּעל אַהין. ווען כ׳קום צו דער ערשטער פּריטשע ווערט אַ טומל: אַוועק!

אַוועק! — איך הייב זיך אויף העכער איבער די קלעצער, אָבער אויך דאָרט דאָס זעלבע, איך קלעטער אַרויף ביזן לעצטן שטאָק — ס׳דערהערן זיך קולות: אַראָפּ! די שטובן־דינסט שרייען: לאַגער־רוע! שלאָגן מיט די רימענס. אין בלאָק מוז זיין שטיל. מאָמענטאַל ווערט שטיל. אויף דער פּריטשע געפינען זיך דרייצן מיידלעך, איינגעפּרעסט איינע אין דער אַנדערער, די פיס שטענדיק אויף עמעצנס פּלייצעס. פיס פון אַ צווייטער דריקן דיין קערפּער, דו קאָנסט גישט אָטעמען, אויב איינע דרייט זיך אויס, מוזן די איבעריקע טאָן דאָס זעלבע.

מיר שלאָפן אין אָנטועכץ, דאָס שטיקל ברויט באַהאַלטן צוקאָפּנס. בעסער איז, ווען מען עסט עס אויף, דעמאָלט איז עס גוט באַהאַלטן.

ס׳זענען אַוועק טעג און נעכט, חיהלע און האַלושע ליגן נאָך אונטן. איך האָב נישט קיין אויסזיכטן זיי אַהערצונעמען. איך וויל שוין פאַרלאָזן מיין אָרט צווישן פרעמדע און גיין צו זיי. נאָר ס׳זענען אַוועק מיידלעך אין רעוויר, ס׳איז געוואָרן גערוימער, און זיי זענען אַריבער צו מיר.

— כ׳קאָן שוין נישט אויסהאַלטן — וויינט און קרעכצט שטילערהייט מיין שוועגערין חיהלע — ווי לאַנג קאָן מען אַזוי לעבן? ס׳איז דאָך ערגער ווי דער טויט. שוין לאַנגע וואָכן, זייט מיר זענען אַוועק פון שראַדולע, וואָכן פון יסורים און פּיין.

ווידער ווערט אין בלאָק ליכטיק. אַ געפּיפּערײַ, אַ געלויפעריי ס׳גיהנום עפנט זיך שוין! — גיט אַ זעץ אין האַרצן. צוועלף הונדערט פרויען לויפן איבער די קלעצער צום טירל. ס׳איז טיפע נאַכט. דער הימל איז אויסגעשטערנט. אַ פולע לבנה באַלייכט די האַרטע פראָסטיקע ערד. באָרוועסע, צוגעפרוירענע צו דער ערד, שטייען מיר אַזוי אויסגעשטעלט צו פינף. ווער ווייסט, צי מיר וועלן דאָ נישט פאַרפרוירן ווערן אויף אייביק! די שטערן הייבן אָן צו פאַרשווינדן, די לבנה ווערט בלאַסער און קלענער, די רעפלעקטאָרן האָבן זיך אויסגעלאָשן. פון מזרח גייען אויף די ערשטע ליכט־שטראַלן. פאַרטאָג בייטן זיך די וואַך־פּאָסטנס. איינע גייען אַראָפּ פון דער וואַך־בודקע און די צווייטע נעמען איבער דעם פּאָסטן. די מחבלים קומען אָן. זיי ציילן און רעכענען, איין מאָל און נאָך אַ מאָל און דערגייען נישט צו קיין טאָלק. די בלאָקאָווע, שטובאָוועס

שרייבערקע, פאַרטרעטערקע, סתם אונטערהעלפּערקעס — אַלע לויפן אַרום צעחושטע, דער אַפּעל שטימט נישט. וואָס איז געשען? קיינער ווייסט נישט. לאַנגע שעהען זענען מיר אַזוי געשטאַנען. צום סוף האָט זיך אויפגעקלערט דער טעות. עפּעס אַ מיידל האָט פאַרבלאָנדזשעט אין אַ צווייטן בלאָק און זיך דאָרט אַוועקגעשטעלט צום אַפּעל.

— אָפּטרעטן! — אַלע לויפן מיר צום בלאָק, רייסן זיך, וואָס פריער צו זיין אינעווייניק, אָבער פון דאַנעט יאָגט מען אַוועק מיט שטעקנס:

— אויף דער וויזע גייט! אויף דער וויזע!

די וויזע איז לער און שטיל. אַ בייסיקער פראָסט שטעכט אין אַלע אברים. מיר זענען צונויפגעדריקט, קלאַמערן זיך איינע אין דער אַנדערער, זיך צו דערוואַרעמען. מיר הויכן די פּאַרע פון מויל, צו דערוואַרעמען די הענט און קוקן צום דראָטענעם עלעקטרישן פּלויט, צום ווייסן שניי, וואָס האָט זיך צעלייגט אויף דער ליימיקער ערד פון בירקענאַו, צו די וואכפּאָסטנס, איינגעהילטע אין גרויסע בערן־פּוטערס. ווי רונד־טייוולאַ־נישע אויגן קוקן אויף אונדז אַראָפּ די אייזערנע לופעס פון מאַשין־געווער. דער הימל איז בלאַס און פאַרצויגן מיט ווייסע וואָלקנס.

אין צווייטן בלאָק איז אין מיטן דער נאכט געוואָרן ליכטיק. גראָבע מענער־שטימען שרייען און זידלען. די מיידלעך כאַפּן זיך אויף, טוליען זיך צונויף אין אַ ווינקל און וואַרפן דערשראָקענע בליקן צום פענצטערל. וואָס איז געשען? די געשרייען פון דרויסן ווערן שטאַרקער, ס׳הערט זיך אַ הוזשריי פון אויטאָס, צונויפגעמישט מיט אַ פייפעריי און יאָמערדיקע געוויינען. מיר ווייסן נישט, וואָס דאָ קומט פאָר. ס׳האָט אונדז קיינער נישט אויפגעקלערט, נאָר ביסלעכווייז הייבן מיר אָן צו פאַרשטיין, וואָס עס פּאַסירט דאָ. אונטער אַ האָגל פון קלעפּ טרייבט מען די פרויען און מיידלעך אַרויף אויף אויטאָס, וועלכע פירן זיי אוועק — — — — — — — —

אויף דער וויזע איז היינט אַחוץ אונדזערע פּורים־קליידער צוגעקומען אַ גאָר נייער סאָרט קאָסטיום: ס׳איז היינט אָנגעקומען אַ טראַנספּאָרט פון זעקס הונדערט יונגע מיידלעך פון פּיאָנעק. זיי האָבן באַקומען קורצע רייטו־הויזן און זעלנערישע בלוזעס. אַ טייל, פאַר וועלכע ס׳האָבן אויסגעפעלט בגדים, האָבן באַקומען ווייסע מענער־גאַטקעס.

מיר האָבן שוין אויפגעהערט צו וויינען. צוגעווױנט זיך צו אָט דעם גרויל־לעבן. יעדע האָט זיך שוין עפּעס איינגעשאַפט. פרוי גאָלדשער האָט צו איר געבלומט פלאַזשע־קלייד אָן אַרבל צוגעבונדן מיט אַ שטריקל אַ בלעכענע פּאַרזשאַווערטע פּושקע, וואָס דינט איר צום אָפּנעמען די זופּ. איך פאַרמאָג שוין מיין אייגנס אָן אָפּגעהאַקט גרין ביר־פלעשל מיט אַ צענדליק שפּיצן, וואָס איך האָב געקויפט צוזאַמען מיטן וואַסער, פאַרן פּרייז פון אַ האַלבער פּייקע (פּאַרציע) ברויט.

אויף דער וויזע דערוויסן מיר זיך אַז איין טראַנספּאָרט, 3000 זאַגלעמביער יידן, זענען, אַלס שטראָף, אָוועקגעשיקט געוואָרן גלייך צום פאַרניכטן. די שטראָף האָבן זיי באַקומען דערפאַר, ווייל זיי האָבן נישט געוואָלט גיין ווי שאָף צו דער שחיטה. זיך אַנטקעגנגעשטעלט די דייטשן, מיט בלויזע הענט זיך פאַרמאָסטן אין אַ נישט גלייכן קאַמף, געקאַמפט, געשלאָגן מיט די פויסטן און געשריגן: מערדער! פון מיין טראַנספּאָרט — 5000 — זענען אַריין אין לאַגער נאָר 600 פרויען און אַ קליינע צאָל יונגע מענער.

נאָכן אָפּשטיין עטלעכע שעה בעתן אַפּעל, לויפן מיר שנעל צום בלאָק, כדי צו פאַרנעמען וואָס פריער אַ שטיקל אָרט אויף דער פּריטשע. ביטער איז די לעצטע, וועלכע דאַרפן זיך בעטן, מען זאָל זיי לאָזן זיך אַריינקוועטשן אויפן געלעגער.

מיין פּאַרציע ברויט, וואָס איך באַקום פאַרנאַכט, האַלט איך אין האַנט זייער פאַרזיכטיק, איך נעם קליינע שטיקלעך אין מויל ווי אַ צוקערקע, און איך מעסט מיט די אויגן, וויפל ס'איז מיר נאָך געבליבן. איין ביסן כאַטש מוז בלייבן אויף מאָרגן. נאָר, ווידער, טראַכט איך, צו וואָס זאָרגן וועגן מאָרגן?

אַנטקעגן מיר זיצט אַ שטובאָווע און האַלט אין האַנט אַ פּערטעלע הייפּטל גרינע קרויט. אַז כ'האָב דאָס דערזען, איז דער זאַפט מיר געקומען אין מויל אַריין. געוואַלד, ווי נעמט מען כאָטש אַ פּיצל קלאַמבקע, כאָטש איין לאָקש פון אַ בלעטל פאַר מיין האַלדזשען! פון וואַנעט קומט דאָס צו איר? כ'קאָן זיך נישט באַהערשן און בעט זיך ביי איר: — גיב מיר אַ קליין פּיצעלע.

— וואָס, קרויט ווילסטו? — צעלאַכט זי זיך פאַרשייט.

אין אַ געוויסן טאָג האָט פרוי זינגער באַקומען גוואַלדיקע ציין־שמערצן. זי בעט, מען זאָל זי אָפפירן אין רעוויר צום ציין־דאָקטער. אָבער פאַר יידן איז דאָס נישט דערלויבט. נאָך צען טעג פון גרויסע שמערצן האָט מען איר דערלויבט גיין צו אַ ציין־דאָקטער. אַריינקומענדיק אין רעוויר באַגעגנט זי ד״ר מענגעלע.

— וואָס איז דיר? — האָט ער זי געפרעגט.

— איך האָב שטאַרקע ציין־שמערצן.

— וויז נאָר דיינע ציין — זאָגט ער, — דו האָסט נאָך אַלע ציין, מען האָט זיי דיר נאָך נישט אויסגעשלאָגן? רייס איר אַרויס די ציין! — גיט ער אַ באַפעל.

עס האָט זיך דערנענטערט צו איר אַ מאַן, אָנגעטאָן אין אַ ווייסן פאַרטעך און אָנגעהויבן רייסן ביי איר די ציין. אַרויסגעריסן זעקס געזונטע ציין, איז זי ביים זיבעטן, אַ פאַרחלשטע אַראָפּגעפאַלן פון שטול.

— האָסטו נאָך ציין־שמערצן? — פרעגט ד״ר מענגעלע מיט אַ סאַדיסטישן שמייכל, און מיט אַ קאָפּע אין הינטן האָט ער זי באַפרייט פון דער ציין־רייסעניש.

— אַכטונג! — דערהערט זיך אַ געשריי אין מיטן דער נאַכט. אין בלאָק ווערט ליכטיק. צוויי ס.ס.־מענער קומען אַריין. זיי מאַכן אַן אינספּעקציע, באַטראַכטן די פּריטשעס, רעדן צווישן זיך, גייען לענגאויס דעם באַראַק, די בלאָקעלטעסטע גייט נאָך פון הינטן. פון צייט צו צייט ווייזן זיי אָן אויף אַ געוויסן אָרט און גייען אַוועק. אין בלאָק ווערט ווידער פינצטער.

די מיידלעך זענען געוואָרן אומרויִק, קוקן כסדר צום פענצטערל, איינהערנדיק זיך אין יעדן שאָרך, וואָס קומט פון דרויסן.

— צי וועלן אָנקומען אויטאָס און אונדז אַוועקפירן? — פרעגן מיר איינע די אַנדערע.

מיינט מען דאָס שוין אונדז? יאָ, טראַכט איך, איך בין גרייט אויף אַלץ, אָבער מיין קינד? זי האָט נאָך גאָרנישט געהאַט פון לעבן, זאָל זי זיך

שוין דאַרפן שיידן מיט דער וועלט? דער געדאַנק מאַכט מיך וואַנזיניק, לאָזט מיך נישט אָפּ אויף קיין רגע.

— חיהלע — ווענד איך זיך צו מיין שוועגערין — דיר איז גוט, דו האָסט נישט קיין קינדער. ביי דיר וועלן זיי גאָרנישט צונעמען.

פון הינטער אַ נידעריקער פּריטשע דערטראָגט זיך אַ וויינענדיקע שטימע פון אַ יונג מיידל: יאַ כצע זשיטש, מאַמאַ.

די אומגליקלעכע מוטער קעז איר גאָרנישט העלפן, זי פאַרלייגט די הענט מאַכטלאָז. אירע אויסגעלאָשענע אויגן בלאָנדזשען און זוכן הילף. אָבער ווער קאָן איר העלפן? — יאַקי דזשען דזשישיי, העלאַ? (וואָס פאַר אַ טאָג איז היינט, העלאַ?) — פרעגט מיך האַלושע. נאָר ווער ווייסט דען! אַלע טעג זענען דאָ גלייכע.

— אויסטרעטן! — הערט זיך אַ באַפעל (ד. ה. גיין אין אוביקאַציע). ס׳ווערט אַ געלויף פון אַלע פּריטשעס. נאָר צוואַנציק מיידלעך זענען אַרויס, די איבעריקע האָבן באַקומען געשלאָגן און צוריקגעטריבן געוואָרן אויף זייערע ערטער.

ביים טויער פון אוביקאַציע שטייט אַ דייטשקע מיט אַ גרינעם דרייעק. אָט דער אָפּצייכן באַדייט קרימינאַל־פאַרברעכער, עס באַצייכנט איר טונקעלע פאַרגאַנגענהייט. זי האַלט אין האַנט אַ גראָבן שטעקן און שרייט מיט אַ גראָב מענער־קול: „באַוועגט אייך!״

— פאַרשווינדט! — שרייט די קרימינעלע קאַפּאָ און זי שלאָגט מיטן אויסגעשמירטן שטעקן, מיט וועלכן זי רייניקט די קלאָזעטן.

— בלאָק 15 אַנשטעלען! — רופט די שטובנדינסט. אַלע צוואַנציק מיידלעך לויפן שנעל, כדי נישט צו באַקומען מיטן שטעקן.

— פאָזאָר! ז דראָגי! (אויפפּאַסן, מאַכט אַ וועג!) — מיידלעך טראָגן אַריין אויף לאַנגע דרענגער קעסלען מיט זופּ, דאָס איז דאָס מיטאָג־עסן. אַלע שטובאָווס מיט פּאַסקעס אין די הענט, לויפן אַנטקעגן. ביי שורקען, דער פאַרטרעטערקע, ברענט ס׳פּנים ווי אַ פייער. זי לויפט אַהין און צוריק איבערן בלאָק, זי שלאָגט יעדע איינע ווער ס׳קומט אונטער.

— אָביעד נאַ מיעסטאַ! (יעדע באַקומט מיטאָג אויף איר אָרט) — שרייט זי מיט אַ הייזעריקער שטימע.

— דו האָסט דאָך שוין באַקומען — טשעפּעט זי זיך צו אַ מיידל און שלאָגט זי. דערוויל רוקט זיך דער קעסל ווייטער, צוזאַמען מיט דער שטובנדינסט. דער באַפאַלענער קרבן איז דאָס מאָל געבליבן אָן זופּ.

— העי, שמוקשטיק! אַוועק פון קעסל, אַוועק! — לויפט צו איינע אַ שטובנדינסט. דאָס מיידל האָט זיך אַרונטערגעשאַרט אונטער דער פּריטשע, דאָרט זיצט זי אויף דער ערד, דאָרט איז איר אָרט. זי האָט זיך נאָר אויפגעשטעלט, צו כאַפּן אַ בליק אין קעסל, איינזאַפּן דעם ריח פון דער זופּ.

דאָס מיטאָג באַשטייט איצט פון אַ קליין טעפּעלע זופּ, פאַרקאָכט פון געלע ריבן. ביי יעדן מיטאָג זענען פאַראַן קרבנות, וואָס בלייבן אָן זופּ, ס׳העלפט נישט קיין וויינען און בעטן, עטלעכע פעסטע קלעפּ „באַרויִקן״ די מיידלעך און מאָמענטאַל ווערט שטיל.

— „אויפשטיין; ענטלויזונג!״ — ווי תחית המתים, שטייען אויף פרויען־סקעלעטן און שיטן זיך ווי זעקלעך טרוקענע ביינער פון די דריי־שטאָקיקע ברעטער צום בלאָק. די שטובנדינסטן פייפן, שרייען, שלאָגן. צו פינף אין אַ ריי, טרייבט מען אַלעמען צו דער זאָונע. די נאַכט איז אַ פראָסטיקע, טירן און פענצטער שטייען אויפגעפּראַלט. דאָס אָנטועכץ נעמען צו די מענער, זיי נעמען עס אויסצופאַרען אין דיזענפעקציע־קאַמער, צו פאַרגאַזן די מיליאָנען לייז און פליי. אַ גאַנצע נאַכט זיצן מיר נאַקעטע אויף דער שטיינערנער פאָדלאָגע. די קעלט שניידט אין אַלע אברים.

ס׳האָט אָנגעהויבן טאָגן. אויך דאָ, אין זאָונע, זענען זיי געקומען אָפּנעמען דעם אַפּעל, געקאָפּעט מיט פאַרשנייטע שטיוול אין די נאַקעטע לייבער, באַגאָסן אונדז מיט שלויכן קאַלטע וואַסער און זיך געשטיקט פון געלעכטער... עס איז שוין באַלד מיטאָג און מיר זיצן נאָך אַלץ נאַקעט. מיט אַ מאָל ווערט אַ פייפעריי, אַ יאָגעניש, מיט שטעקנס טרייבט מען אַריין אונטערן טוש. פאַרזשאַווערטע טוש־רערלעך האָבן פון דער הייך אַ גאָס געטאָן אַ ביסל קאַלט וואַסער, מיט קאַרגע טראָפּנס באַשפּריצט די נאַקעטע קערפּערס — און גלייך אונדז ווייטער געטריבן. אין איילעניש האָבן מיר זיך אַ לאָז געטאָן צוריק, צו באַקומען דאָס אָנטועכץ, נאָר נישט אַזוי לייכט איז געווען צו דערקענען און אויסגעפינען די נאַסע בגדים,

וואָס זענען צעוואָרפן אין דרויסן אויף דער ערד און אויסגעשמירט אין בלאָטע.

מיטן נאַסן אָנטועכץ אין די הענט לויפן מיר צום בלאָק, אין בלאָק איז אַן איבערקערעניש, אַלץ איז נאַס — די ווענט, די פּריטשעס. דאָס האָט מען אַזוי דעזינפיצירט, באַגאָסן מיט קאַרבאָל און קאַלך. שטייען מיר, קלאַפּן מיט די ציין פון קעלט און וויינען... אָבער באַלד טרייבט מען אַרויס נאַקעטע צום אַפּעל.

נאָך אָט דעם אַפּעל פירט מען אַוועק אַ העלפט מיידלעך אין רעוויר (שפּיטאָל).

מיין שוועגערין חיהלע שטייט אין אַ זייט צוזאַמען מיט אַנדערע קראַנ־קע. זי האַלט זיך קוים אויף די פיס. איר פּנים ברענט. אויך זי האָט באַ־קומען היץ ביי דער „ענטלויזונג".

— האַלט זיך, חיהלע — בעט איך זיך ביי איר — דו מוזסט זיין גע־זונט, דער רעוויר איז דער טויט.

— כ׳קען נישט לענגער, — יאָמערט זי — מיר איז אַזוי שלעכט, כ׳וויל גיין אין רעוויר. כ׳וויל שטאַרבן. כ׳קען שוין נישט אויסהאַלטן.

צוזאַמען מיט אַנדערע קראַנקע פירט מען זי צום רעוויר.

נאָר באַלד האָט מען זי צוריקגעשיקט. זי האָט צו ווייניק פיבער. בכדי אָנגענומען צו ווערן אין רעוויר מוז מען האָבן 39 גראַד היץ.

— אַלע שוואַנגערע פרויען זאָלן זיך מעלדן — רופט אויס די בלאָק־עלטעסטע — אויפהייבן די הענט. שוואַנגערע וועלן באַקומען צולאַגע: מילך און ווורשט.

עטלעכע פרויען הייבן אויף זייערע הענט און זייערע נומערן ווערן פאַרשריבן.

נאָך דער פּראָצעדור ווערן פון דער ריי אַרויסגעצויגן די שענסטע יונגע מיידלעך. די דייטשן האָבן זיי אויסגעקליבן און געזאָגט צו זיי:

— איר גייט אין בלאָק 10. דאָרט וועט איר נישט דאַרפן אַרבעטן און איר וועט באַקומען צולאַגע — פאַרקרימען זיך זייערע גאָמבעס מיט אַ סאַדיסטיש געלעכטער.

דער בלאָק 10 שטעלט מיט זיך פאָר אַן עקספּערימענטאַלע סטאַציע,

געטיילט אין פֿאַרשידענע אָפּטיילונגען — אינערלעכע, כירורגישע, גינע־קאָלאָגישע א״א. די קרבנות פון דער אינערלעכער אָפּטיילונג באַקומען יעדן טאָג פֿאַרשידענע איינשפּריצונגען, צוליב וועלכע ס׳שלאָגן אַרויס פֿאַראייטערטע געשווירן, און זיי באַקומען פיבער. אין דער כירורגישער אָפּטיילונג ווערן זיי אָפּערירט אויף דער גאַל, נירן אד״גל. ס׳ווערן אַרויס־געשניטן שטיקער פון קערפּער און איבערגעפּלאַנצט אין אַנדערע קערפּער־טיילן. די מענטשן דינען צו פֿאַרשידענע עקספּערימענטן, ווי אַ שטייגער, האָזן אָדער מייז. אין דער גינעקאָלאָגישער אָפּטיילונג ווערן פרויען באַ־פרוכפּערט אויף אַ קינסטלעכן אופן. שפּעטער ווערן זיי אָפּערירט און סטעריליזירט. אין עקספּערימענטאַלן בלאָק ווערן יעדן טאָג צוגעשטעלט פרישע קרבנות, יידישע מיידלעך און שוואַנגערע פרויען פון פֿאַרשידענע לענדער, וועלכע זענען אָנגעקומען קיין אָשוויענטשים. צווילינגען, ליליפּוטן, בעלי־מום, קאַליקעס, ווערן אַוועקגעשיקט אין דערמאָנטן בלאָק. די אָפּע־ראַציעס פירן אַדורך דייטשע דאָקטוירים און פּראָפעסאָרן. דייטשע סטו־דענטן זענען אויך אָנוועזנד, כדי צו שטודירן אויף יידישע קרבנות.

מיידלעך, וועלכע האָבן אויסגעהאַלטן אַלע יסורים און פּייניקונגען אין בלאָק 10 און זענען צוריקגעקומען, זענען שוין נישט געווען פּעיק צו וועלכע ס׳איז אַרבעט און ביי אַ סעלעקציע האָט מען זיי צוגענומען...

— ווער האָט דאָ צעבראָכן אַ שויב? — צעשרייט זיך די בלאָק־עלטעסטע, און באַלד לויפן אירע קליינע דאַרע הענט איבערן קאָפּ פון אַ פרוי. ביים אַפּעל לויפט זי צו צום אַפּעל־פירער און פֿאַרמסרט זי. ס׳האָבן זיך צו דער פרוי גענומען צוויי גרין־מונדירטע מענער... אַ צעשלאָגענע איז זי געבליבן ליגן אין דער בלאָטע.

צום היינטיקן אַפּעל איז אָנגעקומען אַ גרויסע גרופּע דייטשן. זיי זענען אין אַ גוטער שטימונג, רעדן הויך, שפּאַסן און לאַכן, דאָס זענען געסטאַפּאָ־לייט פון סאָסנאָוויץ מיט דרייערן דעם געסטאַפּאָ־שעף בראַש. מיר קאָנען זיי זייער גוט. זיי גייען אַרום, באַטראַכטן אונדז פון אַלע זייטן. נעבן זאָשע שפּיגעלמאַן האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט.

— דו האָסט געאַרבעט אין דער געמיינדע אַלס סעקרעטערין? —

פרעגט דרייער. און ווען זי ענטפערט, זאָגט ער צו איר: — יאָ, דיך האָלען וויר ראָוס״.

זאָשע שטראַלט פון האָפענונג. מיר אַלע זענען זי מקנא. נאָר שנעל האָבן מיר זיך איבערצייגט, אַז די דייטשן האָבן זי אָפּגענאַרט.

אין איינעם אַ טאָג, געווען איז דאָס באַלד אין דער פרי, האָבן מיר באַקומען די זופּ, דאָס מיטאָג־עסן — הוילע זאַלץ. געטריבן פון הונגער, האָבן מיר דאָס אויפגעגעסן און באַלד דערנאָך דערפילט זיך שלעכט. אַ פייער האָט געברענט אין מאָגן. מיר האָבן זיך געמאַטערט אין יסורים, נישט אַרויסלאָזנדיק קיין פּיפּס פון מויל. אין בלאָק מוז זיין שטיל, ווי קיין לעבעדיקער נפש וואָלט זיך דאָ נישט געפונען.

ווען מיר זענען נאָך דער בלאָק־שפּערע אַרויס און אָנגעהויבן זוכן וואַסער, זענען אַלע קראַנקע, ווי תמיד, געווען פאַרשלאָסן. ווי פאַרסמטע זענען מיר אַרומגעלאָפן, געזוכט וואַסער און נישט געפונען. אַ סך מיידלעך זענען צוגעפאַלן צו אַ זומפּ מיט אַ געדיכטער גרינער בלאָטע, אָנגעזאַמלט פון יאָרן. זיי האָבן געטרונקען פון דעם גרינעם שלאַם און זענען קראַנק געוואָרן. פיל אונדזערע באַקאַנטע זענען פון דעם מיטאָג אומגעקומען.

פון מיטן נאַכט שטייען מיר אין דרויסן. די אויפזעער זענען נאָך נישט געקומען. ס׳קומט מיר אויפן זינען, אַז ס׳איז פאַראַן אויך אַ לעבן פון יענער זייט דראָט־פאַרצוימונג. פאַראַן מענטשן, וואָס עסן צו דער זאַט, שלאָפן אין וואַרעמע בעטן. אָט דאָ נישט ווייט, הינטער די אוישוויצער דראָטן איז פאַראַן אַן אַנדערע וועלט, אַ וועלט אַ פרייע. — — איך שטיי מיט באָרוועסע פיס אין טיפן שניי און איך חלום וועגן יענער וועלט... בין איך דאָרט אַ מאָל געווען?

— אַכטונג! — דערהערט זיך אַ געשריי. דאָס איז דער אָנזאָג, אַז די רוצחים קומען אָן, אַזוי האָט געמוזט אויסרופן דער ערשטער, וואָס האָט זיי דערזען.

אַ קליינעם ספּאָרט־שפּיל האָבן זיי היינט דורכגעפירט: באַגאָסן עטלעכע מיידלעך מיט קאַלט וואַסער און געקייכט פון געלעכטער.

נאָכן אַפּעל וועָרן מיר, ווי געוויינלעך, אויסגעשטעלט צו פינף און

באַקומען אַ באַפעל: מאַרשירן. מיר גייען, נישט וויסנדיק וווהין. דעם גאַנצן וועג זענען מיר באַגלייט פון באַוואָפנטע זעלנער און גרויסע וועלף־הינט, וועלכע זיי רייצן אָן אויף אונדז. די הינט וואַרפן זיך אויף אונדז און רייסן שטיקער. נאָך אַ ווייטן וועג האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט פאַר אַ מאַגאַזין מיט געהילץ. יעדע האָט באַקומען אַ צאָל ברעטער אַוועקצוטראָגן און דערמיט האָט זיך די אַרבעט פאַרענדיקט.

— „אויב עמעץ וועט אַנטלויפן פון דער אַרבעט, וועלן פאַר יעדער איינער צען אַנדערע באַשטראָפט ווערן מיט דערשיסן" — מעלדעט דער פּאָסטן און זינגט זיך ווייטער דאָס האָרסט־וועסעל־ליד „ווען דאָס יודן־בלוט פון מעסער שפּריצט"...

צו מאָרגנס גייען מיר ווידער צו דער אַרבעט. באָרוועסע, הונגעריקע, די קעלט עסט זיך איין אין די ביינער. דאָס מאָל דאַרפן מיר שטיינער אַריבערטראָגן. מיר טראָגן איבער אַ באַרג שטיינער פון איין אָרט צום צווייטן. אויף צו מאָרגנס ווערן די זעלבע שטיינער ווידער צוריקגעטראָגן אַהין פון וואַנעט מיר האָבן זיי גענומען נעכטן. אַזוי ציט זיך די אַרבעט יעדן טאָג. אָן אַרבעט, וועלכע האָט נאָר איין ציל — אויסצופייניקן. פאַראַן אַ סך קראַנקע, מיט פאַרקילונגען, געשוואָלענע פיס און דיזענטעריע, אָבער אַלע גייען אַרויס צו דער אַרבעט, ווייל קראַנק זיין הייסט גיין אין רעוויר, און פון דאָרט איז דער וועג צום קרעמאַטאָריום זייער אַ קורצער...

— הויף־קאָמאַנדאָ! — פאַלט אַריין אין בלאָק אַ נידעריקע בלאָנדע דייטשקע מיט אַ שוואַרצן דרייעק אין זייט, וואָס באַצייכנט, אַז זי איז אַ גאַסן־פרוי. אויפן לינקן אָרעם טראָגט זי אַ געלן באַנד מיט דער אויפשריפט „קאַפּאָ". אין איר האַנט אַ גראָבער שטעקן, זי לויפט שנעל אַרום ווי זי וואָלט עמעצן געזוכט.

— הויף־קאָמאַנדאָ! — שרייט זי מיט כעס — ווילסט דו ניכט אָדער קאַנסט דו ניכט? — שלאָגט זי אַ יונג מיידל. זי רייסט זי ביי די הענט און שלעפּט מיט זיך מיט פופציק פרויען צו דער „גערעטע־קאַמער". יעדע באַקומט אַן „אַרבעטס־אינסטרומענט". אויף מיין גורל איז אויסגעפאַלן אַ קליינער אָפּגענוצטער בעזעם פון ריטלעך.

— לאָס צו דער אַרבעט! — שרייט זי — טעמפּאָ!

איינגעבויגן מיט די בעזעמס צו דער ערד, הייבן מיר אָן צוזאַמענקערן בלאָטע און מיסט. פּלוצעם הייבט אָן ווילדעווען די דייטשקע:

— איך וועל אייך העלפן, ביי מיר וועט איר שוין אַרבעטן! אַרבייט מאַכט פריי! — צעשרייט זי זיך, — באַוועגט אייך, באַוועגט אייך! טעמפּאָ! — דעם גראָבן שטעקן האָט זי אַוועקגעלייגט אין אַ זייט און זי שלאָגט איצט מיט אַ דין ריטל. יעדער קלאַפּ הילכט אָפּ מיט אַ פּיף און לאָזט איבער בלויע אויפגעלאָפענע צייכנס.

— אַזוי ווילט איר דאָ אַרבעטן אין אוישוויץ, אין טויטן־לאַגער בירקענאַו? איך וועל אייך העלפן, פאַרפלוכטע באַנדע!

צוריקקומענדיק אין בלאָק האָט אַ פרוי, אַ יונגע פראַנצויזין, באַקומען שטאַרקע בויך־שמערצן. זי לויפט צום טירל, וויל אַרויס. גלייך לויפט איר אַנטקעגן די טאָרוואַכע, זי הייבט אויף דעם רימען און שרייט:

— היינט גייט מען נישט אויסטרעטן. בלאָקשפּערע!

די פרוי וויינט, בייסט די ליפּן, רעדט עפּעס שטיל, נאָר קיינער פאַרשטייט זי נישט. זי איז אַזוי אומגליקלעך, זי קען נישט קיין דייטש, קיין יידיש. זי ליידט פון „דורכפאַל". מען זעט דאָס אויף איר קלייד און באַרוועסע פיס... נאָך האַלבער נאַכט איז אונדז געלונגען אַרויסצובאַקומען זיך אין אוביקאַציע.

— פון וואַנעט ביסטו? — פרעגט מיך אַ יונג קריסטלעך מיידל, וועלכע כ׳האָב דאָרט געטראָפן. זי גייט אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצער שירץ, ווי אַ בלאָקאָווע.

— פון זאַגלעמביע — זאָג איך — ס׳איז מיר זייער שלעכט. מיינע כוחות גייען אויס, כ׳בין נישט מער פעיק צו קעמפן פאַרן לעבן.

— אַנטלויף פון דער קוואַראַנטאַננע — זאָגט זי — דאָ, אין בלאָק 15, שטאַרבן אַלע אויס. זוך אַרבעט, אַז דו וועסט אַרבעטן, וועט דיר זיין לייכטער.

— ווו זאָל איך זוכן אַרבעט, אין אוישוויץ?

— יאָ, — חזרט זי איבער — זוך אַרבעט. גיי צום אַרבעט־דינסטפירער און בעט ביי אים אַרבעט, ער קומט יעדן פאַרנאַכט צוזאַמען מיטן

ראַפּאָרט־פירער צום אַפּעל. דו קאָנסט דאָך דייטש? אַלע יידן קאָנען דאָך דייטש.

— וואָס רעדסטו? — זאָג איך — ער קאָן מיך פאַר מיין חוצפּה גוט אָנלערנען, אָדער גאָר אַוועקשיקן אין אַ שטראָף־קאָמאַנדאָ (ס. ק).

יאָ, איך קאָן אים, דעם בלאָנדן שייגעץ, ער דרייט זיך תמיד נעבן עמודל, וואָס מען ברענגט צו יעדן אַפּעל, אַן עמודל פון אַ שול אָדער בית־המדרש. מיך דערמאָנט עס דעם חזן, דעם שליח־ציבור, איינגעהילט אין טלית, וואָס פלעגט פאַרגיסן טרערן און מיט אַ האַרציקן ניגון בעטן רחמים פאַר זיין פאָלק. איצט שטייט נעבן אים אַן ס.ס.־מאַן, בלעטערט אינעם בוך, אַ גרויס בוך ווי פון אַן אַמעריקאַנער בוכפירונג. אַלע זענען דאָרט פאַרשריבן. מיין נאָמען, מיין נומער, וואָס איז אויסגעברענט אויף מיין האַנט. ער בלעטערט, ציילט און רעכנט, יעדן טאָג ווערט פון בוך אַרויסגעשריבן, — געשטאָרבן... ווי אין אַ מאַגאַזין־בוך, אַריין־אַרויס, די דייטשן האָבן ליב אָרדענונג...

אין צווישן איז אָנגעקומען די „שייסקאַפּאָ" און מיטן שטעקן אַלע אַוועקגעטריבן.

— קום פאַרנאַכט צום גרויסן הילצערנעם בלאָק און בעט דער טאָר־וואַך זי זאָל מיך רופן, וועל איך דיר געבן אַ שטיקל ברויט. מיין בלאָק־קאָווע אַראַנקאַ גנבעט נישט פון ברויט. איך באַקום אויך פּעקלעך פון מיינע קרובים פון דער פריי. מען רופט מיך צעשאַ ז קראַקאָוואַ, פון קראָקע — האָט זי נאָך באַוויזן מיר צו זאָגן און איז אַוועק אין איר בלאָק.

אַלע פאַרנאַכט, גלייך פון אַפּעל, לויף איך צום גרויסן הילצערנעם באַראַק. אָבער כ׳קאָן זי שוין נישט געפינען. נאָר אירע ווערטער: „זוך אַרבעט, קריג זיך אַרויס פון דאַנעט" — האָבן זיך אין מיר גוט איינגעקריצט.

היינט זענען פּופּציק מיידלעך אויסגעקליבן געוואָרן צו גיין אין דער ניי־שטובע, אַנדערע פּופּציק אין דער שוסטעריי. איך וועל אויפגעצי־טערט. וואָס וועט זיין מיט מיר און האַלושען? מיר פּרובירן זיך אַריינגנ־בענען, אויסמישן זיך מיט דער אויסגעקליבענער גרופּע, נאָר יעדעס מאָל

ווערן מיר ברוטאַל צוריקגעשלעפּט. די מיידלעך ווערן אָפּגעציילט, זייערע נומערן פאַרשריבן און אַוועקגעשיקט אין „ב״־לאַגער צו דער אַרבעט.

— ווער איז די פרוי אין דער ווייסער שירץ? — פרעג איך ביי האַלושען — צו וועמען קומט זי דאָ אַהער?

— האָסט זי נישט דערקענט? דאָס איז דאָך פרוי אַלינער, זי אַר־בעט צוזאַמען מיט איר טאָכטער לעשאַ אין רעוויר־שפּיטאָל.

— זי אַרבעט? — פרעג איך פאַרוואונדערט — איז אפשר קאָן זי פאַר אונדז פאַרשאַפן אַרבעט?

אַ שטראַל פון האָפענונג האָט אויפגעלויכטן אין מיר — אפשר וועט זי מיר קאָנען העלפן? מיר זענען דאָך פריינט פון דער היים.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָב איך זי באַמערקט. זי איז אַנגעקומען פונעם רעוויר, לאַנגזאַם, שלאַבעריק, דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן צו דער ערד. איך ציטער פאַר אויפרעגונג. וועל איך נאָך באַוויזן רעדן מיט איר?

— פרוי אַלינער — נעם איך זי אָן ביי דער האַנט און איך זאָג שנעל — כ׳בעט אייך, העלפט מיר! כ׳וויל ראַטעווען מיין קינד, כ׳וויל אַרבעטן צוזאַמען מיט אייך.

— צוזאַמען מיט מיר? — ציט זי מיט די אַקסלען, — ווי איז דאָס מעגלעך? געוויס וואָלט איך וועלן אייך העלפן. איך בין אייך פיל דאַנק שולדיק. איר האָט דאָך מיין מאַן אָפּגעראַטעוועט, ווען ער איז געפאַלן אין גאַס פון אַ האַרץ־אַטאַק. אָבער מיט וואָס קאָן איך אייך העלפן? כ׳וועל רעדן מיט דער דאָקטאָרין פון רעוויר. זי איז אַן אַנשטענדיקער מענטש.

— פאַרגעסט נישט — זאָג איך — אויך מיין שוועגערין, מיר ווילן זיך נישט צעטיילן.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער זע איך זי ווידער פאַרבייגיין. זי קוקט מיך אָן אַזוי מאָדנע און רעדט קיין וואָרט נישט. האָט זי פאַרגעסן? אָדער קאָן זי גאָרנישט טאָן? און אין אָט דער געשפּאַנטקייט זענען ווידער אַדורך פיינפולע טעג. טעג פון צער און הונגער.

העכער הונדערט פרויען זענען היינט אַוועקגעשיקט געוואָרן אין רעוויר. ביים אַפּעל זענען זיי געשטאַנען אין דער זייט, אָפּגעזונדערט,

אַ טייל אויסגעלייגט אויף דער ערד. אַ העלפט פון מיין טראַנספּאָרט איז שוין אומגעקומען. אַוועק אין רעוויר און נישט צוריקגעקומען. איצט שלעפּט מען אַרויס פון בלאָק חנה קערנער, די יונגע שיינע פרוי האָט באַקומען אַ נערוון־אָנפאַל. אירע מוראדיקע קולות דערשיטערן. חוהלע אַבראַמציק איז היינט אַוועק מיט דער סעלעקציע. ס׳זענען פאַרבליבן אירע צוויי יונגע מיידלעך. זיי ליידן פון דיזענטעריע, זיי זענען אַזוי איינזאַם און עלנט. הערטע פרידלער און נאָך אַנדערע פון זאַגלעמבּי־ער טראַנספּאָרט וואַלגערן זיך אין דרויסן אויף דער ערד, הינטער די בלאָקן. זיי ברענען פון היץ און בעטן זיך — אַ ביסל וואַסער. דאַרקע קימעלמאַן האָט מען היינט צוגענומען בעת דער סעלעקציע. איר מאַמע האָט נישט געקענט אויסהאַלטן דעם צער און זיך פרייוויליק צוגעשטעלט צום טראַנספּאָרט, צוזאַמען מיט איר טאָכטער אַוועק צום אומקום.

עס איז נאָך טונקל אין דרויסן. אַ קאַלטע, פאַרנעפּלטע נאַכט.

איך וויל אַריבערלויפן אין רעוויר, פרעגן ביי דער פרוי אַלינער, צי זענען פאַראַן אויסזיכטן, צי האָט זי גערעדט מיט דער דאָקטאָרין וועגן אונדז? פון דער ווייטנס זע איך די טויער־וואַכע. זי האַלט גרייט דעם רימען צום שלאָגן. ווען איך דערנענטער זיך צו איר, שרייט זי אויס: — אוטיעקאַי, מענגעלע נאַ לאַגרו! (אַנטלויף, מענגעלע איז אין לאַגער!).

האָט ער שוין פון דאָס ניי געמאַכט אַ שחיטה? שוין ווידער אויסגעליידיקט די בלאָקן? וואָס וועט איצט זיין מיט העניען, מיין קוזינקע? אברהם ראַטנערס איינציקע טאָכטער? ערשט נעכטן איז זי מיט אַ געשוואָלענעם פוס אַריין אין רעוויר און שוין אַריינגעפאַלן. דאָס יונגע מיידל האָט שוין שלום געמאַכט מיט איר גורל און אויפגעהערט צו וויינען, זי איז געוואָרן גלייכגילטיק צו אַלץ, זי האָט זיך איצט נישט געריסן צום לעבן.

— העניע, — טרייסט איך זי — זיי רויִק, — כ׳וועל אַלץ טאָן, אַרויסצונעמען דיך פון דער ליסטע. נאָר זי גלייבט נישט. מיר ביידע גלייבן נישט. און מיט אַ טרויעריקן זיפץ זאָגט זי, אַ רעזיגנירטע:

— איך בין קראַנק און צעבראָכן. איך וויל שוין נישט לעבן. כ׳וויל גיין דאָרט אַהין, ווו עס גייען אַלע... דאָרט וועט מיר בעסער זיין. איין

ביטע האָב איך אָבער יאָ צו דיר: פאַרן טויט וואָלט איך וועלן נאָך אַ מאָל עפּעס גוטס אָפּעסן. ברענג מיר אַ גוטע זאַך צום עסן.

אירע טרויעריקע אויגן האָבן געבלאַנדזשעט איבער די טונקעלע ווענט פון רעוויר־בלאָק. אירע בלייכע ליפּן האָבן געשעפּטשעט: — כ׳וויל שוין נישט לעבן, ניין, „דאָרט" וועט מיר זיין בעסער. — און זאָלסט נישט פאַרגעסן, וואָס איך זאָג דיר אָן: ווער ס׳וועט איבערלעבן, זאָל נקמה נעמען פאַר אונדזער בלוט, פאַר מיר, פאַר מיין חתן היפּעק (היפּעק גליצענשטיין), וואָס זיי האָבן דערשאָסן, פאַר מיינע עלטערן און ברידער און פאַר אַלע יידן... — זי האָט פאַרשטעלט די אויגן מיט ביידע הענט און אויסגעבראָכן אין אַ ספּאַזמאַטיש געוויין. איך האָב זי געקושט, געגלעט: — העניאָ, דו ביסט נישט אַליין, דו האָסט עמעצן, וואָס וויל דיר העלפן, כ׳וועל אַלץ טאָן פאַר דיר.

איך האָב זיך דערוווּסט פונעם הילצערנעם דריישטאָקיקן לאַגער־בעטל, וואָס זעט אויס ווי אַ שמאָל אייער־קעסטל. דאָרט הינטן, אין לעצטן קעסטל, אויסגעבעט אויף שטרוי, ליגט העניע, ענג צוזאַמענגעפּלאָכטן מיט נאָך צוויי אַנדערע קראַנקע. אירע דאַרע הענט הענגען אַראָפּ ווי פרעמדע. די אויגן אויסגעלאָשן, אַ לאַנגע פאַרשפּיצטע נאָז, אַרויסגעשטאַרצטע ציין בייסן מיט כעס די בלאַסע ליפּן. אַן אַכצניאָריקע זקנה...

ווי לאַנג איז עס דען גאָר, ווי איך פלעג זען העניען לויפן אַ פריילעכע אין גראַנאַטענעם שול־קליידל, מיטן ווייסן קראַגנדל, לייכטנדיקע שוואַרצע אויגן, לאַנגע דיקע צעפּ מיט שלייפן... די מאַמע פלעגט פלעכטן אירע צעפּ און זיך איבערנעמען מיט דער געראָטענער טאָכטער. איצט... וואַרט זי אָפּ אירע געציילטע שעהען און אפשר מינוטן. נאָך היינט וועט מען זי צונעמען און אַוועקפירן.

לאַנג האָב איך נאָך אַרומגעבלאָנקעט. אין די בלאָקן פון רעוויר איז שטיל און דעמערדיק. אַ שטראַל פון דער פאַרגייענדיקער זון האָט זיך איינגעגראָבן אין אַ ווינקל און נעסטעט מיט די לעצטע רויטע שטראַלן. ס׳איז שטיל און טרויעריק. באַלד וועט זיך הערן דאָס גערויש פון אויטאָמאָבילן, וואָס וועלן אַוועקפירן די מיידלעך. — — — — — — — — — — — —

היינט וועל איך אָפּשעפּן אַ ביסל טיי, ווען ער איז נאָך וואַרעם, און זאָל זיין וואָס עס וועט זיין. ס'איז מיר אַזוי קאַלט.

פון די ערשטע בין איך אַרויס און אָנגעהויבן זיך דרייען אַרום די פּעסלעך. די נאַכט איז אַ פינצטערע, קיינער וועט מיך נישט באַמערקן. שנעל רוק איך אַוועק דאָס ברעטל, שטעק אַריין מיין טעפּעלע אין פּעסל גריגעס וואָסער און דערשפּיר אויף מיין האַנט אַ וואַרעמע פּאַרע. כ'וויל אָנשעפּן און אַנטלויפן, אָבער פּלוצעם באַקום איך אַ קלאַפּ איבערן האַנט. אַ זעץ אין קאָפּ, דאָס טעפּעלע איז מיר אַרויסגעפאַלן פון דער האַנט. איך בין אָפּגעקומען בלויז מיט עטלעכע קלעפּ.

ווידער זענען מיר אויף דער וויזע. אין בלאָק לאָזט מען נישט אַריין. דאָס פעלד ליגט שטיל און ליידיק, באַדעקט מיט ווייסן פראָסט, די אימה־דיקע אויגן פון די וואַך־פּאָסטנס און די לופטס פונעם מאַשין־געווער קוקן אַראָפּ און דראָען.

אַ נייער טראַנספּאָרט איז אָנגעקומען פון זאַוויערטשע. מיר ווייסן שוין, אַז די נייע וועלן אַרויסשטופן די אַלטע. באַלד וועלן די דייטשן רופן צו אַ סעלעקציע, אַרויסנעמען די אָפּגעשוואַכטע, די אויסגעפייניקטע און אַוועקשיקן. אין די בלאָקן וועלן בלייבן די נייע, געזונטע, וואָס זענען ערשט אָנגעקומען פון דער פריי.

— ווער קאָן יצחק גראַנדאַפּעל? — פרעג איך ביי די זאַוויערטשער. — יאָ, מיר קענען אים זייער גוט — ענטפערט מען — זיין פרוי מיט דריי טעכטער געפינען זיך אין בלאָק 13.

פאַרנאַכט בין איך אַריבער אין בלאָק 13, אויסצוגעפינען די מומע שרהלע. ווי אַ רויז צווישן דערנער שיינט זי אַרויס פון דער פאַרחושכטער פּריטשע מיט איר שיין פּנימל און ראָזע באַקן. — רבונו של עולם! — ברעכט זי די הענט און שעפּטשעט שטילערהייט עפּעס אַ תפילה. — כ'בין געקומען — דערציילט זי מיר גלייכגילטיק — מיט יצחקן און אַלע קינ־דער. נו, מילא, דער אין הימל וועט אַוודאי העלפן און מיר וועלן פון דאַנעט אויך ניצול ווערן. כ'וויס נאָר נישט וווהין זיי האָבן אַוועקגעשיקט זיסעלעס צוויי קינדער? זיי האָבן די קינדער פון אונדז צוגענומען. דער

איבערשטער זאָל זיי היטן, האָט זי פרום פאַרגלאָצט די אויגן צום הימל...

זיסעלע, די עלטערע טאָכטער, זיצט אין אַ זייט און וויינט איבערן גורל פון אירע אַוועקגענומענע קינדער. די צווייטע טאָכטער, אסתרל, וויינט אויף איר מאַן, וועמען זיי האָבן גלייך פון דער באַן פאַרשלעפּט ערגעץ און זי ווייסט נישט, וואָס מיט אים האָט פּאַסירט. דער יינגסטער טאָכטער, העניען, איז געלונגען צוצוקריגן זיך, צו וואַשן די טעלער נאָך מיטאָג און אָפּטראָגן אַ פעסל צו דער קיך, דערפאַר האָט זי רעכט אויסצוקראַצן דאָס פעסל.

— זעסט, הדסל, — ווייזט מיר די מומע שרהלע אַ קליין רויט טעפּעלע — אַ דאַנק דעם וועלן מיר האָבן יעדן טאָג נאָך אַ ביסל עסן־אויסקראַצעכץ פונעם פעסל. אַז דו וועסט אַהער קומען, וועסטו אויך האָבן אַ לעפל עסן, ביז דער פון אויבן וועט אונדז העלפן. — —

ס'האָט נישט לאַנג געדויערט, נאָר געציילטע טעג. אין בלאָק 13 איז געקומען אַ קאָמיסיע און אַלע פרויען, עלטער פון דרייסיק יאָר, צוגענומען. די מומע שרהלע צווישן זיי.

מיר האָבן נאָך נישט באַוויזן צו פאַרנעמען די ערטער, קומענדיק פון פרימאָרגן־אַפּעל, ווי די בלאָקאָווע שטעלט זיך ביי דער טיר און רופט אויס:

— אַלע זאָלן זיך שנעל אויסטאָן און אויסשטעלן זיך אין דרויסן צו פינף. שנעל, שנעל, הערויס!

נאַקעטע, אין גלייכע רייען, שטייען צענדליקער טויזנטער פרויען. זייער גורל ליגט אינעם דריי מיטן שטעקעלע — לינקס אָדער רעכטס.

טאַובער, דער הויכער דאַרער ראַפּאָרט־פירער, מיט אַן איינגעפאַלענעם צעקנייטשטן פּרצוף און פאַרברעכערישע אויגן, דערנענטערט זיך. עס באַגלייט אים די דרעקסלערקע. זי איז אָנגעטאָן אין אַן ס.ס.־מונדיר, אַ מיליטערישן היטל מיטן האַקנקרייץ, אין הויכע שטיוול, און ביי דער זייט גלאַנצט אַ רעוואָלווער.

— אַכטונג! — רופט אַ שטימע, פון וועלכער די הויט ווערט געגרונצלט. ווידער ליגט דיין גורל אויף דער וואָג. אַ פּחד טרייסלט דיביינער. שוין

עטלעכע שעה דויערט די שפּאַנונג. מיר מוזן האַלטן די אויגן אויסגעשפּיזט און קוקן פאַר זיך. שטיין אויסגעגלייכט און נישט רירן מיט קיין אבר.

— אָפּטרעטן! — דערהערט זיך אַ באַפעל — בלאָק־שפּערע! אַלעס הינגיין!

מיר האָבן פרייער אָפּגעאָטעמט. אונדזער בלאָק איז ניצול געוואָרן. מיר׳ וועלן נאָך לעבן...

דורך די פענצטערלעך זעען מיר אַוועקפירן הונדערטער נאַקעטע פרויען. זיי גייען רעזיגנירטע, שווייגנדיקע. דאָס לעבן איז שוין נמאס געוואָרן. באַפרייט ווערן פון דאַנעט קאָן מען נאָר דורך דעם געדיכטן שוואַרצן רויך. דער בלאָק 7 איז פריי געוואָרן. הונדערטער פרויען פון גריכנלאַנד פירט מען איצט אַוועק צום בלאָק 25 און צוזאַמען מיט מיידלעך פון אַנדערע בלאָקן — אין די גאַז־קאַמערן.

וואָס טראַכטן איצט די יונגע מיידלעך? ערשט נישט לאַנג איז זייער טראַנספּאָרט אַהער געבראַכט געוואָרן פון גריכנלאַנד. בליענדיקע, יונגע. איצט פירט מען זיי ווי שאָף צו דער שחיטה... צו צווייַ, פּאָרלעך, פּאָרלעך. נאַקעטע, באָרוועסע, געלע, אויסגעצויגטע גופים. בריסטלעך, ווי ליידיקע זעקלעך. אַ דאַר העלדזל האַלט אויף זיך אַן אָפּגעגאָלטן קאָפּ. איינזאַמע, אַן אַ טרייסטוואָרט פון אייגענע. אָן אַ קרעכץ, אָן אַ טרער פון אַ נאָענטן, מיט לאַנגזאַמע טריט און פולן באַוווסטזיין טרעטן זיי איצט צום לעצטן מאָל איבער דער פאַרשאָלטענער ערד פון בירקענאַו. ווי שטילע שאָטנס פאַרלאָזן זיי די רשעותדיקע וועלט. — —

ווי אויף צו להכעיס, ציט זיך היינט די נאַכט אַזוי לאַנג. ס׳איז נישט מעגלעך איינצושלאָפן. אין קאָפּ פּלאָנטערן זיך פינצטערע געדאַנקען און בילדער. ווער ווייסט, צי וועלן זיי נישט פון דאָס ניי אַהערקומען? אפשר פעלט צום טראַנספּאָרט, אַזוי ווי עס פלעגט אָפט טרעפן אין געטאָ, און זיי וועלן צוריקקומען דערגענצן די צאָל?... און וואָס איז געשען אין בלאָק 13? צי זענען נאָך די מיידלעך דאָרט פאַראַן? אַזוי געקוועלט פון מיינע געדאַנקען, קומט זיך דערוואַרט אויפן רוף: צום אַפּעל!

גיך בין איך אַראָפּ פון דער קויע און מיט אַלע כוחות זיך געלאָזט לויפן צום בלאָק 13.

במשך דער נאַכט איז דאָ פאָרגעקומען אַ שחיטה, ס׳איז פאַרבליבן נאָר אַ קליינע צאָל מיידלעך. אסתרל קומט מיר אַנטקעגן מיט פאַרוויינטע אויגן. זיסעלען, איר עלטערע שוועסטער, האָבן זיי צוגענומען, אָפּגעפירט אין טויטן־בלאָק 25.

— כ׳וואָלט געוואָלט איר אַריינגעבן אַ ביסל וואַסער — זאָגט זי. איך ראַט זי דערפון אָפּ: — זאָלסט עס נישט טאָן — זאָג איך — זיי קאָנען דיך אויך אַריינשלעפּן. — אָבער איך אַליין נעם אַ טעפּעלע וואַסער און דערנענטער זיך מיט קעציש־שלייכנדיקע טריט צום בלאָק 25, וווּ די פענצטער זענען באַשלאָגן מיט אייזערנע קראַטעס. שוין פון דער ווייטנס דערטראָגן זיך שרעקלעכע קולות. כ׳פיל, אַז כ׳מוז צוריקגיין. כ׳וועל נישט איבערטראָגן די פאַרצווייפלטע געשרייען, די איבערמענטשלעכע געראַנג־לענישן פון די צום טויט פאַרמשפּטע, וועלכע רייסן זיך מיט די לעצטע כוחות צו די פאַרקראַטעוועטע פענצטער. נאַקעטע, ליגן זיי אָנגעשפּאַרט נעבן די קראַטעס און יאָמערן. קיינער הערט זיך נישט צו צו זייערע געוואַלדן. כ׳באַשליס זיך אומצוקערן. וואָס טויג זיי וואַסער? אַלץ איז שוין געענדיקט. פון דאָרשט וועלן זיי ממילא נישט שטאַרבן. אָבער אַן אי־בערלעכער אינסטינקט לאָזט מיך נישט אַוועקגיין. איך שטאַרק זיך. איך וויל כאָטש עמעצן פון זיי דערלאַנגען אַ ביסל וואַסער. אַלע זענען מיר דאָ די זעלבע. אַלע וועלן מיר גיין דעם זעלבן וועג. נישטאָ פאַראַן דאָ קיין שום אויסנאַם...

שנעל גיי איך צו, שטעל אַוועק דאָס טעפּל וואַסער אויפן פענצטער און, ווי כ׳וואָלט אָפּגעטאָן דאָס גרעסטע פאַרברעכן, לויף איך צוריק. „אַ ביסל וואַסער!״, שרייט עמעצער, איך דערקען דאָס קול פון געניע אַדלער, רוכטשע קאָזלאָווסקי און נאָך אַנדערע.

די פאַרצווייפלטע הילפסרופן קלינגען אָפּ אין דער פראַסטיקער נאַכט. איך דערווייטער זיך ווי אַ שאָטן, ס׳באַפאַלט מיך אַ פּחד. ווער ווייסט, צי עס האָט מיך עמעצער נישט באַמערקט? דער אַפּעל איז שוין כמעט צוגע־גרייט, איך רוק זיך אַריין אין אַ ריי. דער קאָפּ דרייט זיך מיר ווי ביי אַ שיכור. איז דאָס וואָר, וואָס כ׳האָב נאָר וואָס געזען, אָדער אַ שרעקלעכער חלום? דאָס גרויליקע בילד שטייט מיר פאַר די אויגן און כ׳קען אים

בשום אופן נישט פאַרטרייבן פון זיך. רבונו של עולם! צי וועט דאָס אַלץ אַזוי געשענקט ווערן די מערדער? צי איז נישט פאַראַן קיין שטראָף פאַר די אַלע פאַרברעכנס? ווייסט דען נישט די וועלט וועגן אוישוויץ? און אויב יאָ, טאָ פאַרוואָס שווייגט זי? איז שוין נישט פאַראַן קיין שום גערעכטיקייט אויף דער וועלט? פאַר הרגענען איין מענטש קומט טויט־שטראָף, פאַר הרגענען אַ גאַנץ פאָלק קומט גאָרנישט? ווו זענען די פעלקער? אַלע שווייגן! קוקן זיך צו מיט פאַרלייגטע הענט און שווייגן. קיינער וויל נישט הערן דעם געיאָמער פון אַ פאָלק, וואָס קומט אום אין טייכן בלוט און טרערן.

דער בלאָק 13 איז אין גאַנצן אויסגעליידיקט געוואָרן און גרייט אויפצונעמען פרישע קרבנות. מסתמא געפינט זיך אַ טראַנספּאָרט אין וועג, וואָס דאַרף אָנקומען. די קליינע צאָל פאַרבליבענע מיידלעך ווערן איבערגעשיקט אין אַנדערע בלאָקן. העניע גראַנדאַפּעל, מיין קוזינקע, ווערט געשיקט צו אַרבעטן אין דער אַמוניציע־פאַבריק „וניאָן". אסתרל ווערט אַריבערגעפירט אין לאַגער „ב". אונדזער קאָנטאַקט ווערט איבערגעריסן.

— — — — — — — — — — — — —

— אַ שטילקייט הערשט אין בלאָק. מיר ליגן אויסגעצויגן ווי שאָטנס אויף די ברעטער.

פלוצעם דערהערט זיך דאָס אויסרופן נומערן. שורקע לויפט אַרום און שרייט: נומער 52681 און 84 זאָלן זיך מעלדן: קערע טאָ? ווער איז דאָס?

הערסט, האַלושע, אונדזערע נומערן רופט מען!

שורקע דערנענטערט זיך. עס שפריצט פון איר מיט פייער. זי רעדט שנעל, זשעסטיקולירט מיט די הענט. מיר ווערן פאַרציטערט. די פיס, — ווי געליימט. קוים וואָס מיר דערשלעפּן זיך צו דער ברויט־קאַמער. די בלאָקאָווע לויפט אַ נערוועזע אַרום איבערן קליינעם שטיבל און שרייט; ווי מאַטיע פאַמיליאַ נאַ רעוויר? (איר האָט משפּחה אויפן רעוויר?).

מיר שווייגן און האַלטן די אויגן אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד.

— קענט איר דאָרט ווען, קענט איר ד"ר ענאַ? — פרעגט זי —

ווער האָט אייך באַזאָרגט די אַרבעט אין רעוויר? עפּעס רעדן זיי צווישן זיך סלאָוואַקיש, מיר שוויגן.

— פּאָדטיע! — קומט! — שורקע לויפט איילנדיק פאָרויס און מיר גייען איר נאָך. וווהין פירט זי אונדז מיט אַזאַ כעס? וואָס פאַר אַ שלעכטס האָבן מיר געטאָן? זי רעדט צו זיך, וואַרפט מיט די לאַנגע הענט, די קורצע האָר פליען אין דער לופטן, און איר פּנים ברענט פון אויפרעגונג.

— פּראַצאָוואַט כצאָן, פּאַלסקע סווינע, יאַ וואָם אוקאַזים! (אַרבעטן ווילן זיי, פּוילישע חזירים, איך וועל אייך שוין ווייזן!). במשך דעם גאַנצן וועג דראָט זי מיט די פויסטן.

ביים קראַנקן־בלאָק 27 בלייבן מיר שטיין. אַ באַרג טויטע, נאַקעטע סקעלעטן, ליגן ביים איינגאַנג. אַ צעטראָגענע גיט זי איבער דער בלאָק־עלטעסטער: אויפן באַפעל פון ד״ר ענאַ ברענג איך צו דיר אָט די צוויי, זיי ווילן דאָ אַרבעטן אַלס פלעגערינס. זי גייט אַוועק, מיר פאַרבלייבן אין בלאָק 27.

— ווער איז דאָס ד״ר ענאַ, האַלושו? און וואָס האָט זי פאַר אַ שייכות צו אונדזער אַרבעט?

— דו ווייסט נישט? — ענטפערט זי — ד״ר ענאַ איז דאָך די רעוויר־אַרצטין, זי איז אַ סלאָוואַקישע יידישקע, אַ גרויסע פיגור אין לאַגער. — ווער האָט זיך דאָס משתדל געווען ביי איר פאַר אונדז? ס׳קאָן זיין, אַז די דאָקטאָרין, וועלכע פּרוי אַלינער האָט געבעטן, זאָל זיין, אַז זי האָט זיך עס באַמיט אונדז אַרויסצונעמען פון דער קוואַראַנטאַנע צו דער אַרבעט? איך האָב דאָן געטראַכט מיט אומצוטרוי, נישט געלייגט קיין אַכט אויף אירע רייד. אָבער איצט זע איך דעם אמת. זעליג! דיינע לעצטע ווער־טער: „זאָלסט טרעפן גוטע מענטשן, וואָס זאָלן דיר העלפן״. דיין ברכה באַגלייט מיך אויף מיין שווערן וועג.

— דאָ, אין דער הייך, ביים איינגאַנג, וועט איר שלאָפן, צוזאַמען מיט דער שטובאָווע — ווייזט אָן די נייע בלאָקאָווע באַזענקאַ.

איך פאַרנעם אַ פּלאַץ אויף דער פּריטשע. האַלושע הייבט אָן אַרבעטן ביים באַדינען די קראַנקע. ליגנדיק אויף די ברעטער, באַמערק איך עט־לעכע פּיידקעס ברויט. דאָס האָט מסתמא אַ שטובאָווע צוגענומען ביי די,

וואָס קאָנען שוין מער נישט עסן. פלוצלינג קומט אָן אַ הויכע מויד מיט אַ צעקרימטן פּנים.

— וואָס טוסטו אויף דער פּריטשע? — הייבט זי אָן שרייען. — ניין! דו וועסט דאָ נישט שלאָפן. אַראָפּ פון דאַנעט! און ווו איז נאָך אַ פּיידקע ברויט? ס׳פעלט מיר ברויט. האָסט שוין באַוויזן צוצונעמען? אַראָפּ! אַראָפּ! — שרייט זי און פאַרטרייבט מיך מיטן שטעקן.

האַלושע קומט אָן אַ פאַרמאַטערטע, זי האַלט זיך ביים קאָפּ:

— ווי קאָן איך דאָ אַרבעטן? מיט וואָס זאָל איך העלפן די קראַנקע, ווען אַפילו אַ ביסל וואַסער איז נישטאָ זיי צו געבן.

זי רעדט מיט פאַרביטערונג. ס׳ליגן קראַנקע אויף טיפוס, לונגען־אָנצינדונג, מאַלאַריע — ענג צוזאַמענגעפרעסט אויף איין פּריטשע. אַ געזונט מיידל מיט אַ צעבראָכענער האַנט ליגט אויף דער זעלבער קויע, זי האָט גרויסע שמערצן. די קראַנקע באַקומען נישט קיין שום מעדיציני־שע הילף, קיין שום רפואות. זיי ווערן נישט געוואַשן, נישט איבערגעטאָן. זיי ליגן אַזוי און קרעכצן, ביז זיי גייען אויס. לאַנג לאָזט מען די קראַנקע נישט ליגן. ווען אין רעוויר זענען איבערפולט די בעטן, פירט מען זיי אַוועק אין דער גאַז־קאַמער.

— כ׳בין אַזוי דערשעפּט, כ׳וויל מיך צושפּאַרן — זאָגט מיר האַלושע. ס׳איז שוין נאָך האַלבער נאַכט, נאָר ווער קאָן דאָ שלאָפן? אין די ברעטער ווימלט מיט וואַנצן און ווערעם. די שטשורעס שפּרינגען איבערן קאָפּ. פליי, ווי די בערן, שטעכן זיך איין אין דער הויט. דאָס ליכט ווערט דאָ קיין מאָל נישט פאַרלאָשן.

— „וואַסער, אַ ביסל וואַסער“, — הער איך עמעצן קרעכצן. אָבער דאָ גיט מען גאָרנישט אויסער אַ „סערוויס“ (נאַכט־געשיר), אַ פּאָרציע ברויט און אַ וואַסערדיקע זופּ. פון אַן אַנדערער פּריטשע הער איך אַ מיידל רעדן ווי פון שלאָף. „מאַמע, — שרייט זי, — פאַר וואָס קומט דאָס מיר אַזאַ חרפּה — מען זאָל מיך פירן אַ נאַקעטע איבער די גאַסן? פאַר וואָס קומט דאָס מיר, מאַמע?“.

— „חנהלע, מיין טייער קינד!“ — הער איך אַ שטימע פון דער אַנדערער זייט. — „קום צו מיר, חנהלע! גיב מיר דיינע שיינע הענטלעך.

איך קען נישט לעבן אָן דיר. וווהין האָבן זיי דיך פאַרשלעפּט? כ׳וועל זיי צערייסן אויף שטיקער!" — זי קאַפּעט מיט די פיס, האַקט מיטן קאָפּ אין די ברעטער. זיכער איינע פון די טויזנטער מאַמעס, ביי וועמען מען האָט צוגענומען איר קינד.

די ערשטע נאַכט אין רעוויר איז פול מיט קאָשמאַרן און פּיין. כ׳וואָלט וועלן וואָס שנעלער אַנטלויפן פון דאַנעט. מיין האַרץ פּלאַצט פון ווייטיק און כ׳קאָן זיך מיט גאָרנישט העלפן. די ערשטע אַרבעט פאַרטאָג איז אויס־צוזוכן די טויטע פון די פּריטשעס, אויסטאָן זיי נאַקעט און אַרויסוואַרפן הינטערן בלאָק. פּלוצעם קומען אַריין צוויי מונדירטע דייטשן.

— אַכטונג! — רופט אויס באַזשענקאַ, די בלאָקאָווע, און מעלדעט:

— אין בלאָק 27 פאַראַן 832 פרויען.

זיי גייען ווייטער מיט פעסטע טריט איבערן בלאָק און די בלאָקאָווע הינטער זיי.

— מיר מוזן פון דאַנעט אַוועק, זיך ראַטעווען — זאָג איך שטיל צו האַלושען — מיר זענען דאָך ערשט אָנגעקומען, און אפשר נאָך נישט איינגעמאָלדן.

איך באַמערק ווי דאָרט אויבן שרייבן זיי שוין די נומערן פון די קראַנקע. זיי גייען מיט דער רשימה פון איין פּריטשע צו דער אַנדערער. אויף אַ וווּנדערלעכן אופן איז אונדז ביידע געלונגען צו אַנטלויפן. פון דער ווייטנס האָבן מיר געזען אַרויסטראָגן הונדערטער קראַנקע צום טויטן־בלאָק 25. ווען מיר זענען צוריקגעקומען איז דער בלאָק געווען ליידיק. ס׳איז שטיל געוואָרן. מען הערט שוין נישט קרעכצן און וויינען, מען בעט שוין נישט קיין וואַסער און מען רופט שוין נישט „סערוויז". מיט איין מאָל זענען אַלע אויסגעהיילט געוואָרן... אַ גרויסן טראַנספּאָרט צונויפגעזאַמלט פון פאַרשידענע בלאָקן, פירט מען איצט פון בלאָק 25 צום קרעמאַטאָריום. די פרויען זענען שוין דערשעפּט פון די כוחות און שלעפּן זיך קוים. דריי טעג זענען זיי געווען אָן עסן. אין אָן אָרט, וואָס איז באַשטימט פאַר זעקס הונדערט, האָבן זיך געפונען דריי טויזנט. מאַנכע פון די קרבנות האָבן מיט די לעצטע כוחות געזונגען „התקוה" און גע־רופן: „נעמט נקמה!".

סעלעקציעס זענען פאָרגעקומען פאַרשידענע, יעדעס מאָל מיט אַנ־דערע קאָמבינאַציעס. ס׳פלעגן אַ מאָל זיין סעלעקציעס ביים טויער. ווען פרויען האָבן זיך אומגעקערט פון דער אַרבעט, זענען זיי פאַרהאַלטן געוואָרן נעבן דער בלאָקפירער־שטובע, די דייטשן האָבן זיי אָפּגעוואָרט און באַפוילן צו לויפן איינע הינטער דער אַנדערער אַריבער דעם טויער. ביים לויפן איז יעדע צענטע, אָן שום סיבה, דערשאָסן געוואָרן. ס׳האָט זיך געטראָפן, אַז יעדע דריטע, אַ מאָל יעדע זעקסטע, אָפּהענגיק פון זייער שטימונג. די סעלעקציעס דורך דערשיסן זענען געווען פאַר אַלע העפט־לינגס, אָן אונטערשיד פון נאַציע.

ווו איז הילע? — טראַכט איך. כ׳האָב זי איבערגעלאָזן אין בלאָק 15, זי ווײַנט זיך זיכער אויס די אויגן אין איר בענקשאַפט צו מיר. ווער ווייסט, אויב מיר וועלן נאָך אַ מאָל זיין צוזאַמען. כ׳קאָן מיר נישט העלפן...

— בלאָק 27 אַנטרעטן! — אַלע פלעגערינס, שטובאָוועס, שרייבערינס שטעלן זיך אויס אין רייען. ס׳באַטראַכט אונדז אַ מיליטערישע קאָמיסיע. ס׳ווערט אַרויסגענומען פון דער ריי אַ גרופּע מיידלעך און מיר ביידע צווישן זיי. די בלאָקאָווע מעלדעט: איר גייט אין „ב״־לאַגער אויף אויסן־אַרבעט. אַ שוידער איז אַדורך מיין קערפּער. פון דאָרטן ברענגט מען דאָך יעדן טאָג טויטע און פאַרוווּנדעטע. בייזע, צעווילדעוועטע הינט רייסן דאָרט לעבעדיקע שטיקער ביי דער אַרבעט. דאָרטן ליציטירן זיך איבער די פּאָסטנס: „האַנס, וויפל האַסטו הויטע טאָטגעשלאַגען?״ — דאָס איז דאָך אַ זיכערער טויט. וואָס טוט מען? די צייט איז קורץ. פאַרטאָג מוזן מיר פאַרלאָזן דעם רעוויר.

וואַרפנדיק שטומע בליקן צו דער טאָרוואַכע יאַגאַ אַבראַמציק, פיל איך, ווי עמעצער שלעפּט מיך ביי דער האַנט, „קום שנעלער, מיר מוזן גיין״... מיט טרערן אין די אויגן פאַרלאָזן מיר צוזאַמען מיט אַנדערע דעם בלאָק 27. אַ בלאַנדע קליינע לויפערקע פירט אונדז צו דער זאונע.

אין דער זאונע טומלט זיך. הונדערטער פרויען ווערן היינט איבערגע־וואָרפן אויף נייע פלעצער, זיי ווערן אויף ס׳ניי אָפּגעגאָלט און איבער־געטאָן אין אַנדערע זאַכן.

— און איר וואָס שטייט דאָ? — פרעגט אַ שרייבערקע פון זאונע, — ווו זענט איר צוגעטיילט?

דער פּלאַץ פון דער זאונע איז כמעט שוין ליידיק. פון דער ווייטנס זעען מיר ווי מען טראָגט די קעסלען מיט מיטאָג. ווו וועלן מיר באַקומען די פּאָרציע ברויט? נישט ווייט פון מיר זע איך אַ גרופּע מיידלעך פאַרשרייבן זיך צו שוסטעריי. כ׳טראַכט נישט לאַנג און מיר שאַרן זיך צו צו אָט דער גרופּע.

— שרייב אונדז צו, — בעט איך ביים מיידל מיטן צעטל אין האַנט.

— דו קענסט דען שוסטעריי?

— יאָ, מיר קענען, מיר קענען נייען לאַטשן, קלאַפּן פלעקעס, אַלצדינג קענען מיר.

פון דער ווייטנס באַמערק איך אָנקומען אַ בלאָקאָווע מיט אַ רויטן באַנד אויפן אָרעם. זי גייט גלייך צו דער זאונע. איך ציטער אויף — אפשר וועט זי אונדז מיטנעמען? זי גייט איבערן כמעט ליידיקן פּלאַץ און זוכט. ענדלעך ווענדט זי זיך צו אונדז מיט דער פראַגע:

— איר זענט צוגעטיילט צו מיין בלאָק? — קענט איר פאַרבענדע מאַכן? קענט איר באַנדאַזשירן? — איר פראַגע האָט פאַר מיר געקלונגען ווי אַ בשורה.

— אַלצדינג קענען מיר, איך האָב געענדיקט אַ גימנאַזיע. — ענטפער איך.

— אַ גימנאַזיע? — חזרט זי איבער און ציט מיט די אַקסלען — ווער דאַרף דאָ אַ גימנאַזיע?

נאָך אַ קורצן איבעררעדן גייען מיר מיט איר צו איר אין בלאָק. דער וועג איז געווען לאַנגווייליק, מיט נישט זיכערע טריט האָבן מיר זיך נאָכגעשלעפּט און צוגעקומען צום גרויסן הילצערנעם בלאָק, ווו כ׳פלעג אַ מאָל אַפּוואַרטן דאָס קריסטלעכע מיידל, צעשע, פון קראָקע.

דער בלאָק אַ נייער, ריינער און מער גראַמער ווי די אַנדערע און איז איינגעטיילט אין „שטובעס״. אין יעדער „שטובע״ געפינען זיך 12 דריי-

שטאָקיקע לאַגער־בעטן. די שטובעס אָפּגעצייכנט מיט אַ בלעכענעם נומער, שטובע נומער 1, 2, 3 אאַז״וו.

דאָס פענצטער פון דער בלאָקאָוועס שטוב איז באַפּוצט מיט אַ פּאָר־האַנג פון זײַדענע טלתים. אַ רויטער שמאָלער ציגל־אויוון איבער דער גאַנצער לענג צעטיילט דעם בלאָק אויף צוויי העלפטן. די בלאָק־איינוווי־נער זענען דאָ קריסטלעכע פרויען, אויך רייכסדייטשע. זיי גייען אָנגעטאָן אין שוואַרצע שירצן, אויף דער לינקער זייט ברוסט אַ רויטער דרייעק, — פּאָליטישע אַרעסטירטע. זיי אַרבעטן ביים איבערנעמען די אַרישע טראַנס־פּאָרטן, וועלכע קומען אָן „קאַרטיי־מעסיג״ און זיי רופן זיך „רוזשאָווי־עפּעקט״ — עפּעקטן־קאַמער. אין רוזשאָווי עפּעקט אַרבעטן נאָר קריסט־לעכע פרויען. אָבער מיר דערקענען צווישן זיי אויך ידישע מיידלעך, וואָס האָבן זיך אָנגעגעבן אַלס קריסטלעכע.

דאָ האָבן מיר באַקומען מיטאָג: אַ טעלער זופּ מיט אַ לעפל. דאָס ערשטע מאָל נאָך אַ סך חדשים עסן מיר מיט אַ לעפל. מיר קוקן זיך איבער: וואָס איז דאָס פאַר אַ בלאָק? אַזוי שיין און זויבער. דאָ איז זיכער אַריין עפּעס אַ טעות. ס׳איז דאָך אַ בלאָק פאַר אַרישע פונקציאָנס־העפט־לינגס. אַחוץ די יידישע בלאָק־עלטעסטע, שטובן־דינסט און אייניקע שרייַ־רינס, וואָס אַרבעטן אין זאַונע זענען דאָ נישט פאַראַן קיין יידן (שפּעטער איז אַריינגעקומען אַ קאָמאַנדאָ פון 40 יידישע מיידלעך). זיכער וועלן זיי באַלד דערזען דעם טעות. יעדן איינעם קוק איך אין די אויגן, מיר דאַכט זיך, אַז איך הער שוין דעם באַפעל, אַוועק פון דאַנען! אַלע גייען דאָ אָנגעטאָן אין שיך, ראָזע קאָפּ־טיכלעך, האָבן אונטערגעוואַקסענע האָר, נאָר מיר ביידע זענען באַרוועסע און פריש אָפּגעגאָלטע.

די רייכסדויטשע זענען מיינסטנס אָנגעטאָן אין פאַשאַקעס (געשטרייפטע לאַגער־קליידער), אַ טייל ציוויל געקליידט, מיט פאַרשידענע אָפּצייכענונ־גען — רויטע, גרינע און שוואַרצע ווינקלען. זיי זענען איזאָלירט אין צווייטן האַלבן בלאָק, וועלכער איז אָפּגעטיילט מיט אַ הילצערן ווענטל. דער איינגאַנג פונעם צווייטן טויער. אַראַנקאָ איז זייער בלאָקאָווע און טיילט צו פאַר זיי די פּאָרציעס ברויט און מאַרגאַרין גלייך מיט אַלע. זיי באַקו־מען צוויי פּאָרציעס ברויט מיט מאַרגאַרין יעדע וואָך אַלס צולאָג. אַחוץ

דעם באַקומען זיי פּעקלעך פון דער פריי. זיי באַנעמען זיך חוצפּהדיק, רעדן הויך, שרייען, רייכערן ציגאַרעטן. ווען זיי קומען אָן, ווערט זייער האַלבער בלאָק שוואַרץ פון קנוילן רויך. זיי זענען דאָ די מושלים — אויפזעעריגס, פאָראַרבעטעריגס, קאָמאַנדאָ־פירעריגס און קאַפּאָס. די מער־סטע פון זיי זענען פאַרברעכעריגס, פאַרמשפּטע אויף אייביקער תפיסה.

די בלאָקן 9, 13, 15, וואָס זענען באַזעצט מיט טראַנספּאָרטן פון זאַ־גלעמביע, ווערן אָפּגעליידיקט. מיט יעדן טאָג ווערט פון די פרויען און מיידלעך אַלץ ווייניקער. די קראַנקע גייען אַוועק אין רעוויר און פון דאָרטן קומען זיי שוין מער נישט צוריק.

חיהלע, מיין שוועגעריך, געפינט זיך אויך אין רעוויר. אין מיטן נאַכט גנבע איך דעם וועג צום רעוויר און נעם זי זוכן. איך האָב זי אָפּגעפונען אין דער הייך, אויפן צווייטן שטאָק.

— כ׳בין אַזוי קראַנק — קרעכצט זי שווער — כ׳האָב געהאַט אַ בלוט־שטורץ. — זי רעדט קוים. כ׳פיל, אַז זי ברענט פון היץ.

— כ׳קען שוין מער נישט אויסהאַלטן, ברענג מיר אַ ביסל וואַסער — בעט זי. ס׳איז טונקל אין בלאָק. כ׳זע נישט מער איר פּנים. איך הער נאָר איר כאָרכלענדיקע שטימע: „וואַסער, אַ ביסל וואַסער״.

מיין האַרץ פּלאַצט פאַר ווייטיק. אַ בלוט־שטורץ! ווי קומט דאָס צו איר? זי איז קיין מאָל נישט קראַנק געווען. שטענדיק האָט געשוועבט אַ שמייכל אויף אירע פּרעכטיקע ליפּן. אָ, וואָס איז פון אונדז געוואָרן? חיהלע איז קראַנק און איך קען איר מיט גאָרנישט העלפן.

אין מיטן נאַכט. אין דרויסן בלאָזט אַ מוראדיקער ווינט, וואָס וויל מיך ממש איבערדרייען. איך שלעפּ זיך מיט אַ טעפּעלע וואַסער. איך טאָפּטשע אין דער בלאָטע, צום רעוויר.

— גיב דאָס מיר — רייסן די קראַנקע דאָס טעפּעלע פון מיין האַנט — מיר גיב, זי דאַרף נישט מער קיין וואַסער... דאַרף נישט מער...

— ניין! ניין! — שריי איך. — עס איז נישט מעגלעך. — איך לויף צו איר נאָרע. — חיהלע! — רוף איך, און ציטער מיטן גאַנצן קערפּער, — חיהלע!

אָבער אויף איר אָרט ליגט שוין אַ צווייטע.

אַ ביטערע נאַכט. אַ שלאַקסרעגן מיט אַ ווינט רייסן דעם בלעכענעם דאַך. נישטאָ שוין חיהלע! זי איז אויסגעגאַנגען פון הונגער, פון פּיין. ס'ווילט זיך שרייען, וויינען, אָבער אין בלאָק מוז זיין שטיל און איך שוויַיג. יאָ, מיר וועלן קומען צו דיר, חיהלע, אַלע זענען מיר דאָ פאַרמשפּט פון דעם זעלבן גורל, צו גיין דעם זעלבן וועג. דאָרט וועט אונדז גוט זיין, דאָרט וועלן מיר מער נישט שפּירן קיין הונגער און קעלט, נישט מורא האָבן פאַר קיינעם. — —

— צעהל־אַפּעל!!!

דער שלאַקסרעגן האַלט ווייטער אָן, דער ווינט פייפט און הוליעט זיין טייוולאָנישן טאַנץ. ווען וועט צו דעם אַלעם נעמען אַ סוף? — טראַכט איך, שטייענדיק אין דער געדיכטער בלאָטע, אַדורכגעווייקט פון רעגן. ס'טאָגט שוין, די רעפלעקטאָרן אַרום זענען שוין אויסגעלאָשן און די דייטשע אויפזעערס זענען נאָך נישט געקומען.

נאָכן פאַרענדיקן דעם אַפּעל לויפט יעדער צו זיין אַרבעט. ביז אַכט אַ זייגער מוז דער בלאָק זיין זויבער, די דייטשן האָבן ליב אָרדענונג, עס אַנטשטייט אַ פיבערהאַפטע אַרבעט. שטובאַווּעס לויפן. דער עיקר ווערט געפּוצט און געוואַשן דער רויטער לאַנגער ציגל־אויוון, וואָס דאַרף מאַכן אַ גוטן רושם ביים אַריינקומען אין בלאָק. אין בלאָק איז שוין זויבער און שטיל. ס'זיצט אין דער זייט די שוואַרץ־חנעוודיקע פאַרטרעטערקע. איך רוק זיך צו נענטער צו איר און אַ נישט־דרייסטע פרעג איך:

— פון וואַנען ביסטו, מאַגדאַ?

— פון טרענטשין־טעפּליץ.

איך דערמאָן זיך, אַלס קינד בין איך אַ מאָל דאָרט געווען מיט מיין מאַמען.

— דאָרטן, ווו מען באָדט זיך צוזאַמען אין איין באַסיין?

— יאָ, — זאָגט זי — דאָרטן האָב איך איבערגעלאָזט מיין גאַנצע משפּחה. ווער ווייסט, צי זיי לעבן נאָך! — זיפצט זי שווער.

— מאַגדאַ! — זאָג איך — אויב מיר וועלן אַ מאָל באַפרייט ווערן, וועל איך דיך קומען באַזוכן.

— יאָ, — ענטפערט זי טרויעריק — מיר וועלן באַפרייט ווערן דורכן קוימען, אַט דער שוואַרצער רויך וועט אונדז אַוועקטראָגן פון דאַנעט...

— — — — — — — — — — — — — — —

די נאַכטוואַכע, רעגינע וואַלד, וועקט זיך היינט פריער ווי תמיד.

— איך קאָן עפּעס היינט נישט שלאָפן, — זאָגט זי — ס'האָט זיך מיר געחלומט די מאַמע, דער טאַטע. כ'בין געווען אין דער היים אין פּרעשאָוו, געזען מיין חתן. אַי! אַ שיינער חלום... יאָ, שווער צו זיין אַ נאַכטוואַכע, צו זיצן אַ גאַנצע נאַכט פאַרן טויער. — איר שטענדיקער שמייכל פאַרשווינדט פון איר פּנים, זי באַקומט אַן ערנסטן, טרויעריקן אויסזען. — פאַרשידנס קומט פאָר ביינאַכט. איינע גייט אין אוביקאַציע און פאַרבלאָנדזשעט אין אַ צווייטן בלאָק, אַן אַנדערער פאַרגלוסט זיך צו גיין צו די דראָטן, ווייל נאָר דער טויט קאָן זיין דער אויסלייזער פון דאַנעט... גאָר אָפט פאַלט אַריין אין מיטן נאַכט אַ קאָנטראָל, אָדער דער פּאָסטן שיסט פון זיין בודקע, סתם אַזוי, ווייל ס'איז אים לאַנגווייליק. ערשט נעכטן ביינאַכט זענען אַזוי אַרום דערהרגעט געוואָרן צוויי פרויען — און פאַר דעם באַקומט דער פּאָסטן 3 טעג אורלויב.

ביים איינגאַנג פון בלאָק, אין קליינעם שטיבל, איז צוגעקומען נאָך אַ יונג מיידל, דער אָבערשטורמפירער העסלער האָט זי באַגעגנט אין „פּוף" און אַרויסגעוויזן פלוצעם פאַטערלעכע ליבע צו איר.

— אַזוי יונג ביסטו דאָ אַריינגעפאַלן? — האָט העסלער, דער אָנפירער פון די פרויען־לאַגערן אין אוישוויץ, אויסגערופן — פון וואַנעט ביסטו?

— פון זאַקאָפּאַנע — האָט דאָס מיידל געענטפערט — און איך הייס אירענאַ.

— איך וועל דיך פון דאַנעט אַרויסנעמען — האָט ער צו איר געזאָגט — דו וועסט נישט זיין קיין שפּילצייג פאַר די מענער, וועלכע קומען דאָ אָהער פאַרברענגען יעדן טאָג.

ער האָט געהאַלטן זיין צוזאָג, און נאָך אין דעם זעלבן טאָג איז אירענאַ איבערגעפירט געוואָרן פון אוישוויץ קיין בירקענאַו.

אירענע איז אַ יידיש מיידל. געקומען איז זי מיט אַ טראַנספּאָרט פון תפיסה, און הגם זי איז נאָך זייער יונג געווען, האָט זי אָבער פאַרשטאַנען,

וואָס עס דערוואַרט איר אין אוישוויץ און גלייך זיך אָנגעגעבן אַלס אַריערין. זי איז רעגיסטרירט געוואָרן „קאַרטיי־מעסיג", אַזוי ווי אַלע אַריער. אירע זאַכן זענען באַהאַלטן געוואָרן אין אַ ספּעציעלן בייטל, באַצייכנט מיט איר פאַמיליע־נאָמען, ביז צו דער באַפרייונג.

אָבער דאָס מאָל האָט זי דער ביטערער גורל אָפּגענאַרט. אַלס אַריע־רין, פאַרוואָרפן זי אין אַן אָרט, וווּ דאָס לעבן איז ערגער ווי דער טויט.

אירענע איז זייער פאַרצווייפלט, מאָראַליש צעבראָכן און טראָגט זיך אַרום מיט זעלבסטמאָרד־געדאַנקען, מיט דער הילף פון די עלעקטרישע דראָט־פאַרצוימונגען...

אירענאַ דערציילט, אַז דער „פּוף" איז אַ שאַנדהייזל פאַר די דייטשן, וואָס געפינען זיך אין אוישוויץ און ווערט אָנגעפירט דורך אַ דייטשער פרוי, וועלכע איז די „פּוף"־עלטעסטע. אַהערגעקומען איז זי פון תפיסה. און זי האָט הינטער זיך אַ רייכע טונקעלע פאַרגאַנגענהייט און אַ לאַנג־יאָריקע פּראַקטיק אויף דעם געביט.

די מיידלעך, וועלכע ווערן אויסגעקליבן צום „פּוף", מוזן זיין ריינע אַריערינס, זיי באַקומען גוט עסן, זענען אָנגעטאָן אין שיך, שיינע וועש און קליידער, באַקומען פּודער, זייף, קרעם און אַנדערע שמוק־זאַכן, צוגע־ראַבירטע ביי יידישע פרויען.

אין בלאָק איז שטיל. דורך די שפּאַרעס פון הילצערנעם טויער רעד איך צו אַ מאַן, וועלכער אַרבעט אין דרויסן ביים אויסגראָבן אַ לאַנגע שמאָלע גרוב. מען זאָגט, אַז אָט די קאָמאַנדע־מענער, וועלכע קומען דאָ יעדן טאָג צו דער אַרבעט, וועלן איינמאָנטירן עלעקטרישע מינעס אין די גריבער.

— ברענג מיר אַ גרוס פון מיין מאַן זעליג פריוועס און פון מיין זון יאָסעלע, וועל איך דיר געבן אַ פּיידקע ברויט — זאָג איך צו אים.

דער ייד, דערהערנדיק די דאָזיקע רייד, רייסט איבער די אַרבעט, גלייכט זיך אויס:

— אַ פּיידקע ברויט?

איך חזר איבער דאָס זעלבע עטלעכע מאָל.

אויף צו מאָרגנס ברענגט ער מיר אַ בריוול, געשריבן אויף פּאַפּיר

פון אַ ציגאַרעטן־גילזן. ער האָט עס אַוועקגעלייגט אויפן אויסגעגראָבענעם זאַמד נעבן טויער. איך האָב זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטן און שנעל דאָס בריוול צוגענומען.

איך האָב איבערגעלייענט די ווערטער: „יאָסעלע איז אין בלאָק 13. איז מיין שוועסטער גיושע מיט אייך? אונטערגעשריבן — מאַניעק מייזעל.

יאָסעלע געפינט זיך אין בלאָק 13. ווו נעמט מען נאָך אַ פּאַרציע ברויט פאַר דעם ייִד, אַז ער זאָל וועלן גיין צו יאָסעלען?

„אַ גרופּע מענער פון זאַגלעמביע זענען אין לאַגער „ב", אין דער זאָנע צום ענטלויזן" — קומט רעניע מיט דער בשורה. רעניע און איר שוועסטער זענען לויפערקעס און זיי באַוועגן זיך פריי איבער אַלע פרויען־לאַגערן. זיי לויפן איצט שנעל צו דער זאָנע אין „ב"־לאַגער, מיט דער האָפענונג צו טרעפן זיך מיט זייער פאָטער.

— רעניע — בעט איך זי — פרעג דאָרט וועגן מיין מאַן און וועגן יאָסעלען, צי אויך זיי זענען געקומען צו דער „ענטלויזונג" און ווי עס איז זייער לאַגע.

די צוויי שוועסטערס זענען צוריקגעקומען גליקלעכע: זיי האָבן זיך געזען מיט זייער פאָטער, גערעדט מיט אים דורכן דראָטענעם פּלויט, זיך דערוווּסט וועגן יאָסעלען, אַז ער געפינט זיך צוזאַמען מיט זייער פאָטער אין בלאָק 13 און אַז ער האָט זיך פרייוויליק צוגעשטעלט צום טראַנס־פּאָרט, וועלכער גייט אַוועק קיין וואַרשע צום אויפרוימען דעם געטאָ, נאָך דער ליקווידאַציע.

מיין עלנט, אָרעם קינד! ער וויל זיך נעבעך אַרויסבאַקומען פון אוישוויץ. נאָר ווער ווייסט, צי דאָרט וועט זיין בעסער? און ווו איז זעליג, וועגן אים איז אין גאַנצן שטיל. צי איז ער נישט אַריינגעקומען אין לאַגער? וואָס האָט מיט אים פּאַסירט? ווו איז ער?

מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער האָבן דערציילט די עלעקטריקער און טישלער, וועלכע זענען געקומען אַהער פון מענער־לאַגער צו דער אַרבעט, אַז דער טראַנספּאָרט פון די טויזנט יונגע מענער קיין וואַרשע (צווישן וועלכע אויך מיין יאָסעלע האָט זיך געפונען) איז מיאוס אַריינגעפאַלן. ס'איז דאָרט אויסגעבראָכן אַן עפּידעמיע ביים אויסגראָבן די חורבות פון

געטאָ, און די ייִנגלעך פאַלן ווי פליגן. אַ העלפט פון זיי איז שוין אומגעקומען. די ידיעה האָט איבערגעגעבן אַ קריסטלעכער אינזשעניר, וועלכער איז דאָרט געווען און ער קומט אויך אָפט אַריין קיין אוישוויץ. ער האָט אַ ספּעציעלע דערלויבעניש אַריינצוקומען אין לאַגער, אַזוי ווי אַלע אַנדערע פאַכלייט און ספּעציאַליסטן, וועלכע די דייטשן דאַרפן צו דער אַרבעט. ער איז אויך פּערזענלעך פאַראַנטוואָרטלעך, אונטער אַ שבועה, מיט זיין אייגן לעבן און מיטן לעבן פון זיין פאַמיליע, אַז אַלץ, וואָס ער וועט זען אין אוישוויץ בלייבט אַ סוד פאַרן דרויסן.

אין לאַגער איז אויסגעבראָכן אַ מגיפה. דער הונגער און דער שמוץ האָבן געטאָן זייערס — געבראַכט פלעקטיפוס, דער רוב לאַגערניצעס זענען קראַנק.

אויך מיר ביידע, האַלושע און איך, זענען קראַנק געוואָרן, אָנגעשטעקט זיך מיט פלעק־טיפוס. ס׳פּנים ברענט, פאַר די אויגן שווינדלט, אין די אויערן אַן אומאויפהערלעך גערויש. באַטויבטע, אָנהאַלטנדיק זיך איינע אין דער אַנדערער, האָבן מיר זיך אַזוי אַרומגעשלעפּט, באַמיענדיק זיך נישט צו פאַרראַטן, אַז מיר זענען קראַנק. ווייל זיין קראַנק, הייסט גיין אין רעוויר און פון דאָרט איז נישט פאַראַן קיין וועג אויף צוריק.

*

אין בלאָק איז שטיל. אַלע קריסטלעכע פרויען, וואָס אַרבעטן אין „רושאָווי עפעקט" זענען ביי דער אַרבעט. די יידישע מיידלעך, ווי שערערינס, הייצערקעס, זענען אויך אַוועק צו דער אַרבעט אין זאַונע. מיט אַ רעש עפנט זיך דאָס טויער, ס׳קומט אַריין האַנקאַ, די לאַגער־קאַפּאָ, מיט אַן אויסגעשריי: צעל־אַפּעל! אַלעס הערויס! זי לויפט איבער די גאַסן, פייפט, שרייט: „אין דער זאַונע אַנטרעטן!" ס׳גיט אַ זעץ אין האַרצן, די הויט פון קערפּער ווערט געגרונצלט, שוין ווידער אַ סעלעקציע?

די בלאָקעלטעסטע רופט באַלד צוזאַמען אַלע אירע יידישע מיידלעך:
— פּאַדטיע (קומט), — זאָגט זי — מיר מוזן זיך שטעלן צו דער סעלעקציע, וואָס רופט זיך דאָס מאָל „גענעראַל־אַפּעל". — לאָז מיך אָפּ, אַראַנקאַ — בעט זיך האַלושע מיט טרערן אין די אויגן — איך פיל, אַז איך וועל אַריינ־

פּאַלן. אָבער עס העלפט גאָרנישט, זי פּירט אַוועק אַלע אירע יידישע מייד־לעך צו דער סעלעקציע.

מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און אַ ציטער אין האַרצן גייען די מיידלעך צו דער זאַונע. אַראַנקאַ גייט די ערשטע, פאָרויס.

— אַנטלויף, — זאָגט זי צו מיר, — איך וועל דיר צוהעלפן.

— און האַלושע? — פרעג איך.

— זאָרג נישט, זי איז יונג, ס׳וועט איר גאָרנישט פּאַסירן.

איך האָרך זי, פלאַנטער זיך פון די לעצטע און איך בלייב צווישן די בלאָקן. דער לאַגער איז אָפּגעליידיקט. אַן איינזאַמע בלאָנקע איך אַרום. ווּ ביסטו, האַלושע? ווו האָט מען דיך אַוועקגעפירט? דו ביסט דאָך מיין איינציקע טרייסט אין דעם ביטערן לעבן. ניין, כ׳וועל דיך נישט לאָזן אַליין! צוזאַמען מיט דיר וויל איך זיין, אומקומען אָדער לעבן — צוזאַ־מען! געיאָגט פון אַן איבערמענטשלעכן כוח, בין איך געלאָפן צו דער זאַונע, צו מיין קינד.

אין דער זאַונע זענען פאַרזאַמלט טויזנטער מיידלעך. דאָ ווערט אַנטשיידן זייער לעבן. הויכע, ברייטפּלייציקע מיליטער־לייט, אויסגעפּוצט אין נייע, גלאַנציקע מונדירן, פירן אָן מיט דעם טייוולאַנישן ספּעקטאַקל. פאַר זיי גייען פאַרביי בלאַסע נאַקעטע מיידלעך, יעדעס מיידל ווערט אָפּ־געשטעמפּלט מיט די זעלבע ווערטער: „צייג די צונגע״, און דער נומער פון איר האַנט ווערט פאַרשריבן. ס׳איז שוין געווען גוט פינצטער, ווען מיר זענען צוריקגעקומען אין בלאָק. אַזאַ שחיטה! יונגע, געזונטע מיידלעך האָבן זיי פאַרשריבן. מיד, צעבראָכן, גייט יעדע צו איר אָרט, אַוועקלייגן דעם פאַרפייניקטן גוף. אין בלאָק ווערט פינצטער, נאָר אין בודקעלע נעבן טויער איז נאָך ליכטיק. פון צייט צו צייט עפנט זיך דאָס שמאָלע טירל. ווער דרייט זיך דאָרט אַרום שפּעט ביינאַכט ביי דער בלאָקאָווע? וואָס קאָן דאָס זיין? די שווערע שלאָפלאָזע נאַכט ווערט איבערגעריסן פון אַ געשריי: צעל־אַפּעל! די נאַכט איז אַ פּראַקטיקע. אָבער נאָך שווידערלעכער וועט זיין דער נייער טאָג, מיטן טאָג וועלן אַוועקגיין די פרישע קרבנות. זיי זענען שוין היינט באַפרייט פון אַרבעט...

— פאַר וואָס ווייַנסטו, האַלושע? — פרעג איך אַ דערשראָקענע, ווען

זי קומט פון דער ברויט־קאַמער — און וואָס טוסטו איצט ביי דער בלאָ־קאָווע ?

זי מורמלט עפּעס און קאָן זיך נישט באַרויִקן, צוריקהאַלטן אירע טרערן. איך פיל, אַז עפּעס באַהאַלט זי פון מיר. אָבער פּלוצעם רופט זי זיך אָן :

— קום אַרויס פון דאַנעט. מיר מוזן נישט זיין דאָ בעת מען וועט קומען נעמען די מיידלעך.

פון דער ווייטנס באַמערקן מיר אָנקומען אַ גרופּע פרויען, אָנגעטאָן אין „פּאַשאַקעס", געשטרייפטע לאַגער־קליידער און אַ רויטע לאַטע אויף דער פּלייצע, זיי רופן זיך : ס. ק. (שטראָף־קאָמאַנדאָ). מיט אַ ליסטע אין האַנט באַפאַלן זיי דעם בלאָק. מיט רימענס פּאַכען זיי איבער די קעפּ און שרייען : — לאָאָס ! לאָאָס ! הערויס מיט דער שייסע !

די מיידלעך גייען אַראָפּ פון זייערע ערטער, זאַמלען זיך צונויף אין בלאָק, נעבן טויער, זיי וואַרטן נישט, מען זאָל זיי רופן, אַליין קומען זיי און שטעלן זיך דאָ אַוועק. זיי ווייסן דאָך, אַז מען האָט זיי אויפגעשריבן נעכטן ביי דער סעלעקציע. דאָרט, אין דער זאונע, אין די הענט פון די דייטשן איז פאַרבליבן זייער לעבן... אַזוי שטיל, אַזוי פּשוט טוען דאָס די דייטשן, נישט מער ווי אויפגעשריבן, און שוין...

די רייכסדויטשע פרויען־קאָמאַנדא ס.ק. רינגלען אַרום די מיידלעך פון אַלע זייטן. שטיל און געפּאַסט, ווי זיי וואָלטן שוין נישט געהערט צו דער וועלט, גייען אַוועק די מיידלעך אויף אייביק.

— דו ווייסט, העלאַ, זאָגט מיר האַלושע אויפן אויער : אויך מיין נומער איז געווען צווישן די פאַרשריבענע. אַראַנקאַ און איר חברטע בלאַנקאַ זענען אַ גאַנצע נאַכט געזעסן אין דער שרייבשטובע און מיט גרויס מי איז זיי געלונגען אַרויסצונעמען מיין נומער פון דער ליסטע.

ערשט איצט איז מיר קלאָר געוואָרן די שלאָפלאָזע נאַכט און דאָס דרייען זיך אין דער ברויטקאַמער.

וואָס האָט באַוויגן אַראַנקען און איר חברטע בלאַנקאַ צו ראַטעווען האַלושען ? צי דערפאַר, ווייל האַלושע האָט זיך ביי איר אַזוי געבעטן זי זאָל איר אָפּלאָזן. צי אפשר דערפאַר, ווייל אַחוץ דעם „פּיפּל", די צען

יאַריקע העלענקע פון וואַרשע, איז האַלושע געווען אין בלאָק פון די יינגסטע.

העלענקע איז געקומען מיט אַ טראַנספּאָרט פון מאַידאַנעק. זי איז צופעליק פאַרבליבן אין לאַגער, נאָך דעם ווי דער גאַנצער טראַנספּאָרט איז אַוועק אין קרעמאַטאָריע. זי האָט זיך געבלאָנקעט איינזאַם און די דייטשן האָבן זי אָפּגעשיקט אין אונדזער בלאָק. ס׳זענען נאָך געווען צוויי קינדער אין לאַגער, פון אַנדערע טראַנספּאָרטן. אַ 6־יאָריק יינגעלע איז איינלאָקירט געוואָרן אין בלאָק 21 און נאָך אַ מיידעלע. די קינדער זענען געוואָרן אָנגערופן מיטן נאָמען „פּיפּל״ און זענען געהאַלטן געוואָרן אין דער בלאָקאָוועס שטוב. צום אַפּעל האָבן זיי געמוזט שטיין גלייך מיט אַלע, שעהן לאַנג, ביי יעדן וועטער.

נאָך דעם גענעראַל־אַפּעל אין דער זאַונע, וועלכער האָט צוגענומען אַ גרויסע צאָל אַלטע העפטלינגס, זענען די בלאָקן געוואָרן האַלב ליידיק, מען האָט אָנגעהויבן איבערוואַרפן פון איין בלאָק אין אַנדערן.

רעגינאַ וואַלד, אונדזער „נאַכט־וואַכע״, איז אַריבערגעפירט געוואָרן אין דער נייער קאָמאַנדאַ — „עס־קאָמאַנדאַ״ אין בלאָק 14. אַ סך בלאָקן אין „א״־לאַגער זענען אָפּגעליידיקט און צוגעגרייט געוואָרן פאַר פרישע טראַנספּאָרטן, וועלכע דאַרפן ערשט אָנקומען.

„איר וועט ווערן איבערגעפירט אין ב׳ לאַגער, בלאָק 23, צו אויסן־אַרבעט״, זאָגט צו מיר די בלאָקעלטעסטע. ס׳איז שלעכט, טראַכט איך. ווּהין וועלן מיר גיין אין אַזאַ מעמד אויף אויסן־אַרבעט, אין ווינטער. וואָס דערוואַרט אונדז דאָרט? צייט צו טראַכטן איז נישט געווען, נאָך היינט מוז מען אַוועק אין „ב״־לאַגער. איך זע שוין פאַר זיך דאָס בילד, ווי מיר שטייען אויסגעשטעלט מיט לאָפּעטעס איבערן אַקסל, גייען צו דער אַרבעט 10 קילאָמעטער, גייען אַדורך צוויי מאָל אין טאָג דעם טויער, ווו די רוצחים קלייבן אָפּ זייערע קרבנות.

צום גליק האָט אונדזער דרויסן־אַרבעט נישט לאַנג געדויערט. מיר זענען ווידער צוריקגעשיקט אין א׳ לאַגער. דאָס איז געווען אַ דאַנק קאַטקען פון דער שרייב־שטובע, איך האָב זיך צו איר געוואָנדן. צו ערשט איז זי

געוועזן גלייכגילטיק צו מיינע רייד, אַפילו נישט אויפגעהויבן די אויגן פון די דאָקומענטן, מיט וועלכע זי איז געווען שטאַרק באַשעפטיקט, זיצנדיק ביים שרייבטיש. איך האָב זי געבעטן:

— קאַטקאַ! שוין באַלד אַ יאָר זינט מיר זענען אין לאַגער, אויסגעהאַלטן די ערגסטע צייטן און איצט ווידער אויף אויסן! גיב מיר די מעגלעכקייט מיר זאָלן קאָנען בלייבן לעבן. דאָס ליגט אין דיין האַנט, קאַטקאַ! זאָל שוין זיין „עס־קאָמאַנדאַ" (דאָרט ווערן אַריינגעשיקט אַלטע העפטלינגס, וועלכע די דייטשן וואַרפן אַרויס פון זייער פריערדיקער אַרבעט).

— „ניע מאָזעם", איך קאָן נישט. איך הער ווי זי רעדט ווי צו זיך. אויך געהאַט אַ מאָל אַ מאַמע...

איך האָב פאַרגאָסן טרערן, אַזוי ווי עס גיסט זיך וואַסער, און זי האָט געענטפערט: „ניע מאָזעם", איך קאָן נישט. אָן אויסזיכטן זענען מיר צוריקגעקומען אין בלאָק.

פלוצעם עפנט זיך דאָס טויער. אַ לויפנדיקע מיט אַ צעטל אין האַנט איז זי אַריין און זי רופט: „נומער 52681 און 84, וועלכע זענען דאָס? קומט — זאָגט זי — איר זענט „פאַרלייגט" אין בלאָק 14, „אַ"־לאַגער, צו דער עס־קאָמאַנדאַ". איך האָב פרייער אָפּגעאָטעמט. נאָר דאָ קומט ווידער אַ נייע אויספאָרשונג. „ווער האָט דאָס אייך געשאַפן די אַרבעט, ווען האָט איר אין דער שרייב־שטובע?" מיר האָבן נישט געענטפערט, שווייגנדיקע פאַרלאָזט דעם בלאָק.

די עס־קאָמאַנדאַ ציילט ניינציק מיידלעך. די אַרבעט איז אויך דאָ נישט קיין לייכטע. שוין פאַרטאָג לויפן מיר מיט גרויסע קעסלען גרינעם „טיי" פאַר די קראַנקע אין רעוויר, שפּעטער צעפירט מען ברויט. איינגעשפּאַנט, ווי פערד אין דישל, שלעפּן מיר דעם וואָגן. די רעדער אין דער ליימיקער בלאָטע ווילן זיך נישט רירן, טרייבט און שלאָגט די דייטשע קאַפּאָ מיטן שטעקן.

— עס־קאָמאַנדאַ אַנטרעטן! — די מיידלעך לויפן צו דער קיך. דאָ זענען שוין גרייט פונאַנדערצוטראָגן גרויסע קעסלען קאָכעדיקע זופּ. ביים

צוריקנעמען די ליידיקע קעסלען האָבן מיר רעכט זיי אויסצוקראַצן. אָבער אַ סך בלאָקן האָבן דאָס אַליין געטאָן, אָפּגעגעבן טרוקענע קעסלען.

אין בלאָק 14 זענען פאַראַן נאָך אַנדערע קאָמאַנדאָס, וועלכע גייען אַרויס צו דער אַרבעט פאַרטאָג און קומען ערשט צום אָוונט־אַפּעל. אויך די „לייכן קאָמאַנדאָ" חברה־קדישה געפינט זיך דאָ, — אַ גרופּע מיידלעך, וועלכע באַקומען צולאַגע פאַר דער שווערער אַרבעט. זיי קומען די לעצטע אין בלאָק, ביז שפּעט ביינאַכט קלויבן זיי צוזאַמען די טויטע וואָס ליגן אַרום די בלאָקן, וואַרפן זיי אויף מאַשינען, וועלכע פירן זיי אַוועק צום פאַרברענען.

די בלאָקעלטעסטע איז דאָ אַ רויִקע, אַ שטילע, צוויי מאָל אין טאָג גייט זי קאָנטראָלירן דעם בלאָק, צי ער איז ריין. טאָמער פאַרזינדיקט זיך ווער, לאָזט זי עס דורך, פאַרקערט, מיר פילן אָפּט איר אויסדרוק פון באַדויערן צו אונדזערע ליידן.

מען זאָגט, אַז זי איז אַ רבנישע טאָכטער פון סלאָוואַקיע.

אויך עלזאַ איז אַ רויִקע, אַ גאָלד־בלאָנדע, מיט זומערשפּרענקעלעך אויפן פּנים. זי דרייט זיך אַרום אין בלאָק מיטן פּאַסיק אין דער האַנט און דערמאָנט: „בודטיע טיכאָ, טיכאָ בודטיע" (זייט שטיל). איר רימען איז נאָך קיין מאָל נישט געפאַלן אויף עמעצנס רוקן. די גרעסטע אַרבעט האָבן דאָ די שרייבערין און די פאַרטרעטערין זולקאָ און זוטאָ. ביידע זענען צו זיך זייער ענלעך, ווי זיי וואָלטן געווען שוועסטער. ביידע זענען דאַרע, קליינע, מיט אויסגעמוטשעטע געל־גרויע פּנימער. אויך זייער באַציונג צו די העפטלינגס איז אַ בעסערע, ווי אין אַנדערע בלאָקן. דערפאַר הערט מען שוין די שטובאָווע סאַרענקאַ. זי שרייט אָן אויפהער און אירע דאַרע הענט זענען תמיד גרייט צו שלאָגן. אַקעגנאיבער מיר זיצט אָפּט אַ פרוי פון אַ יאָר דרייסיק. זי קומט זיך אַהער אויסבאַהאַלטן, ווען זי אַנטלויפט פון דער אַרבעט. ביי דער זייט הענגט איר נאָך אַ רויטע עמאַל־שיסל, צו נעמען דערין עסן. ווי באַלד סאַרענקאַ האָט איר נאָר דערזען, פלעגט זי איר באַשיטן מיט אַ האָגל קלעפּ. זי פלעגט פון איר אַראָפּרייסן די רויטע שיסל און דערמיט זי שלאָגן איבערן קאָפּ, מיט געשרייען „צו דער אַרבעט זאָלסטו גיין!" — און זי אַרויסטרייבן פון בלאָק.

*

אין לאַגער זענען אָנגעקומען דריי הונדערט מיידלעך פון מײַדאַנעק. דאָס זענען די לעצטע, פאַרבליבענע נאָכן ליקווידירן מײַדאַנעק. זיי זענען בלאָקאָוועס, פאַרטרעטערקעס און שטובאָוועס.

די מיידלעך פון עס־קאָמאַנדאָ, וועלכע טראָגן אַהין די קעסלען זופּ, דערציילן, אַז טראָץ דעם, וואָס זיי זענען אויס אויסערלעך זייער גוט, זענען זיי אָבער דערשלאָגן און זיי שרעקן זיך פאַר אוישוויץ. זיי זענען זיכער, אַז דאָ וועט מען אויך מיט זיי פאַרענדיקן. אין אַ וואָך אַרום זענען זיי נעלם געוואָרן, נישט געווען מער...

אויף אַן ענלעכן אופן זענען אין דער זעלבער צייט נעלם געוואָרן דריי הונדערט רוסישע פרויען מיט זייערע קינדער. זיי זענען אַהער געבראַכט געוואָרן פון די באַזעצטע רוסישע געביטן. זענען אײַנלאָקירט געוואָרן אין אַ באַזונדערן באַראַק. פאַר זיי זענען צוגעטיילט געוואָרן וואָלענע דעקן, יעדן טאָג מילך פאַר די קינדער. די ספּעציעלע באַהאַנד־לונג האָט אַרויסגערופן פאַרוווּנדערונג אין לאַגער, אָבער לאַנג האָט עס נישט אָנגעהאַלטן. אויך זיי זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן אין די גאַז־קאַמערן פון בירקענאַו.

טויזנט פרויען פון פאַרשידענע בלאָקן זענען אויסגעקליבן געוואָרן צו גיין אויף טראַנספּאָרט. געהייסן האָט עס, אַז דער אינטערנאַציאָנאַלער רויטער קרייץ וועט זיי אַרויסנעמען. זיי זענען אין דער זאַונע געוואָרן איבערגעטאָן, יעדע האָט באַקומען אַ פּאָר שיך, אַ שוואַרצן מאַנטל און אַ קאָפּטיכל און זענען צייטווייליק פאַרבליבן אין בלאָק 23, ביז צום אַוועקשיקן. אין אָנהייב זענען זיי געווען גליקלעך און געדולדיק געוואַרט אויף דעם טאָג, וואָס וועט זיי באַפרייען פון דעם גיהנום. ס׳זענען אָבער אַוועק טעג און וואָכן און דער אויסגעחלומטער טאָג איז אַלץ נישט גע־קומען. זייער לאַגע איז געוואָרן ערגער. איזאָלירטע אין „שאָנונגס־בלאָק", זענען זיי געזעסן און געוואַרט אויפן טראַנספּאָרט, וועלכער איז אָבער נישט געקומען. פון הונגער און יאוש זענען זיי קראַנק געוואָרן און ביס־לעכוויז אַוועק אין רעוויר. אין בלאָק איז מיט יעדן טאָג געוואָרן אַלץ

וו‌ִיניקער און מיט דער צייט איז דער „שאַנונגס־בלאָק" נומער 23 געוואָרן ווידער לײדיק, די אויסגעקליבענע צום כלומרשטן טראַנספּאָרט זענען אַוועק מיטן זעלבן וועג, מיט וועלכן ס׳גייען אַוועק אַלע אַנדערע...

איין טאָג איז געראָטן אין צווייטן, און איין טאָג איז ביטערער פאַרן צווייטן. נישטאָ מער קיין כוחות דאָס איבערצוטראָגן.

ס׳איז מיטן טאָג. אָפּגעטראָגן די קעסלען טיי און פונאַנדערגעטיילט דאָס ברויט, זיצן מיר אויף דער פּריטשע, מידע, אַדורכגעווייקטע פון רעגן. מיר האָבן נאָך היינט נישט געגעסן. ברויט באַקומט מען ערשט פאַרנאַכט, נאָכן אַפּעל.

פּלוצעם אַ פּייף: „צעל־אַפּעל!"

עס גיט אַ זעץ אין האַרצן: אַ סעלעקציע? יאָ, אַ סעלעקציע! ס׳ווערט אַ טומל.

— הערויס! הערויס!

ווידער שטייען מיר נאַקעטע אין דרויסן, צו פינף. דאָס אַנטועכץ ליגט נעבן אונדזערע פיס אין דער בלאָטע. אין דרויסן — אַ שטורעם־ווינט, אַ רעגן.

— אַכטונג!

פון דער ווייטנס באַמערקן מיר שוין זייער אָנקומען, זייערע ברייטע פּעלערינעס און הויכע שטיוול. איך האַלט אַראָפּגעלאָזט די אויגן צו דער ערד. איך וויל נישט זען דאָס, וואָס עס וועט דאָ באַלד פאָרקומען.

יאָ, איך הער שוין זייערע באַפעלן, פון וועלכע די הויט ווערט גע־רונצלט. מיטן שטעקעלע אין האַנט ווערט יעדערנס גורל אָנגעצייכנט: הערײַן! הערויס!

ווי פון אַ בייזן חלום כאַפּ איך זיך אויף, בעת איך דערהער אַ שטימע נאָענט נעבן מיר:

— דו בלייבסט דרויסן!

איך עפן אויף די אויגן און דערזע נעבן זיך אויך האַלושען. וווּ זענען מיר — מיט די לעבעדיקע? אָדער...

די בלאָקאָווע גיט אַ שפּרונג צום בלאָק, פירט אַרויס די אַריינגע־

שיקטע מיידלעך, שטעלט זיי אויס צו צווײ, פֿאַרשרייבט זייערע נומערן און נאַקעטע ווערן זיי אָפּגעפּירט צום בלאָק 25.

ווען מיר האָבן נאָך דערלעבט צוריקצוקומען אין בלאָק, האָט מיך נישט אָפּגעלאָזט דער געדאַנק: אפשר איז שוין גאָר בעסער... ווי לאַנג נאָך וועלן מיר זיך אַזוי פּייניקן? פריער אָדער שפּעטער דערוואַרט אונדז אָט דער זעלבער גורל.

איך כאַפּ אַ בליק אויף האַלושען און עפּעס אין מיר האָט זיך גע־שטאַרקט.

ניין! — איך האָב נישט קיין רעכט אַזוי צו טראַכטן — איך מוז לעבן און קעמפן פאַר מיין קינד.

— היינט איז ערב פּסח — זאָגט מיר רעגינע. די סלאָוואַקישע מייד־לעך האָבן באַקומען מצות און סאַרדינען, וואָס איז אָנגעקומען פון סלאָ־וואַקיע. דאָרט זענען נאָך פאַראַן יידן און מיט דער הילף פון רויטן קרייץ זענען אַהער אָנגעקומען די פּעקלעך. פּסח איז היינט אויף דער וועלט! דער יום־טוב פון פרייהייט! די סדר־נאַכט. ס׳ליגט די פּאַרציע ברויט צוקאָפּנס, און דער הונגער דערקוטשעט, ווילט זיך פאָרט נישט אַריינ־בייסן אין חמץ.

איך ליג אויף דער פּריטשע און חלום. דערמאָן זיך אין דער אַמאָ־ליקער היים. פאַר די אויגן שוועבט פאַרביי דאָס בילד פון מיינע עלטע־רנס הויז אין דער נאַכט פון פּסח.

איך זע דעם טאַטן אויבן־אָן ביים ווייס־געדעקטן טיש, אָנגעטאָן ווי אַ מלך, אין ווייסן קיטל מיט גלאַנציקער גאָלדענער שפּאַניע. זיין פּנים שטראַלט, די מאַמע אין דער רעכטער זייט טיש, פון איר רוישט זייד און סאַמעט, בריליאַנטענע אוירינגלעך, אויפן האַלדז פּערל.

די יינגלעך אין זיידענע קאַפּאָטקעס, ווי יונגע שמעקעדיקע ביימלעך, אַרום דעם טיש די מיידלעך — ווי זאַפטיקע בלומען. קאַנדעלאַברעס מיט גרויסע ליכט, זילבערנע טאַצן און בעכערס, אַ ווייס־געשטיקטע מצה־טאַש מיטן שעפּסעלע, דער סימבאָל פון קרבן פּסח. אויף די ווענט עלעקטרישע און וואַקסענע ליכט. עס דופּטעט מיט פרילינג און פרייהייט. איך דערמאָן

זיך אין דער הגדה, אין די גרויסע ניסים, וואָס יידן איז געשען ביי פּרעה אין מצרים. צי וועט נאָך געשען אַ נס אין איצטיקן דור?

אין מיטן העלן טאָג צעטראָגן זיך שרעקלעכע געוואַלדן. די לאַנגע לאַגער־גאַס איז פאַרפולט געוואָרן מיט מיידלעך אַרויסגענומענע פון רעוויר. די שוואַך־קראַנקע זענען אַרויפגעוואָרפן געוואָרן אויף לאַסט־אויטאָס און די איבעריקע ווערן געטריבן צו פוס. איך דערהער אַ באַקאַנטע שטימע. מיין שכנס איינציקע טאָכטער שרייט צו מיר: „יאַ, זאָשאַ שפּיגלמאַן, אידען דאָ גאַזו" (איך, זאָשע שפּיגלמאַן, ווער געטריבן אין גאַז אַריין) און איר שוויגט! איך בין אַזוי יונג, איך וויל נאָך לעבן!...

— מאַמעניו, — שרייען אַנדערע — פאַר וואָס קומט עס מיר?! פאַר וואָס?

שטייען מיר פאַרקראַמפּטע און קוקן פון דער וויטן, ווי אָנגעפּולט מיט נאַקעטע פרויען פאָרן די מאַשינען לאַנגזאַם, לאַנגזאַם אויף זייער וועג צו דער גאַז־קאַמער. — — — — — — — — — — — — — — — —

מאַי 1944. ביים אַפּעל־אַפּעל. ס׳קומט צו לויפן אַ מיידל, שטעלט זיך אַוועק אין פראָנט ביי דער ערשטער ריי און רופט:

— ווער עס וויל גיין אין אַ נייעם לאַגער, זאָל אויפהייבן די האַנט.

עס מעלדן זיך עטלעכע מיידלעך. זייערע נומערן ווערן פאַרשריבן.

איך שווייג. ווער ווייסט, צי אינעם נייעם לאַגער וועט זיין בעסער ווי דאָ? כאָטש וואָס קאָן דען זיין ערגער, ווי אָט דער גיהנום? מיר רעדן איבער, פאַרטראַכטן זיך און קאָנען נישט באַשליסן. דער קאָפּ איז אַזוי מיד און פוסט, נאָר אינסטינקטיוו, ווי געפירט פון עמעצן, לויפן מיר באַלד פאַרטאָג צו דער זאָונע זיך פאַרשרייבן.

פאַר דער זאָונע איז אַ געדראַנג. הונדערטער מיידלעך ווילן זיך פאַרשרייבן. נישט לאַנג האָט געדויערט די רעגיסטראַציע און די ליסטע איז געשלאָסן געוואָרן. מען מעלדעט: מאָרגן אין דער פרי מוזן זיך אַלע שטעלן פאַרן דאָקטער. ס׳גיט מיר אַ זעץ אין האַרצן. וואָס האָב איך געטאָן? אַליין זיך שטעלן פאַר אַ סעלעקציע? כ׳זע אָבער נישט קיין אויסוועג. די נומערן זענען פאַרשריבן און מיר מוזן זיך צושטעלן.

אין זאַונע איז אַ געטומל, אַ געפּילדער. ס׳שטייען לאַנגע רייען מיט נאַקעטע מיידלעך. די רוצחים גייען אַרום, באַטראַכטן די מיידלעך פון אַלע זייטן. ענדלעך הערט זיך אַ פייף: „אָפּטרעטן!״

בליץ־שנעל כאַפּט יעדע אַרויף אויף זיך דאָס שטיקל שמאַטע און שוין איז מען גרייט צום טראַנספּאָרט. אָבער ניין, איצט הייבט זיך אָן אַ נייע קוואַראַנטאַננע. מיר ווערן אָפּגעפירט אין בלאָק 7. די בלאָקאָווע אלעסקא, די שטובאָוועס, באַטראַכטן אונדז ווי אַ נייע פּאַרטיע. אויפן פערטן טאָג נעמען זיי אַלעמען צונויף און פירן צו דער זאונע. דאָרט גייען מיר איבער צו די גרין־מונדירטע ס.ס.

מען רופט אויס די נומערן. מען הייסט אויסגלייכן די רייען, פון פאָרנט, פון הינטן, און דאָס אַלץ, פאַרשטייט זיך, באַגלייט מיט קלעפּ און זידלווערטער, אייניקע ליגן שוין איבערגעקערט אין דער בלאָטע. די ס.ס. לויפן אַרום ווי ווילדע חיות. ס׳איז שוין פאַרנאַכט און מיר שטייען נאָך אַלץ אויפן זעלבן אָרט. איך מיין, אַז איך בין געוועזן געערעכט. זיי וועלן נישט שיקן אין קיין אַנדערן לאַגער, ס׳איז נישט מער ווי אַזאַ ספּעקטאַקל. זיי וועלן דאָ אונדז אַלעמען אומברענגען.

# ב ז ש ע ז ש י נ ק י

ערשט שפּעט אין אָוונט הייבן מיר אָן מאַרשירן. מיר גייען מיט אַ שמאָלן וועג צווישן עלעקטרישע דראָטן. פון ביידע זייטן ציען זיך אָפּגעטיילטע לאַגערס, אין יעדן לאַגער צענדליקער באַראַקן. באַגלייט פון ס.ס־מענער מאַרשירן איבער דער בלאָטע 500 פּאָר באָרוועסע פיס. דער שמאָלער וועג איז געבליבן פון הינטן און פאַר די אויגן האָט זיך אַנטפּלעקט אַ נייער וועג, אַ נייער פּייזאַזש. פעלדער מיט רעשטלעך פאַרדאַרטן גראָז, אויף וועלכן עס זענען אָנגעוואָרפן קלעצלעך געהילץ, אויפגעשטאַפּלטע טורעמס פון געשניטענעם האָלץ. איז דאָס אַ האָלץ־פּלאַץ? אַ טאַרטאַק? וועלן מיר דאָ אַרבעטן ביים שניידן האָלץ? אַ ביסל ווייטער זעט זיך אין פעלד אַ קליין הייזל, און נאָך איינס. וואָס זאָל דאָס באַדייטן? איז דאָס אויך אַ פאַבריקל אומצוברענגען מענטשן? אַ קרעמאַטאָריע? ס'איז שטיל דאָ, ווי אויף אַ בית־עולם. נישט ווייט פון דאַנעט — אַ שיטער וועלדל, און ווידער אַ קליין ווייס הייזל און דערנעבן אַ הייזל פון רויטן ציגל, פון וואַנעט עס הייבט זיך אַרויס אַ קוימען. אוישוויץ — דער טויטן־לאַגער? מיר גייען ווייטער. פאַרטעמפּטע, פאַרטשמיעלעטע. דאָס וואָרט אוישוויץ טאַנצט און שפּיזלט פאַר די אויגן — אוישוויץ...

מיר שטייען פאַר אַ דראָט־טויער. פון דער אַנדערער זייט — אַ גרויסער פּלאַץ מיט צוויי שורות אויסגעליידיקטע באַראַקן. נעבן די דראָטן באַמערקן מיר פון דאָס ניי אַ רויט ציגל־הייזל מיט אַ נידעריקן ברייטן קוימען. מיר בלייבן שטיין. אַרום איז שטיל. אין מוח עקבערט די פראַגע: זענען מיר אין דעם לאַגער די ערשטע, אָדער זענען שוין דאָ געווען אַנדערע? דאָס ציילן און רעכענען וויל גאָר נישט נעמען קיין סוף. ערגאַ

ליגט שוין אויסגעצויגן אין דער בלאָטע פון אַ קלאַפּ, וואָס זי האָט באַ־קומען אין קאָפּ.

— אויפשטיין! — שרייען זיי צו איר. ערנאַ ליגט אָבער אומבאַ־וועגלעך און הערט נישט און פילט גאָרנישט. ערשט אַ קאָפּע פון ס.ס.־מאַן מיט זיין שפּיץ שטיוול באַוועגט ערנאַס קערפּער און זי באַווייזט סימנים פון לעבן.

צוויי מיידלעך זענען באַשטראָפט געוואָרן מיט צוויי שעה קני־בויגן. זיי מוזן דאָס אויספירן זייער שנעל, נישט אָפּרוען זיך קיין איין סעקונדע, האַלטנדיק אַ שטיין אין די אַרויפגעבויגענע הענט. מיט אַ קאַנטשיק טרייבט זיי אונטער די קליינע בלאָנדע אויפזעערין: — שנעל, שנעל! אויפשטיין, אַראָפּזעצן, אויפשטיין, אַראָפּזעצן! באַוועגט אייך!

זיי האַלטן כסדר אין ציילן און רעכענען די רייען. יעדע רגע קלאַפּט אַן אַנדערע איבער אונדזערע אַקסלען מיט אַ שטעקן. קוים דערלעבט צו הערן דעם באַפעל: „אָפּטרעטן!״.

טויט־מידע און הונגעריקע פאַלן מיר אַוועק אויפן שטרוי. דער באַראַק ווערט פאַרפולט אין דער לענג און אין דער ברייט מיט די מיידלעך.

— לאַגער־רוהע! לאַגער־רוהע! — אויפן באַפעל מוזן אַלע שלאָפן. מיט אַ מאָל בליצן אויף פאַר די אויגן טאַשן־לעמפּלעך אין די הענט פון ס.ס.־לייט.

— שטיי מאָל אויף! — ווענדן זיי זיך צו מאַנצי — דו וועסט זיין לאַגער־עלטעסטע.

מאַנצי, די געוועזענע שרייבערקע אין בלאָק 13, גיט באַלד איר ערשטן באַפעל:

— ווער עס וויל זיין אין פּילץ־קאָמאַנדאָ, זאָל אויפשטיין!

דרייסיק מיידלעך מעלדן זיך, שטעלן זיך גלייך אַוועק אין אַ זייט. פּלוצעם דערהערט זיך אַ פייף פון אַ באַן־לאָקאָמאָטיוו.

— פּילץ־קאָמאַנדאָ אַנטרעטן! — גיט מאַנצי איר באַפעל. די דריי־

סיק מיידלעך לויפן אין איילעניש איבער אַלעמענס קעפּ. ווידער דער־הערט זיך אַ פּייפן און סאָפּען פון אַ באַן נאָענט פון לאַגער. ווען ס׳האָט זיך דערהערט צום דריטן מאָל דאָס פייפן פון אַ באַן, איז שוין געווען גרוי אין דרויסן. אויפן שטרוי האָט עפּעס אויפגעבליצט. מיר קוקן זיך אום און געפינען פונאַנדערגעוואָרפענע פּאַפּירן פון זילבער־קאָליר, אין וועלכע ס׳איז געווינלעך איינגעוויקלט צוקערלעך, שאָקאָלאַד, ביסקוויטן.

— וואָס קאָן דאָס זיין? פון וואַנעט נעמט זיך דאָס? וואָס פאַר אַ סאָרט קאָמאַנדאָ איז דאָס? מיר געפינען אָבער דערויף נישט קיין ענטפער.

נאָך דעם ערשטן אַפּעל אין דעם נייעם לאַגער, ווערן גרופּעס צו פופציק פרויען פונאַנדערגעשיקט אין די באַראַקן. מיר ווערן אַריינגע־טריבן אין באַראַק נומער 2, וועלכער איז אָנגעוואָרפן מיט מיסט און בלאָטע. דער באַראַק איז אָן פענצטער און אָן אַ פּאָדלאָגע, פון דאַך קומט אַריין אַ קאַרגע ליכט־שיין.

— היער זאָלט איר זאַובער מאַכן! דו ביסט אויפזועערין — ווייזט דער ס.ס.־מאַן אָן אויף מיר. — אין צוויי שטונדען מוס אַלעס זיין פּיקס זאַובער. — מיר נעמען זיך צו דער אַרבעט. מען הייבט אָן אַרויסטראָגן דאָס מיסט, צונויפצוקערן. אָבער די אַרבעט גייט נישט. אַלע זענען דערשלאָגן און הונגעריק. שוין צוויי טעג נישט באַקומען קיין עסן.

פון דרויסן דערטראָגט זיך אַ שטאַרקער טומל. ס׳הערן זיך קולות פון די דייטשן. מיר לויפן הין און צוריק, קוקן אַרויס דורך די שפּאַרעס. די שפּאַנונג וואַקסט. וואָס קומט דאָרט פאָר? איינע שטעלט זיך איין, שטופּט זיך דורך. ס׳געדויערט נישט קיין סך און זי קומט צוריק מיט אָנגעפּילטע קעשענעס, ווורשט, שאָקאָלאַד, ביסקוויט. מען באַפאַלט זי פון אַלע זייטן: פון וואַנעט האָסטו דאָס געבראַכט? די נייגעריקייט וואַקסט. אויך איך ווער דרייסט. כ׳בייג אַוועק דעם טויער און שטופּ זיך אַדורך. פאַר מיינע אויגן אַנטפּלעקט זיך אַזאַ בילד: מיידלעך לויפן, שלעפּן אויף זיך פּעק מיט קליידער, איינגעוויקלטע אין קאָצן און טליתים. ס.ס.־מענער יאָגן און טרייבן זיי. די לאַגער־גאַס איז פול, ס׳קאָכט זיך ווי אין אַ קעסל. איך געפין זיך נעבן אַ באַרג מיט מלבושים. כ׳הייב אויף אַ מענער־פּאַלטן, די קעשענעס זענען פול אָנגעשטאָפּט. איך קוק מיך אַרום, צי

קיינער באַמערקט נישט און הייב אָן אַרויסצונעמען פון די קעשענעס: ווורשט, אַ פעקל צוקערקעס, קיכלעך. איך לויף שנעל צוריק, און פאַל אַריין אין באַראַק מיט אַ געשריי:

— האַלושע, כ׳האָב געבראַכט עסן!

מיר קאָנען נישט פאַרשטיין וואָס דאָס זאָל באַדייטן. איך ליג אויפן שטרוי און טראַכט: פון וואַנעט האָט זיך אַהער גענומען אַזוי פיל מלבו־שים און עסנוואַרג? און וואָס איז דאָס בכלל פאַר אַ לאַגער? ס׳דערהערט זיך ווידער דאָס סאָפּען פון אַ לאָקאָמאָטיוו. די באַן דערנענטערט זיך. ס׳איז אַ שטאָק־פינצטערע מיטן־נאַכט. עטלעכע צענדליק מיידלעך כאַפּן זיך שנעל אויף און לויפן אין דער ריכטונג צום טויער. ווען זיי קומען צוריק, זע איך, אַז איינע פון זיי וואָס ליגט נעבן מיר, איז היינט גאָר „באַגליקט" געוואָרן. אויסער עסן האָט זי מיטגעבראַכט אַ גאָלדן האַנט־זייגערל און געלט.

איצט האָב איך אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, וואָס דאָ קומט פאָר: מען ברענגט דאָ אַהער טראַנספּאָרטן מיט יידן, אַקוראַט ווי מען האָט אונדז אַהער געבראַכט. אָבער ווו זענען די מענטשן? ווו זענען זיי? פון די מענטשן זענען בלויז געבליבן די מלבושים און דאָס עסן!...

פון וואַנען זענען די טראַנספּאָרטן? אפשר האָט מען אַהער געבראַכט אויך מיין טאַטן מיט דער מאַמען? מיין שוועסטער חוטשען מיט אירע צוויי יינגלעך, וועלכע מען האָט געכאַפּט אין בונקער?

יעדע נאַכט קומען אָן עטלעכע באַנען, אָבער אָנשטאָט מיט מענטשן, ווערן די ליידיקע באַראַקן אָנגעפילט מיט זאַכן, מיט יידישע זאַכן. אַ באַראַק מיט וועש, אַ באַראַק מיט קליידער און מאַנטלען. אַ באַראַק מיט מענער־מלבושים, אַ באַזונדערער באַראַק פון קינדער־זאַכן, אַ באַראַק מיט זאָקן, אַ ספּעציעלער פעלץ־באַראַק פאַר קאַראַקולענע און פאָקענע מאַנטלען, מענער־פוטערס מיט ברוינע און שוואַרצע ווידרע־קראַגנס, בלוי־פוקסן, באַראַקן מיט שיך, אַ ספּעציעלער באַראַק מיט עסנוואַרג. באַראַקן מיט קישנס, פּוכענע קאָלדרעס און וואָלענע דעקן, גאַנצע בערג געשיר, טעפּ, שיסלען, נאַכט־טעפּלעך פאַר קינדער. אַלטע זאַכן זענען אַוועק אין „לומפּן־באַראַקן" (שמאַטעס־באַראַקן), ווו אַלץ ווערט געריסן

אין שטיקער אַן אָוועקגעשיקט אין די דייטשע טעקסטיל־פאַבריקן אַלס רוימאַטעריאַל.

איך בין צוגעטיילט געוואָרן אין באַראַק 15, ביים רייסן „לומפּן“. איך צערייס אַלצדינג — אַ גוט זיידן נאַכטהעמד, אַ ניי שטאָפן קלייד. איך שער אָפּ די פרענדז פון אַ קאַראַקולענעם מאַנטל. האַלושע אַרבעט ביים שטאָפּלען מאַנטלען. מיר זעען זיך ערשט ביינאַכט, נאָך דער אַרבעט. ביים רייסן די זאַכן פאַלן אָפט מאָל אַרויס איינגענייטע באהאלטענע חפצים און געלט. דאָס דאַרף מען אָפּליפערן, אַריינוואַרפן אין זאַמל־קאַסטן, אַז נישט, הייסט דאָס סאַבאָטאַזש. איך קוק זיך אום און מאַך שנעל מיטן שערל אַ לאָך אין דער ערד און באַהאַלט דאָרט זעקס שנירלעך פערל מיט אַ בריליאַנטענעם שלאָס, טראַכטנדיק דערביי: זאָל דאָס אַ מאָל אַן אָרעמער אַרבעטער געפינען, אויב ס׳וועט נאָך אַ מאָל זיין אַ וועלט. — —

האַלושע וואַרפט אַלץ אַריין אין קלאָזעט — גאָלדשטיקער, בריליאַנטענע אויררינגלעך, בראַשקעס, פּאַפּירענע דאָלאַרן און אַנדערע ווערט־זאַכן. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז אויך סאַבאָטאַזש...

נאָך דער אַרבעט הייבט זיך אָן אין בלאָק די קאָנטראָל. „אַכטונג!“ — שרייט די בלאָקאָווע צו די פּריטשעס. אַן אויפזעערין, אַנגעטאָן אין אַ זעלנערישער פעלערינע, דרייט זיך אַרום, זוכט מיט שטעכיקע אויגן. זי מוז געפינען עפּעס אַ קרבן... קוים איינגעדרימלט און שוין ווידער „אַכטונג!“, אַ פרישע קאָנטראָל. זיי ווייסן, אַז ביי דער אַרבעט טרעפן מיר גאָלד און בריליאַנטן, זיי וואָלטן דאָס וועלן אַריינבאַקומען, צונעמען פאַר זיך. ביי יעדן אַפּעל הערן מיר דעם זעלבן פּזמון, די זעלבע וואָרענונג: איר זאָלט זיין ערלעך און אַלץ אָפּגעבן. די ס.ס.־אויפזעערין דערציילט: אַ בחור, ביי וועמען מען האָט עפּעס געפונען, האָט מען באַגאָסן מיט נאַפט און אונטערגעצונדן. ווי אַ ברענענדיקער פאַקל, איז ער געלאָפן איבערן לאַגער, ביז ער איז געפאַלן — אַ פאַרקוילטער. דעריבער וואָרנט זי: „אַלץ, וואָס איר געפינט, מוזט איר אַריינוואַרפן אין זאַמל־קאַסטן. אין קעגנפאַל, איז דאָס סאַבאָטאַזש, און פאַר סאַבאָטאַזש קומט טויט־שטראָף. אַלע פאַר איינעם. מערקט אייך דאָס, דרעקיקע באַנדע!“.

דער זעלבער נוסח חזרט זיך איבער אָן אויפהער. דער אַפּעל האָט

היינט נישט לאַנג געדויערט. די אַרבעט ברענט דאָ. יעדן טאָג קומען צענדליקער וואַגאָנעס מיט זאַכן. מען דאַרף סאָרטירן, צוגרייטן די טראַנספּאָרטן פאַרן „היימלאַנד״. מען אַרבעט בייטאָג און ביינאַכט. די ס.ס.־לייט און פאָראַרבעטערינס יאָגן אונטער: ריכלאָ! טעמפּאָ! באַוועגט אייך! אַ לאַנגע ריי מאַשינען שטייען אויסגעשטעלט אויפצונעמען די סחורות, וועלכע ווערן דורך אונדז צוגעגרייט. מענער פונעם מענער־לאַגער קומען יעדן טאָג, כדי אַוועקצוטראָגן די באַלן און געפּעק. זייער אויסזען וואָרפט־אָן אַ פּחד, — אויסגעדאַרטע, מיט צעקרומטע פּנימער, לויפן זיי, געטריבן מיט אַ שטעקן פון זייער יונגן פאָראַרבעטער.

אין פּרעס־באַראַק אַרבעטן פופציק מענער טאָג און נאַכט אָן איבער־רייס.

ביי דער טיר פון בלאָק וואַרטן אָפּ די בלאָקעלטעסטע מיט אירע צוהעלפערינס. מיר ווערן יעדעס מאָל גרינטלעך רעווידירט, קיין שטיקל ברויט טאָר מען נישט איבערלאָזן אויף שפּעטער, אַלץ ווערט צוגענומען.

עס איז אין בזשעזשינקע פאַראַן אַ סך עסן, אָבער אַלץ ווערט שטרענג באַוואַכט. אַלע פּראָדוקטן ווערן געהיטן, אַריינגעטראָגן אין פּרעס־באַראַק, דאָרט ווערן זיי סאָרטירט און אַוועקגעפירט קיין דייטשלאַנד.

מוזן מיר לעבן פון דער צוגעטיילטער פּאָרציע. בזשעזשינקי האָט נישט קיין אייגענע קיך. ברויט און זופּ ברענגט מען פון אַ צווייטן לאַגער, און זייער אָפט האָט געטראָפן, אַז דאָס ברענגען האָט זיך פאַרשפּעטיקט אָדער איז אין גאַנצן נישט אָנגעקומען. טייל פרויען האָבן אויסגעפונען אַ וועג, ווי אַזוי צו באַקומען עסן — זיי האָבן געשלאָסן פריינדשאַפט מיט אַ מאַן פון פּרעס־באַראַק.

דאָס גרעסטע גליק, צו וועלכן נישט יעדע פרוי האָט געקאָנט דער־גרייכן אין אוישוויץ, איז געווען דער אַזוי גערופענער „קאָכאַני״ (גע־ליבטער). דו האָסט נישט געדאַרפט אים קענען, אָדער זיך טרעפן, דו האָסט נישט געוווּסט, צי ער איז אַ ייד אָדער נישט. ער האָט דיך נאָר געזען אַ מאָל פון ווייטן, גייענדיק צו דער אַרבעט אָדער פון דער אַרבעט און דיך נאָר געפרעגט ווי הייסטו? אין וועלכן בלאָק ביסטו? און ער, דער „קאָכאַני״, האָט שוין געזוכט אויף אַלע וועגן, ווי אַזוי דיר צו

העלפן. נאַטירלעך, אַזעלכע מענער, וואָס האָבן געאַרבעט אין אַ גוטער קאָמאַנדע, ווי, למשל, „קאַנאַדע״־זאונע זאָנדער־קאָמאַנדאָ, ווו ס׳זענען יעדן טאָג און יעדע נאַכט אָנגעקומען טראַנספּאָרטן פון דער פריי.

— האַלושע! — בין איך איין מאָל אַריין אין באַראַק מיט אַ פרייִדיקן אויסרוף, — כ׳האָב פאַר דיר אַ גוטע בשורה. מיר האָבן שוין עסן! איך האָב שוין אַ באַקאַנטן אין פּרעס־באַראַק. גייענדיק מיט דער לאַגער־שטראַסע, דערהער איך הינטער מיר אַ מענער־שטימע: ווי הייסטו? פון וואַנעט ביסטו? איך האָב נישט געענטפערט. געטראַכט, מיינט ער דען מיך? כ׳האָב זיך אויסגעדרייט. אַחוץ מיר און דעם אומבאַקאַנטן מאַן האָט זיך דאָ קיינער נישט געפונען. ער האָט געטראָגן אויף די פּלייצעס אַ פּאַק מיסט, איינגעבונדן אין אַ דעק און פאַרבייגייענדיק זאָגט ער צו מיר: גיי צום מיסט. אַ גאַנצע וואָך וועל איך אַרבעטן בייטאָג, זאָלסט מיך אָפּוואַרטן. האַלושע איז אַוועק צום מיסט און געקומען פון דאָרט מיט אַ גלעזערן סלאָיִקל מאַרמעלאַד, באַהאַלטן אונטערן אָרעם. מיר פלעגן לויפן צום מיסט און געפינען דאָרט עסנוואַרג, וואָס ער האָט געלאָזן פאַר אונדז. ס׳האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. ער איז פאַרשוווּנדן, נישט איבערלאָזנדיק קיין שפּור. ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דערוווּסט, איז ער פאַרשיקט געוואָרן אין בונקער. די דייטשן האָבן ביי אים געפונען חפצים און געלט.

דער בונקער איז געווען באַקאַנט מיט זיינע אייגנאַרטיקע אכזריות־דיקע מעטאָדן. אַזוי, למשל, איז דער קרבן, אַ נאַקעטער אַריינגעלאָזט געוואָרן אין אַ חדר פון איין קוואַדראַט־מעטער. אין קליינעם שטיבל האָבן זיך פון די ווענט אָן עפן געטאָן קראַנען און שלויכן וואַסער, מיט אַ שטאַרקן שטראָם האָט דאָס וואַסער פון אַלע זייטן געשפּריצט און געפלייצט צום קרבן. דער אומגליקלעכער האָט געריסן פון זיך די קייטן מיט וועלכע ער איז געווען פאַרבונדן, געשריגן, געיאָמערט, נאָר ווען ער איז אַ באַוווּסטלאָזער אַוועקגעפאַלן, האָבן זיך פאַרמאַכט די קראַנען. אַזעלכע „בעדער״ פלעגן זיך איבערחזרן יעדן טאָג. אַחוץ דעם נאָך אַנ־דערע פּייניקונגען, מיט וועלכע ס׳האָט זיך אויסגעצייכנט דער בונקער.

די אַרבעט איז אין פולן ברען. ס׳ווערן געוואַשן געשירן, טעפּ, סלאָי־

קעס, פלעשער, גלעזער, טעלער. אַלצדינג ווערט צוגעגרייט צום אַוועק־פירן.

מעדיקאַמענטן, איינשפריצונגען, טובעס מאַשטש, באַנדאַזשן, גומי־פלעשער טערמאָמעטערס, אינסטרומענטן פאַר דאָקטוירים — אַלץ, וואָס עס געפינט זיך אין אַפּטייק־באַראַק ווערט סאָרטירט און אַוועקגעשיקט קיין דייטשלאַנד.

אין באַראַק נומער 9, וועלכער ווערט אָנגערופן „דער קאָסמעטישער באַראַק", ווערן סאָרטירט: זייף, פּודער, קעלניש וואַסער, שמינקע, קרעם, ראַזיר־זייף, קעמעלעך, שפּיגעלעך, בערשטלעך, שיך־פּאַסטע, ציין־פּאַסטע, בראַשקעס, וואָל צום שטריקן, ברילן. איך שטיי פאַר אַ באַרג מיט ברילן: אפשר געפינען זיך דאָ גאָר מיינע אייגענע ברילן, וועלכע איך האָב געמוזט אויסטאָן און אַוועקגעבן? איך זע ברילן מיט דראָטענע רעמלעך, אַראָפּגענומען אַוודאי פון דער נאָז פון אַ יידישער באָבע. גאָלדענע רעמלעך פון בכבודיקע ברילן, צוגענומען מסתמא פון אַ רבישער נאָז. ברילן פון פאַרשידענע גרייסן און סאָרטן. אַ ים מיט ברילן. אָן אַ שיעור יידישע ברילן.

דער לעדער־באַראַק, וואָס געפינט זיך אַנטקעגנאַיבער איז פון דער ערד ביז צו דער סטעליע אָנגעלייגט מיט לעדערנע טעקעס און וואַליז־קעס. די מער אָפּגענוצטע ליגן אין דרויסן — „אַם האַופּען", — ווי די דייטשן רופן עס. מיליאָנען טעקעס און טשעמאָדאַנעס מיט אַדרעסן און צייכנס פון רייזע־געזעלשאַפטן און האָטעלן פון גאָר דער וועלט. אַ באַרג דאָקומענטן, פּעסער, בילדער פון קינדער, בריוו. דאָ געפינען זיך אויך סידורים, מחזורים, תפילין און מזוזות.

נעבן געשיר־הויפן אויפן גרויסן ליידיקן פּלאַץ וואַלגערן זיך צענד־ליקער טויזנטער שירעמס און שטעקנס נאָך נישט סאָרטירטע. אין זאָקן־באַראַק אַרבעט מען טאָג און נאַכט. די אויסגעסאָרטירטע פּעקלעך זאָקן זענען גרייט אַוועקצושיקן. אין שיך־באַראַק ווערן די שיך אויסגע־זוכט צו דער פּאָר און צונויפגעבונדן. אין אַלע באַראַקן אַרבעט מען 24 שעה אין מעת־לעת, איין שיכט גייט אַוועק, נעמט די צווייטע איבער די אַרבעט.

מיטאָג־צייט, בעת די ס.ס־לייט רוען, גנבע איך זיך אַדורך צום שיך־באַראַק. איך וויל בעטן אַ פּאָר שיך פאַר מיינע באָרוועסע פיס. איך עפן אַ שפּאַרע פון טויער און ווער דערציטערט: איך באַמערק דעם ס.ס.־מאַן וואַטש. עס ליגט מיר נאָך אין טעם זיין קאַפּע מיטן גראָבן שטיוול, פון וועלכן כ׳האָב זיך נישט געקאָנט אויסגלייכן אַ לאַנגע צייט. זאָל ער מיך נאָר נישט באַמערקן, דער סאַדיסט. איך אַנטלויף און קום ווידער צוריק אַ ביסל שפּעטער. דאָס מאָל בין איך אַריין אינעווייניק.

דער באַראַק איז אָנגעוואָרפן מיט שיך, שטיוול, קאַלאָשן, קינדער־שיכלעך אין פאַרשידענע קאָלירן, ווייסע, רויטע, געלע. אָט ליגט אַ רויט קינדער־שיכל נעבן אַ גראָבן אַרבעטער־שוך, באַשלאָגן מיט נעגל, ער איז צונויפגעפלאָכטן מיט אַ פרויען־שוך אויף הויכע קלעצלעך. שיך, שיך, אַ וועלט מיט שיך! פאַר מיינע אויגן וואַקסן אויס פיס, פיס פון לעבע־דיקע מענטשן. טויזנטער, הונדערטער טויזנטער פיס שטעקן אַרויס פון די שיך!...

אָנטאָן אַ פּאָר שיך פון עמעצן, וואָס איז אין גאַז־קאַמער פאַרטריבן געוואָרן, אָדער ער וואַרט אין דעם מאָמענט אין דער ריי צום פאַרברענען? די שיך זענען נאָך וואַרעם, לעבעדיקע יונגע פיס האָבן זיי אָקערשט אויסגעטאָן און אַוועקגעוואָרפן. איך פאַרשעם זיך פאַר מיין אייגענעם פאַרלאַנג. מיין פּנים פלאַמט פאַר בושה. ניין! איך וועל דאָס נישט אָנ־טאָן! און איך באַשליס אַרומצוגיין אַ באָרוועסע.

אָבער עס רופט און ראַנגלט זיך אין מיר מיין ווילן צום לעבן: וואָס טוסטו? דו מוזסט זיין געזונט און לעבן פאַר דיין קינד! און ווי נישט מיט מיין קול רוף איך אויס צום פאָראַרבעטער: — יאַנקל, גיב מיר אַ פּאָר שיך. איך גיי באָרוועס.

— שיך? — מעסט ער מיך אָפּ מיט אַזאַ בליק, ווי עס וואָלט צו אים גערעדט אַ מענטש פון יענער וועלט. ער גיט אַ הייב מיטן אַקסל און רופט גלייכגילטיק אויס: — כ׳האָב נישט קיין שיך. זוך דיר דאָרט אויפן „הויפן״.

— דו מאַכסט אָפּנים חוזק, יאַנקל, ווו וועל איך דיר דאָרט עפּעס געפינען. גיב מיר פון די אויסגעסאָרטירטע שיך.

נישט האָבנדיק קיין אַנדערע ברירה בייג איך זיך איין צום באַרג שיך. מיין האַנט ציטערט, ווען איך נעם אַ שוך. מיינע אויגן ווערן פאַר־לאָפן מיט טרערן. צי איז דאָס מיין מאַמעס שיך? אַזוי ענלעך צו אירע שיך. מאַמעניו, איך דערקען דיינע שיך...

פון מיינע מחשבות רייסט מיך אַרויס אַ ברוטאַלע שטימע, וואָס קומט פון דרויסן: „קאָם מאַל הער!". דער שוך פאַלט אַרויס פון מיין האַנט און איך זוך אַ וועג צו אַנטלויפן.

נאָך דער נאַכט־שיכטע, ווען מיר ליגן אויף די ברעטער, באַווייזן זיך צוויי אויפזעערינס.

— אַכטונג! — צעשרייט זיך בלאַנקאַ — אויפשטיין! רעוויזיע!

די שיטערע שטרויען פון די פּריטשעס ווערן גרינגלעך אַדורכגעע־שאָקלט און זיי גייען אַוועק. נאָך נישט באַוויזן צו קומען צו זיך און כאַפּן אַ דרימל, דערהערט זיך אַ נייער באַפעל: „אַכטונג!" וואָס איז געשען? איינעם פון די נאַצי־באַנדיטן האָט זיך פאַרגלוסט זען, צי מיר שלאָפן. ער קלאַפּט מיטן שטעקעלע איבער אונדזערע פיס. ער שפּאַצירט זיך אַזוי, שמייכלענדיק, אַדורך עטלעכע מאָל אַהין און צוריק לענגאויס דעם באַראַק און פאַרשווינדט דורכן צווייטן טויער.

ווידער דערהערט זיך אַ גערויש, וואָס קומט פון דרויסן. וואָס זאָל דאָס באַדייטן? מיין נייגעריקייט וואַקסט. כ'שלייך זיך שנעל אַריין אין צווייטן האַלבן בלאָק, דאָ איז איצט ליידיק. די מיידלעך זענען ביי דער אַרבעט. איך שפּרינג שנעל אַרויס דורכן פענצטער און דורך אַ שפּאַרע פון דראָטענעם פּאַרקן, פאַרהאַנגען מיט זעק, דערזע איך אַ ריזיקן טראַנס־פּאָרט. טויזנטער מענער, פרויען און קינדער פּילן אויס די גאַנצע לענג פון דער לאַגער־שטראָסע — —

די אויפזעערינס לויפן אַרום, ליאַרעמען:

— זייגערס, גאָלד, געלט, ווערטזאַכן — אַלעס אָפּגעבן!

איינע האַלט אין האַנט אַן איבערגעדרייטן מענער־קאַפּעליוש און רופט מיט אַ קוויטשעדיקע שטימע: — אַלעס אָפּגעבן!

די צעשראָקענע מענער ציען אַרויס באַהאַלטענע קניפּלעך און וואַרפן

אַריין אין קאָפּעליוש. פרויען וואַרפן אַרייך די פינגערלעך, זייגערלעך, אוירינגלעך, זייער לעצטן אָנהאַלט אין דער ביטערער שעה.

נישט ווייט פון פאַרקן שטייט אַ מאַן מיט אַ ברויט אונטערן אָרעם. ער טוליעט זיך צו דער וואַנט. זיין קאָלנער פון פאַלטן איז אויפגעשטעלט. דאָס היטל אַראָפּגערוקט איבער די אויגן. האַסטיק לויפט צו אים צו אַ דייטש און רייסט אַרויס פון אונטערן אָרעם דאָס ברויט. ער פאַרגייט זיך אין אַ געיאָמער, ווי ער וואָלט באַקומען מיט אַ מעסער אין האַרצן. ער שטרעקט אויס די האַנט נאָכן ברויט, ווי אַ באַנומענער רייסט ער זיין פנים און שרייט: ברויט! מיין ברויט! — — —

ווען מיר הייבן אָן די נאַכט־שיכטע, איז נאָך גרויסער טאָג. צוזאַמען מיט מיר אַרבעטן 12 פרויען. מיר זיצן אַרום אַ באַרג מלבושים — קליידער, מאַנטלען און וועש.

יעדע מוז מאַכן צען פעקלעך „לומפּן" און אָפּטראָגן צום אַלגעמיי־נעם באַרג פעקלעך.

פון צייט צו צייט רייסן זיך דאָ אַריין די דייטשן, יאָגן אונטער און שרייען: אַרבעטן! שנעלער! פלינקער! אַרבייט מאַכט פריי!

עס איז נאָך האַלבער נאַכט. נעבן מיר זיצט לאַלאַ פון בענדין. זי האָט זיך דאָ אַהערגעזעצט מיר עפּעס צו זאָגן. נאָר איידער זי באַוויזט צו עפע־נען דאָס מויל, שטייט פאַר אונדז דער הויפּטשאַרפירער:

— וואָס מאַכסטו דען היר? — פרעגט ער לאַלאַן. האַלושע האַלט אין האַנט די שער און אַ דרימלענדיקע זעצט זי ווייטער פאָר די אַרבעט.

— דאַנערוועטער! — שרייט ער אויס — איר וועט וואָס ערלעבן! — און גלייך פאַרשרייבט ער די נומערן.

האַלושע הייבט אָן וויינען, בעטן, אָבער עס העלפט גאָרנישט. לאַלאַ באַקומט עטלעכע שמיץ איבערן פנים און עס פאַלט זיין באַפעל:

— מאָרגן פרי מעלדעט אייך ביידע ביי מיר!

גלייך נאָך דער נאַכט־שיכט מעלדן זיך ביידע מיידלעך צום הויפּט־שאַרפירער. איך קאָרטשע זיך פון שרעק. ווער ווייסט, וואָס ס'וועט איצ־טער זיין מיט מיין קינד! שוין עטלעכע שעה ווי זיי זענען אַוועק. ס'איז

שוין גרויסער טאָג. אין די באַראַקן רוישט די אַרבעט. אין מיין מוח אַ פּלאָנטער פון שלעכטע געדאַנקען.

פּלוצעם דערהערט זיך דער באַקאַנטער פייף און אויסגעשריי: „צעל־אַפּעל!"

די אַרבעט ווערט איבערגעריסן. פון אַלע באַראַקן רירן אַרויס די מיידלעך אין גלייכע רייען, צו פינף, מיט לאַנגזאַמע טריט. די פּאָראַר־בעטערין פון יעדן באַראַק גייט די ערשטע, פירט אירע מיידלעך צום גרויסן ליידיקן פּלאַץ נעבן די דראָטן.

אַלע זענען דאָ פאַרזאַמלט. די קאַפּאָס, לאַגער־פירערינס, ס.ס.־לייט. קיינער פעלט נישט. מיר פילן, אַז עפּעס וועט דאָ באַלד זיין.

די דייטשן דרייען זיך אין מיטן פונעם גרויסן פּלאַץ. מיר וואַרטן אין טויט־שרעק.

„אַכטונג!" דער הויפּטשאַרפירער רעדט. ער דערציילט, וואָס עס האָט פּאַסירט די פאַריקע נאַכט: נומער 52684 האָט געדרימלט ביי דער אַרבעט און נומער X האָב איך געטראָפן נישט אויף איר פּלאַץ. ווי וועט איך זיין, אויב איר וועט אַזוי אַרבעטן! — ער ווייזט אָן אויפן קרעמאַטאָ־ריום און רופט אויס: — אַלע וועט איר דאָרט אַהינגיין. אַלע פאַר איינעם, דרעקיקע באַנדע!

אַז ער האָט געענדיקט, האָט אָנגעהויבן רעדן דער אונטערשאַרפירער:

— איר פאַרגעסט, ווו איר געפינט זיך? אַזוי ווילט איר דאָ אַרבעטן, אין אוישוויץ? אין קאָנצענטראַציאָנס־לאַגער? אַלע וועט איר קראַפּירן!...

אוישוויץ, דער טויט... וועט נאָך געשען אַ נס?

אויפן פּלאַץ איז נישט צו דערקענען, אַז דאָ שטייען פרויען, גיכער האָט עס אויסגעקוקט, ווי שאָטנס שטייען דאָ. די רעדעס פון די לאַגער־פירער האָבן זיך פאַרענדיקט. ס'איז געוואָרן שטיל. וואָס וועט איצט זיין?

עס ציען זיך שעהען שווערע, ביטערע.

דער הויפּטשאַרפירער גייט הין און צוריק אין מיטן פון גרויסן פּלאַץ. דער הויכער עסטרייכער, אין גלאַנציקע שטיוול און געפּאַסטן מונדיר, דרייט זיך אין אַלע זייטן, ווי ער וואָלט עמעצן געזוכט. אַלעמענס אויגן

זענען געוועגדט צו אים. אין זיינע הענט ליגט אונדזער לעבן. און אַט היבט ער ווידער אָן רעדן:

— איר זענט באַגאַנגען סאַבאָטאַזש! די שטראָף דערפאַר איז אייך גוט באַקאַנט, פאַר סאַבאָטאַזש באַקומט איר טויט־שטראָף! אָבער איך וויל אייך נישט פאַרניכטן! איך וויל אייך העלפן — שרייט ער פלוצלינג אויס — און ווייל דאָס האָט פּאַסירט צום ערשטן מאָל, מאַך איך פאַר אייך אַ מילדע שטראָף. זאָל דאָס אָבער צום צווייטן מאָל פּאַסירן, דאַן וועט זיין שלעכט מיט אייך. אַלזאָ: פיר און צוואַנציק שטונדן באַקומט איר נישט קיין עסן און ביי די צוויי — ווענדט ער זיך צו לאָלאַ און האַלושען, וועלכע שטייען באַזונדער, — ווערן די האָר אָפּגעשניטן. לאָאָס! צו דער אַרבעט! — גיט ער אַ באַפעל, אויפהייבנדיק זיין פייטש.

אַלע פרויען פאַרלאָזן דעם פּלאַץ. האַלושען און לאָלען ווערן אויפן אָרט אָפּגעגאָלט די האָר,ביידע מיידלעך האָבן זיך שטיל געווישט די טרערן.

*

היינט אַרבעטן מיר בייטאָג. נאָך דער אַרבעט לויפן איינצלנע פרויען צו דער דראָט־פאַרצוימונג, וואָס טיילט אָפּ דעם מענער־רעוויר. אפשר וועט מען טרעפן אַ היימישן, באַקומען אַ ידיעה וועגן קרובים (כאָטש דאָס איז שטרענג פאַרבאָטן).

לאָלאַ האָט דאָס מאָל באַקומען אַ בריוול פון איר קוזין פון בענדין. ער שרייבט: „עס איז מיר זייער שלעכט, מען האָט מיך אָפּעריִרט, סטעריליזירט, די יסורים זענען נישט אויסצוהאַלטן. כ׳זאָל זיך נישט אַראָפּוואַרפן פון דער פּריטשע האַלט מען מיך צוגעבונדן מיט שטריק. די היץ ברענט אין מיר. איך גיי אויס״. זי לייענט מיר דאָס בריוול שטילערהייט, ליגנדיק אויף דער פּריטשע.

ווער קאָן איבערטראָגן די אַלע יסורים? איז דאָס נישט ערגער ווי דער טויט? אַ יונגערמאַן פון עטלעכע און צוואַנציק יאָר, געהאַט אַ פרוי מיט צוויי קינדער, וועלכע מען האָט ביי אים צוגענומען. און איצט גייט ער אויס אין ווייטיק און פּיין, אין טיפסטער דערנידערונג. — —

פון איבער די דראָטן קענען מיר געווי זען דעם מענער־רעוויר פון בירקענאַו, וועלכער ווערט אָנגעפירט דורך ד״ר יאָזעף מענגעלע. דאָ ווערן דורכגעפירט עקספּערימענטן. יונגע, געזונטע מענער ווערן אָפּערירט, סטעריליזירט. פון ווייטן זעט מען דאָ אויך קאַליקעס, ליליפּוטן, זיי ווערן דאָ אונטערזוכט און פּאַרפּייניקט.

אוישוויץ — דאָס קליינע שטעטל מיט טויזנטער יידישע איינוווינער — אויף אים איז אויסגעפאַלן דער גורל צו ווערן דער פאַרניכטונגס־פּלאַץ פון מיליאָנען מענטשן פון אַלע אייראָפּעישע לענדער. דאָ זענען אָהערגעקומען טראַנספּאָרטן מיט יידן פון פּוילן, טשעכאָסלאָוואַקיע, אונגאַרן, פראַנקרייך, בעלגיע, איטאַליע, גריכנלאַנד. דרייסיק העקטאַר ליימיקע בלאָטע איז געוואָרן צעטיילט און אַרומגעצוימט מיט דראָטענע פּלויטן — אָנגעלאָדן מיט עלעקטרישן שטראָם — אין פאַרשידענע גלייכע לאַגערן: בירקענאַו „א״־ און „ב״־לאַגער, ציגיינער־לאַגער, בזשעזשינקי, לאַגערן באַזונדער פאַר פרויען און לאַגערן פאַר מענער. פאַראַן הילצערנע און געמויערטע באַראַקן, יעדער באַראַק האָט פּלאַץ בלויז פאַר 500 מענטשן, אָבער נעמט אַריין 1200 מענטשן.

דער קלימאַט איז דאָ אַ שווערער, אַ נאַסער, פאַרטאָג און פאַרנאַכט אַ געדיכטער נעפּל, ס׳איז שווער צו אָטעמען. פאַראַן אַ סך מאַלאַריע־קראַנקע. נאָכן האַלבן ווינטער זענען פאַרטיילט געוואָרן הילצערנע טרע־פּעס, „האָלענדערקעס״, אַ גראָב שטיק האָלץ, מיט פאַרריסענע שפּיצן. ביים גיין פאַלן זיי אַראָפּ פון די פיס און בלייבן שטעקן אין דער בלאָטע. דער פאַרמאַטערטער גוף איז נישט פעיק זיי צו שלעפּן און ווער ס׳האָט געהאַט „מזל״ צו באַקומען אַזעלכע „שיך״, האָט זיי געטראָגן אין האַנט.

אין איינעם אַ פאַרנאַכט זענען געבליבן שטיין נעבן די באַראַקן אַ ריי קאַלירטע מאַשינעס, אויף וועלכע עס האָבן געפלאַטערט דייטשע האַקנ־קרייץ־פענדלעך. דאָס איז געקומען אַ מיליטערישע קאָמיסיע. ס׳ווערט אַ געלויף, מ׳לויפט אַריין און אַרויס פון די באַראַקן. נישטאָ ווו זיך אַהינצוטאָן. בליץ־שנעל פאַרשפּרייטן זיך די דייטשן איבערן לאַגער, פאַרהאַקן הינטער זיך די טויערן פון די באַראַקן. ס׳איז שטיל. ווען נאָך עטלעכע שעה האָבן זיך פון דאָס ניי געעפנט די טויערן, האָבן זיי מיט־

געטראָגן מיט זיך צענדליקער פלעשער מיט בלוט, אַרויסגעצאַפּטן פון אונדזערע אָדערן.

— „יאָ, דאָס וואַר וווּנדערבאַר — הירזשען זיי ווי די פערד — וווּנדערבאַר! פרישעס בלוט פאַר אונדזערע סאָלדאַטען". — — —

און אָט זענען 50 מענער, וועלכע אַרבעטן אין פרעס־באַראַק, אויס־געצויגן אויף דער ערד און קאַטשען זיך אין בלאָטע. מען האָט געפונען ביי איינעם פון זיי עטלעכע שטיקלעך צוקער. און דערפאַר ווערט די גאַנצע קאָמאַנדאָ באַשטראָפט — „אַלע פאַר איינעם". זיי סאַפּען איז קרעכצן, רוקנדיק זיך אויף די בייכער, רעכטס, לינקס, לויט די באַפעלן פון קאַפּאָ. לויפן! אין מיטן לויפן פאַלן צו דער ערד און ווידער שנעל אויפשטייך. אויסגעשמירטע אין בלאָטע, זענען זיי קוים אויפגעשטאַנען. די ס.ס.־לייט שטייען אַרום און קייכן פון געלעכטער. אַזעלכע סצענעס זענען אין אוישוויץ זייער אָפט.

ווידער איז דער יונגער פאַראַרבעטער געקומען מיט אַ קאָמאַנדאָ מענער צו דער אַרבעט און ווי תמיד נישט אויפגעהערט זיי צו שלאָגן. דאָס האָט ער אַזוי אונטערגעטריבן צו דער אַרבעט, זיי זאָלן טראָגן אויף זייערע פּלייצעס בינטלעך „לומפּן" צו די וואַגאָנעס, וואָס שטייען ביי דער ראַמפּע.

— הער אויף צו שלאָגן! — רופט זיך אָן אַ מיידל, ווען ער האָט זיך אָפּגעשטעלט נעבן דער „ביקסע" צו כאַפּן אַ פלירט מיט די מיידלעך. — אַן אַלטן יידן שלאָגסטו? — ער האָט שוין זיכער אַזעלכע זין ווי דו! ווי אַזוי דערוואַגסטו זיך אים צו שלאָגן? — מיט צאָרן קוקט ער אויף איר און שלאָגט ווייטער.

די שערן קלאַפּן. זיי שניידן קליידער און מאַכן פון זיי „לומפּן", יעדער מוז מאַכן צען בינטלעך לומפּן און אַוועקטראָגן צום „הויפן".

אין דער לינקער זייט,ביים איינגאַנג, אויפן גרויסן באַרג „לומפּן" זיצט דאָרט דאָס יונגע אונגאַרישע מיידל פּירי. אירע ראָזע בעקעלעך און בלויע אויגן האָבן נאָך דעם אַמאָליקן היימישן גלאַנץ. ערשט נישט לאַנג ווי מען האָט זי אַהערגעבראַכט צוזאַמען מיט די עלטערן, שוועסטער און ברידער. אָבער נאָך דעם ווי מען האָט זיי פונאַנדערגעטיילט און זי איז

פאַרבליבן אַליין, איז זי אַריינגעפאַלן אין אַ מעלאַנכאָליע. זי זיצט אין דער הייך אויפן באַרג און זינגט. אירע מאָנאָטאָנע לידלעך מישן זיך צונויף מיט דער קלאַפעריי פון שערן, מיט אונדזערע פאַרצווייפלטע געדאַנקען און שטימונגען. אַ מאָדנע, וויסטע סימפאָניע...

אַז איך קום צו צום באַרג אויף וועלכן עס זיצט פירי און ציט אירע אומעטיקע טענער, דאַכט זיך מיר, אַז אונטער דעם באַרג מאַנטלען און קליידער געפינען זיך לעבעדיקע מענטשן. איך זע זייערע דערשראָקענע פנימער, איך הער זייער וויינען און קלאָגן...

ס׳קלינגען די שערן בייטאָג, ביינאַכט. זיי שניידן מענטשלעכע מלבושים. נישט איין מאָל שיטן זיך אויס פאַר די אויגן בריליאַנטן, פערל — יידישע שבתדיקע צירונג. אַ מאָל שיט זיך אויס אַ „ציגאַרעטל" מיט פינף פאַפירלעך צו 100 דאָלער. מען האָט עס פאַרשטעקט פאַר אַ נויט־פאַל, איינגענייט אין קראַגן. אַלץ וואָס מיר געפינען מוז אָפּגעגעבן ווערן.

עס וואַרנט דיך פון דער ווייטנס דער גרויסער קאַסטן מיטן האַקנ־קרייץ! ער שטייט גרייט איינצושלינגען דאָס יידישע פאַרמעגן. ער נעמט אַלץ אַריין אין זיך און פלאַצט שיער נישט פון אָנגערויבטן יידישן גאָלד. יעדן טאָג ווערן די קאַסטנס פון אַלע באַראַקן אויסגעליידיקט. און אויף צו מאָרגנס טראָגן מיר צו אים פון דאָס ניי יידיש פאַרמעגן.

היינט אַרבעט איך טאָג־שיכט אין לומפּן־באַראַק נר. 4. בעזי, די פאַראַר־בייטערין, לויפט איבערן באַראַק און שרייט מיט איר הייזעריקער שטימע: „טעמפּאָ!", „טעמפּאָ!"

צוואַנציק מיידלעך זיצן אַרום דעם גרויסן באַרג קליידער און אָנצוגן. דער באַרג ליגט שטיל און שווייגנדיק. נאָר איידער דו שטעכסט אַריין די שער אין דעם קלייד אָדער מאַנטל, גיסטו אַ ציטער, ווי דו וואָלסט גע־שטאָכן אין האַרץ פון אַ מענטש. פאַר דיינע אויגן וואַקסן אויס שכנים, באַקאַנטע, פנימלעך פון יונגע קינדער, צוגענומענע אין געטאָ ביי אַ קינדער־אַקציע.

וואָס עפּעס היינט אַזוי פיל בלאַק־שפּערע? ס׳קומען כסדר טראַנס־פאָרטן און בעזי שרייט אַלץ: „טעמפּאָ!", „טעמפּאָ!" פּלוצעם ווערט זי

שטיל און בלייבט שטיין אַ פּאָרטראַכטע ביים פענצטערל. אויף די שפּיץ פינגער דערנענטער איך זיך צו איר און כאַפּ אַ בליק אַרויס: וואָס פאַר אַ ריזיקער טראַנספּאָרט! גוט געקליידטע מענער, פרויען און קינדער. נאָך זיי שלעפּן זיך קוים אַלטע פרויען און מענער. זיי גייען שווייגנדיק, אָן אַרויסצורעדן אַ וואָרט.

לאַנג קען איך נישט שטיין. בעזי צעשרייט זיך: „ריכלאַ דאַ פּראַצי!" (שנעל צו דער אַרבעט).

איך הייב ווידער אָן מיין אַרבעט. אָבער איך קען נישט מער. דער קאָפּ איז שווער ווי בליי. ווער ווייסט, צי אין דעם טראַנספּאָרט געפינען זיך נישט מיינע עלטערן, מיין משפּחה? — —

יעדן טאָג נאָך דער אַרבעט מוזן מיר גיין אין דער זאונע איינגעצן דעם קערפּער, זיך באָדן... ביים טירל פון בלאָק וואַרט די בלאָקאָווע מיט אירע שטובאָוועס.

— ביסטו געווען אין דער זאָונע? האָסטו זיך געבאָדן? — זי רירט אָן די אונטערגעוואַקסענע האָר, אויב זיי זענען נאַס, און שרייט אָן אויפהער: — אין דער זאָונע גייט, דרעקיקע באַנדע!

לוציע קומט די לעצטע אין בלאָק, נאָכן לעצטן פייף, ווען אַלע מוזן שוין שלאָפן. זי קומט פון דער אַרבעט, פון קיך. זי גרייט צו צוזאַמען מיט דער פרוי אַני דעם גרינעם טיי פאַרן גאַנצן לאַגער. זי קריכט אַרויף אויפן דריטן שטאָק און לייגט זיך אַוועק אויפן שטרוי. אין בלאָק איז שטיל. אויפן באַפעל מוזן אַלע שלאָפן. לוציע באַקומט פּלוצעם אַ ווילן צום זינגען. זי איז אַ זינגערין פון לאָדזשער יונג־טעאַטער און קאָן זיך נישט באַהערשן. זי מוז זינגען. עס רייסט זיך פון איר אַ פאַרבענקטע מעלאָדיע, וואָס טראָגט זיך שטיל איבערן בלאָק:

איך וויל נאָך איין מאָל זען מיין היים,  
צי איז דאָרט אַלץ ווי געווען?  
צי איז דער טייך און דער בוים  
און דער דאַך, וואָס האַלט זיך קוים — — —  
איך וויל אַהיים...

די טענער רופֿן ביי אונדז אַרויס טרערן און בענקשאַפֿט. מיר ווילן זי זאָל זינגען, זינגען, נישט אויפֿהערן. נאָר די שרעק... באַלד קאָן ווער אָנקומען.

אַ קאַלטער, פֿאַרנעפּלטער פֿרימאָרגן, אַ פּייכטקייט, וואָס עסט זיך איין אין די ביינער. מיר שטייען אין לאַנגע רייען און וואַרטן אויפֿן אָנקומען פֿון די דייטשן. עטלעכע מעטער רעכטס פֿון אונדז שטייט, ווי צוגעשמידט צום אָרט, אַ גרופּע יינגלעך אין עלטער פֿון 12—15 יאָר, אָפּגעריסענע, האַלב־נאַקעטע, באָרוועסע, מיט צעשויבערטע האָר. זיי זעען אויס ווי אַרויסגענומען פֿון אַ תּפֿיסה.

פֿון וואַנעט האָבן זיי צונויפֿגעשלעפּט אַזוי פֿיל יינגלעך? צי ווייסן די קינדער, ווו זיי געפֿינען זיך און וווּהין זיי ווערן איצט געפֿירט? ווען דער אַפּעל האָט זיך פֿאַרענדיקט און מיר גייען פֿאַרביי זיי, באַמערקן מיר אויף זייערע יונגע פּנימער אַן אויסטערלישן קינדערישן שמייכל. זייער לעצטער שמייכל... פֿיר הונדערט צאַפּלדיקע יונגע לעבנס וואַרטן אויפֿן טויט. פֿאַר וואָס?

— „הייל היטלער!", „הייל היטלער!" — הערן זיך קולות פֿון דרויסן און באַלד עפֿנט זיך מיט אַ געפּילדער דאָס הילצערנע טויער. ס'קומען אַריין עטלעכע מונדירטע דייטשן. אויסער העסן, דער לאַגער־קאָמענדאַנט פֿון אוישוויץ, וועלכער איז אונדז גוט באַקאַנט, זענען דאָס מאָל געווען „הויכגעשטעלטע געסט". אַדאָלף אייכמאַן און ראָזענבערג. זיי מאַכן אַן אינספּעקציע איבער די אַרבעט־באַראַקן און באַטראַכטן די אַרבעט.

די שערן קלאַפּן אין אונדזערע הענט, נאָר די הערצער קלאַפּן נאָך שטאַרקער, ווי זיי וואָלטן וועלן אַרויסשפּרינגען פֿונעם קערפּער.

זעקס מונדירטע דייטשן גייען אַרום מיט זיכערע טריט איבערן באַראַק. כמעט ביי יעדער בוקסע (אַרבעט־גרופּע) שטעלן זיי זיך אָפּ, רעדן הייך, חוצפּהדיק. און אָט פֿאַרהאַלטן זיי זיך ביים גרויסן באַרג נאָך נישט סאָרטירטע זאַכן, פֿון וועלכן עס הענגען אַראָפּ אַרבל פֿון רעקלעך, מענערהויזן, קינדער־מאַנטעלעך און קליידער. זיי שטייען איצט און באַטראַכטן דעם גרויסן באַרג בגדים, וואָס ליגט פֿאַר זיי אָנגעשאָטן פֿון דער ערד ביז צום סופֿיט און פֿאַרנעמט אַ האַלבן באַראַק. ער ליגט אַ שטומער, דער

בגדים־באַרג, אַן אומבאַהאָלפענער, און דיר דאַכט זיך, אַז לענגער וועט ער נישט שווייגן, אַז באַלד וועט ער אויפרייסן, ווי אַ ווולקאַן, ס׳וועלן פון אים אַרויס מענטשן־סקעלעטן, זיי וועלן באַפאַלן די דייטשן און זיי דערשטיקן...

די דייטשן רוקן זיך ווייטער צום גרויסן באַרג „בינדן" (פּעקלעך), וואָס ליגט גרייט צום אַוועקשיקן אַלס רוימאַטעריאַל אין די דייטשע טעקסטיל־פאַבריקן. איצט שמועסן זיי צווישן זיך און לאַכן הויך. זענען ווייזט אויס צופרידן פון דער גוט אָרגאַניזירטער אַרבעט און פּינקטלע־כער אויספירונג...

ביים טויער אין דער לינקער זייט בלייבן זיי ווידער שטיין, גייען אַרום און באַטראַכטן פון אַלע זייטן דעם הילצערנעם זאַמל־קאַסטן, וואָס שטייט אויף דער ערד, מיטן האַקנקרייץ און מיטן גרויסן שלאָס פון פאָרנט. — אַלץ געהערט אים, דעם דייטשן זאַמל־קאַסטן.

זינט עטלעכע טעג אַרבעטן מיר אין באַראַק נומער 15, ביים שניידן און סאָרטירן. ס׳איז שטיל ביי דער אַרבעט. יעדע איז פאַרזונקען אין אירע אייגענע געדאַנקען. נאָר יעדע טראַכט, דאַכט זיך, דאָס זעלבע — פון דער אַמאָליקער היים און פון איצטיקן לעבן. זענען מיר שוין פאַקטיש פאַררעכנט פאַר טויטע? אָדער וועט זיך נאָך זוער אָפּראַטעווען און בלייבן לעבן, כדי איבערצוגעבן דער וועלט, וואָס דאָ איז פאַרגעקומען? זאָל די וועלט כאָטש וויסן. — — —

פון דער ווייטן זעען מיר אַ קליין ווייס הייזל. כ׳וואָלט וועלן וויסן, וואָס אַזעלכעס עס איז דאָס קליינע ווייסע הייזל נעבן די צוויי גרויסע גריבער. קיין גאַז־קאַמער איז דאָס נישט. מיר זעען ווי מען טרייבט אַרויס פון דאָרטן נאַקעטע מענטשן. מיט קאָלבעס ווערן זיי געטריבן און אַריינ־געוואָרפן אין די פלאַמען פון די צוויי אָפענע גריבער. די געוואַלדן פון די אומגליקלעכע לעכערן די הימלען.

מענער ברענגען צו בינטלעך אויסגעטריקנטע האָלץ אויף זייערע פּלייצעס, וואַרפן אַריין אין די גריבער.

פון דאָרט זעצט אַרויס אַ רויטער צעפלאַקערטער פלאַם־פייער, אַ געדיכטער שוואַרצער רויך צעטראָגט זיך און פאַרשטעלט די הימלען.

די אויוונס ברענען, די גריבער פאַרברענען, בייטאָג און ביינאַכט. גאַנצע טראַנספּאָרטן אומשולדיקע מענטשן טרייבט מען גלייך פון דער באַן־ראַמפּע צום פאַרניכטן.

דער ציקלאָן־גאַז איז פאַר די דייטשע מערדער אַ לייכטער מאָרד־מיטל, — אין פאַרלויף פון איין האַלבער שעה זענען אין דער גאַז־קאַמער דערשטיקט געוואָרן פון 2 ביז 3 טויזנט מענטשן. די דייטשן פלעגן זאָגן: „אין אוישוויץ קאָנט איר גוט שטערבן"...

מיינע געדאַנקען ווערן איבערגעריסן דורך דעם גרילציקן רוף: „טעמפּאָ!". יאָ, מען דאַרף דאָך מאַכן די בונטן, צען בונטן מוז מען מאַכן און אַוועקטראָגן צום „הויפן".

ווי אַ גנב שאַרט זיך אַריין דער „בלינדער". „באַוועגט אייך", — שרייט ער. ער לייענט די אַרבעטס־ליסטע: „נומער... דריי בונדן. נומער... צוויי בונדן — וואָס איסט דען לאָס? איך וועל אייך העלפן: איר מוזט זיך בעאיילען! עס קאָמען ווידער נויע טראַנספּאָרטע, איין מיליאָן יודען פון אונגאַרן".

דער ציגיינער־לאַגער איז אין מיטן דער נאַכט אויסגעליידיקט געוואָרן. דאָרט זענען געווען זעכצן טויזנט מענטשן. ציגיינער־משפחות מיט קינדער. זיי האָבן געהאַפּט אַ מאָל באַפּרייט צו ווערן פון אונטער די דראָטן, פאַר זיי האָבן נישט עקזיסטירט קיין סעלעקציעס, מיט איין מאָל זענען זיי צוגענומען און אָפּגעפירט געוואָרן אין די גאַז־קאַמערן.

די אַקציע האָט געדויערט אַ גאַנצע נאַכט. געוואַלדן און אַ גערויש פון אויטאָס. אַ געדיכטער רויך האָט געזעצט פון די קוימענס. אַ ריח פון געסמאַליעטן מענטשן־פלייש האָט געשטיקט אין האַלדז. פאַרטאָג איז נישט געווען צו דערקענען די גרויל־שחיטה, וואָס איז ביינאַכט פאַרגע־מען. דער ציגיינער־לאַגער איז געבליבן ליידיק, די בלאָקן פריי, ווידער גרייט אויפצונעמען פרישע קרבנות.

אַ שווערן גורל האָבן געהאַט די מענער פון זאָנדער־קאָמאַנדאָ. זיי זענען אויסגעקליבן געוואָרן צו דער פיינפולער אַרבעט קעגן זייער ווילן און געשטעלט געוואָרן פאַר אַ געשעענעם פאַקט, געמוזט פאַרקאַטשען די אַרבל און זיך שטעלן צו דער אַרבעט אין קרעמאַטאָריום. אויפן באַפעל

פון די דייטשן פאַרברענען יידן זייערע ברידער, און אָפט מאָל אַן אייגע־נעם טאַטן אָדער מאַמען.

יעדער קרבן איז פאַרן פאַרברענען קאָנטראָלירט געוואָרן פון אַ צאָן־דאָקטער, און וויפל גאָלדענע ציין־קאָראָנעס און פראָטעזעס ס'האָבן זיך געפונען אין מויל, זענען געוואָרן אַרויסגעריסן.

אָבער נישט אַלע פון דער זאָנדער־קאָמאַנדאָ האָבן געטויגט צו אָט דער אַרבעט. ס'האָט געטראָפן, אַז מיט אַ גרופע פון אַכציק יינגלעך זענען די דייטשן נישט געווען צופרידן און באַשלאָסן פון זיי פטור צו ווערן. צוטיילן זיי צו אַנדערע אַרבעטן און אַזוי אַרום אַרויסגעבן די סודות פון קרעמאַטאָריום, האָבן זיי נישט פראַקטיצירט. פאַר אַזעלכע איז נאָר געווען איין וועג — אָפּצורוימען זיי פון דער וועלט. אָבער נישט אַזוי לייכט וועלן זיי זיך לאָזן אומברענגען. איז פאַר זיי צוגעטראַכט געוואָרן יעדעס מאָל אַן אַנדערע קאָמבינאַציע. דאָס מאָל זענען די 80 יינגלעך געשיקט געוואָרן פאַרנאַכט כלומרשט צו דער אַרבעט אין דעזינפעקציע־קאַמער אין דער זאַונע (דאָ ווו מיר פלעגן אָפּגעבן דאָס אָנטאָן צום אָנטלויזן).

ווי נאָר זיי זענען דאָרט אַריין אין דער הערמעטיש געשלאָסענער קאַמער, זענען זיי געוואָרן פאַרשפּאַרט און פאַרגאַזט מיטן זעלבן גאַז, וואָס איז באַנוצט געוואָרן צום אַנטלויזן די זאַכן.

*

איך בין היינט באַזונדערס אומרויִק ביי דער אַרבעט. כ'פיל, אַז עפּעס הענגט אין דער לופטן. אין באַראַק איז טונקל, ווי פאַרנאַכט. בלויז דורך די שפּאַרעס דרינגען אַריין איינציקע זון־שטראַלן. פּלוצלונג עפנט זיך דאָס טויער אין דער גאַנצער ברייט און דער באַראַק ווערט אָנגעפילט מיט אַ ים ליכטיקייט. אַ פרעכטיקער זומער־טאָג היינט. און אָט: מיט אַ גע־טומל קומט־אָן די לאַגער־קאַפּאָ מיטן שטעקן אין איר האַנט. ביים טויער בלייבט זי שטיין צוזאַמען מיט יאַשקע דעם קאַפּאָ און לודוויג, זיין פאַרטרעטער. די פאָראַרבעטערין לויפט זיי אַנטקעגן און דערלאַנגט זיי די אַרבעטס־ליסטע. די קאַפּאָ לייענט, קוקט זיך אַרום און זאָגט: — נומער... האָט נעכטן נישט געמאַכט די צאָל בונדן. דאָס זעלבע פאַר־

ברעכן איז אויך באַגאַנגען נומער... ביידע נומערן ווערן באַשטראָפט מיט פינף שמיץ איבערן אַרש (הוילן)...

דער ערשטער נומער איז פאַן זעלמאַ, די גרעפין פון האָלאַנד. פינף שמיץ?!! איז זי פון זינען אַראָפּ? זי האָט ערשט איבערגענומען דעם לאַגער און שוין וועט זי פייניקן? זי וועט דאָס איינפירן אַ נייע שטראָף פאַר פרויען, שמייסן פרויען? אין באַראַק הערשט אַ שטילקייט, אַן אָנגע־לאָדענע, דערדריקנדיקע, אַ שטילקייט ווי פאַר אַ שטורעם.

— זעלמאַ, קום אַהער! — קלינגט איר שטימע — די מענער זענען נייגעריק צו זען, ווי אַזוי די שטראָף קומט אויס ביי פרויען. ביז איצט האָט מען געשמיסן בלויז מענער.

זעלמאַ וויינט און שרייט. מיט לאַנגזאַמע טריט דערנענטערט זי זיך צו דער קאַפּאָ.

— זעלמאַ, בוק זיך! — דערהערט זיך איר באַפעל.

זעלמאַ שרייט און וויינט.

— בוק דיך דאָך!

זעלמאַ בייגט זיך איין, שטעלט אויס דעם הינטערשטן טייל קערפער, גרייט אויפצונעמען די שמיץ.

ס׳איז געפאַלן דער ערשטער שמיץ. זעלמאַ יאָמערט, קאָרטשעט זיך פון יסורים. עס קומען די ווייטערדיקע שמיץ. זעלמאַ בלייבט ליגן אויף דער ערד. יאַשקע און לודוויג צעלאַכן זיך האַרציק...

— נר׳... פאַד סעם! (קום אַהער), — רופט זי איצט מיט אַ נצחון־שמייכעלע און דרייט אין האַנט דעם שטעקן. זי קוקט זיך אַרום און וואַרט, ווי אַ שוישפּילערין אויף דער בינע, וואָס וואַרט, אַז דער עולם זאָל זיך באַרויִקן און אויפפּאַסן. דער באַראַק האַלט איין דעם אָטעם, אַלעמענס אויגן זענען געווענדעט צו איר.

נר׳... אָט קומט דאָס אומפאַרמיידלעכע. פּלוצעם ווערט אַ טומל. אויסערגעוויינלעכע קולות קומען פון דרויסן, די דייטשן ווילדעווען ווי די חיות. די קאַפּאָס פאַרלאָזן דעם באַראַק און לויפן אַרויס. אַ טראַנספּאָרט פון סלאָוואַקיע, אַ ריזיקער טראַנספּאָרט איז אָנגעקומען. פאַרמאַטערטע

פון ווייטן וועג, פון הונגער און דאָרשט, שלעפּט זיך לאַנגזאַם און גלייכ־גילטיק איינע פון די באַקאַנטע טרויער־פּראָצעסיעס.

דער טאָג איז אַ הייסער, אַ פּאַרנער. איך באַמערק ווי אַ קליין ייִנגעלע פון אַ יאָר פיר, מיט לאַנגע בלאָנדע לאָקן, אַנגעטאָן אין אַ גראַנאַט מאַנ־טעלע, לויפט אַוועק פון המון, פאַרקירעוועט זיך אין אַ זייט, ווו ס׳שטייט אַ בלויע וואַסער־קאַן. דאָס קינד פאַלט צו מיט פרייד צו דער קאַן, גלייבנ־דיק, אַז ער וועט געפינען וואַסער. אַן אַנטוישטער בלייבט ער שטיין מיט באַטריבטע אייגעלעך — די קאַן איז ליידיק. נישט פאַראַן דאָרט קיין טראָפּן וואַסער. דער ס.ס.־מאַן, וועלכער האָט דאָס געזען, לאָזט דאָס קינד לויפן. דאָס גאָלד־בלאָנדע יידישע ייִנגעלע וועט פון דאַנעט נישט אַנטלויפן... דער הויפּטשאַרפירער שטייט אין אַ זייט און גוטמוטיק טרייבט ער אונטער די טשערעדע: „גייט באַדן", גייט זיך באָדן.

איבערגעלעבט נאָך אַ טאָג אין אוישוויץ. איך ליג אויף דער פּריטשע און טראַכט פון די איבערגעלעבטע אַנגסטן. שטובאָוועס לויפן, שרייען: לאַגער־רו! ס׳איז נאַכט.

אין בלאָק ווערט אויסגעלאָשן דאָס ליכט, דורך די פענצטער רייסט זיך אַריין אַ פלאַמענדיקע ליכטיקייט און וואַרפט אויפן וואַנט אַ העלע שיין. מיט ביידע הענט פאַרשטעל איך די אויגן. געוואַלד, ווו פאַרשטעקט מען זיך פאַר דעם ריח, וואָס דרינגט אַריין, צופּט דאָס לייב, די נשמה. דער רויטער פלאַם צעשפּרייט זיך וואָס אַ מאָל מער איבערן פאַררויכערטן הימל. אין בלאָק ווערט אַלץ ליכטיקער פונעם דרויסנדיקן אַפשיין. איך הער זיך איין. יאָ, מיין געהער גענאַרט מיך נישט.

ס׳קומען אָן מאַשינען. ס׳הערט זיך אַ רוישן און פייפן, צונויפגעמישט מיט מענטשלעכע קולות און געוויין. כ׳קען מער נישט איינליגן, די פּריטשע בריט מיך. איך לויף צום טירל, וואָס געפינט זיך נאָר געציילטע טריט פון קרעמאַטאָריום און דערזע פאַר זיך אַ שוידערלעך בילד: טויזנטער יידן שרייען מיט די לעצטע כוחות צום הימל, רופן און בעטן הילף. די פאַררויכערטע הימלען שוויגן, אַלץ אַרום שווייגט... אַ רויטער געדיכטער פלאַם זעצט אַרויס פון ברייטן נידעריקן קרעמאַטאָריע־קוימען.

פייערדיקע צונגען ברומען, וויגן זיך, לויפן איינע איבער די אַנדערע, שנעלער, העכער, שיטן מיט גליענדיקע פונקען, מיט פייער...

די פינצטערע נאַכט קלויבט זיך אָפּצוטרעטן צוזאַמען מיט די וואָלקנס געדיכטן שוואַרצן רויך. דער הימל ווערט ווידער גרוי־בלוילעך, ווי ס׳וואָלט גאָרנישט פּאַסירט. אַ נייער טאָג ווערט געבוירן, אַ שטילער, אַן אומשולדיקער. אַ נייער טאָג אין אוישוויץ.

די נאַכט־שיכט פון דער זאָנדער־קאָמאַנדאָ גרייט זיך אָוועקצוגיין. זיי האָבן די אַרבעט אָפּגעטאָן. דער לעצטער ברענגט אַרויס אַ טאַטשקע אַש, פון וועלכן עס גייט נאָך אַ וואַרעמער רויך. פּאַרסמאַליעטע ביינער טליען, גיבן אַרויס געדרייטע שנירלעך רויך.

די נאַכט־שיכט האָט קוים באַוויזן אַוועקצוגיין און שוין קומט די טאָג־שיכט פון דער זאָנדער־קאָמאַנדאָ. זיי שטייען נישט צום אַפּעל. די צייט איז טייער. די אַרבעט ברענט. אין שיטערן וועלדל וואַרטן שוין פרישע מענטשן אויף זייער גורל אין אוישוויץ.

פאַרשאַרצנדיק די אַרבל צו דער אַרבעט, שרייט אַריבער, דורך די דראָטן, משה דער אוווניק: ראַכעל, מיר האָבן דאָ היינט מאַליען אַהער־געקראָגן מיט איבערגעשניטענע אָדערן.

ראַכעל אײלט זיך. זי איז אַ שערערין אין דער זאָונע און איר אַר־בעט איז אָפּצוגאָלן די האָר ביי די פרויען, וואָס זענען פונעם טראַנספּאָרט אויסגעקליבן געוואָרן צו פאַרבלייבן אין לאַגער.

— היינט האָבן מיר איבערגעלעבט אַ שווערן מאָמענט — זאָגט ער — די שיינע מאַליע, טויבערס רעכטע האַנט, האָט געהאַט אַ ביטערן סוף. מען האָט צוגעגרייט א תליה זי אויפצוהענגען אין קעגנוואַרט פון אַלע לאַגער־מענטשן און ס.ס. די סירענעס האָבן אַלעמען צונויפגערופן, אַלע העפטלינגס האָבן געמוזט זיין אָנוועזנדיק ביים דורכפירן די עקזעקוציע.

— וואָס ווילסטו זאָגן אין דיין לעצטן וואָרט? — פרעגט טויבער. זי ענטפערט נישט, נאָר דערנענטערט זיך צו אים און מעסט אים אָפּ אַ פּאַטש. אַ באַנומענער שרייט טויבער:

— ציט זי אַרויף! — און צו אונדז געווענדט שרייט ער אויס: —

אַזוי װעט זיין מיט יעדן װאָס װעט פּרוּװן אַנטלויפן. זאָל אייך דאָס בילד דינען אַלס מוסטער.

ס'איז געװאָרן שטיל. מאַליע מאַכט אַ שנעלע באַװעגונג. זי ציט אַרויס אַ ראַזיר־מעסערל און שניידט איבער אירע אָדערן אין דער קעגנ־װאָרט פון אַלעמען.

— מיין לעצט װאָרט װעל איך זאָגן — האָט זי נאָך באַװיזן אַרויס־צוברענגען — דעם קריג האָט איר סיי װי פאַרשפּילט! איך װייס אַלץ. איך קום פון דער פריי...

מאַליע צימעטבוים, אַ פּויליש מיידל, געקומען אין יאָר 1942 מיט אַ בעלגישן טראַנספּאָרט און גלייך געװאָרן טויבערס לויפערקע, אויסגעפירט פאַר אים אַלע נייטיקע שליחותן. זי איז געלאָפן פריי איבער די לאַגערן אין בירקענאַו. אַלע ס.ס.־לייט און געסטאַפּאָ־אָפיצירן האָבן זי געקענט. מאַליע האָט זיך באַקענט מיט אַ שגץ פון דער שטאַבס־געביידע און ביידע צוזאַמען האָבן אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן, װי אַזוי צו אַנטלויפן. אָבער נאָכן אָפּזיין אויף דער פריי צװיי װאָכן האָט מען זיי ביידע געכאַפּט און צוריק־געבראַכט אין לאַגער. אַזוי האָט מאַליע פאַרענדיקט איר לעבן, אין על־טער פון 22 יאָר, צװישן די דראָטן פון אױשװיץ. דער שגץ, איר באַקאַנ־טער, איז נאָכן איבערלייענען דעם גזר־דין, אויפן אָרט דערשאָסן געװאָרן.

דאָס עפּנטלעכע אויספירן אַ טויט־אורטייל פאַר אַנטלויפן האָט געהאַט דעם ציל אָפּצושרעקן טויזנטער אַנדערע פון אַזאַ שריט. זייער לאַנג איז דער פחד געבליבן אין זכרון, דאָך האָבן זיך אָפטער געהערט די סירענעס, װאָס האָבן אָנגעזאָגט, אַז שוין װידער איז װער אַנטלאָפן („געפליצט") און איצט פעלט ער ביים אַפּעל.

שעהן לאַנג פלעגן מיר אַזוי שטיין אין שניי אָדער אין רעגן. די עס־עס אויף ראָװערן און מאָטאָציקלען פלעגן אַרויס איבער די לאַגערן, געזוכט אויף אַלע װעגן, װאָס פירן צו דער פריי. סירענעס האָבן אָן אויפהער געפייפט און מיר זענען געשטאַנען אומבאַװעגלעך אַ האַלבע נאַכט, ביז צום באַפעל „אָפּטרעטן!"

*

ביכלער אַרבעט אויף דער ראַמפּע ביים איבערנעמען די טראַנספּאָרטן, ער דערציילט:

צען חברה זענען מיר אַרויס, קאָמאַנדירטע (פריי פון אַפּעל) צו דער אַרבעט. ס׳איז אָנגעקומען אַ באַן מיט 16 וואַגאָנעס יידן. מיר האָבן, ווי תמיד, געעפנט די וואַגאָנעס און דערזען אַ שוידערלעך בילד. אין יעדן וואַגאָן אַ באַרג טויטע. סאַראַ גרויל־בילד! מאַמעס מיט דערשטיקטע קינדער אין די הענט.

אין איין וואַגאָן האָט נאָך געלעבט אַ מיידעלע, אָבער דער הינטישער דייטש האָט זי אויך דערשאָסן. — — —

*

צווישן די טראַנספּאָרטן, וואָס קומען יעדן טאָג און יעדע נאַכט, איז היינט אָנגעקומען אַ טראַנספּאָרט פּאָליאַקן פון אַ תּפיסה. די דייטשן זענען חושד, אַז עס געפינען זיך צווישן זיי יידן און זיי אָוועקגעזעצט פון דרויסן. מיר דערקענען איינצלנע יידן, וואַרפן זיך איבער מיט די בליקן און שווייגן. אפשר וועט זיי דאָך געלינגען צו פאַרבלייבן אַלס אַריער און אַזוי אַרום זיך ראַטעווען. די דייטשן זענען היינט מער צוגע־לאָזט. זיי דערלויבן אַפילו זיך דערנענטערן צו די דראָטן. איבערגעטוענע אין ציווילע קליידונג, שפּאַנירן זיי נאָך אונדזער יעדע באַוועגונג, אַפּוואַרטנדיק, אַז עס זאָל זיך ווער אָפּרופן מיט אַ וואָרט, משה, אָדער בערל! און דאַן וועלן זיי אָנהייבן צו ווילדעווען.

נישט ווייט פון קרעמאַטאָריום שטייט, אויסגעשטעלט צו פינף, אַ גרופּע אויסגעדאַרטע, איינגעשרומפּענע מענער. זייערע פּנימער, הענט און פיס און זייערע מלבושים האָבן דעם זעלבן קאָליר — אַ גלאַנציקן קופּער־קאָליר. דאָס זענען אונדזערע מענער פון זאַגלעמביע. זיי קומען פון דער אַמוניציע־פאַבריק. איך קוק זיך איין פון ווייטן און דערקען, יאָ, איך דערקען פיל פון זיי. אָט איז קופּערבערג פון דער גילזן־פאַבריק, ראַבינאָוויטש, פרידבערג און נאָך אַנדערע, אונדזערע מענער, „מוזול־מענער“.

זיי וואַרטן. די טויערן פון גאַז־קאַמער זענען נאָך געשלאָסן...

— — — — — — — — — — —

— יוזעק! — שרייט אַריבער יאַנינקע צום קרעמאַטאָריום — אַ טי מניע ספּאַליש? (און דו ווערסט מיך פאַרברענען?)

דאָס יונגע מיידל איז כמעט אויף זיינע הענט אויפגעציגן געוואָרן. יוסף גאָלדבערג, דער געוועזענער פּועלי־ציון־טוער, איצט אַן אַרבעטער אין קרעמאַטאָריום. ער שטייט אַ שטומער. ער פאַרלייגט ביידע הענט אויף דער ברוסט, וואַרפט מיטן קאָפּ אין אַלע זייטן, ווי ער וואָלט עמעצן געזוכט. וואָס זוכט ער, יוסף? צי זוכט ער אַן ענטפער אויף דער פראַגע? אָדער זוכט ער אַ באַשייד אויף זיין אייגן לעבן, זיין אייגענעם גורל? —

625 יונגע געזונטע מענער פון דער זאָנדער־קאָמאַנדאָ זענען היינט אַריבערגעפירט געוואָרן אין דער „זאונע" און צוגעגרייט געוואָרן צום טראַנספּאָרט. מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און שווערע טריט גייען זיי, צו פינף, מיט דער לאַגער־שטראָסע צום טויער. זייער גורל איז אַ געחתמ־טער. נאָר נישט אַזוי לייכט וועלן זיי זיך לאָזן טרייבן אין גאַז־קאַמער. האָבן די דייטשן פאַר זיי צוגעטראַכט אַ נייעם ספּעקטאַקל, וואָס רופט זיך „טראַנספּאָרט"...

מען האָט זיי אַריינגעטריבן אין וואַגאָנעס. געהייסן האָט עס, אַז זיי גייען אין אַן אַנדער לאַגער. די וואַגאָנעס באַגאָסן און באַוואָרפן מיט קאַלך און דעם צוג אַוועקגעשטעלט אויף אַ זייטיקער באַן־ליניע, אַ הער־מעטיש פאַרשלאָסענעם.

צוויי טעג שפּעטער ברענגט מען זיי ווידער אין לאַגער, דאָס מאָל שוין טויטע, צום פאַרברענען — — —

ס'איז טיפע נאַכט. אַ פאַרכמאַרעטער הימל הענגט איבער די קוימענס פון אוישוויץ. אַרום איז שטיל. איך שטיי נעבן דעם נידעריקן דראָטענעם פּלויט פון קרעמאַטאָריום. דורך דער טונקלקייט זע איך צוויי הענט פון אַ בחור מיט פאַרקאַשערטע אַרבל. זיי נעמען אָן ביי די פיס אַ באַקעטע פאַרשטייפטע פרוי. איר קאָפּ איז צו דער ברוסט איינגעבויגן.

— אין אויוון אַריין! — שרייט אַ צווייטער מיט אַ באַפעלערישן

טאָן. מאָמענטאַל ליגט איר קאָפּ אין די פלאַמען. די שטייפע פיס ווערן נאָכגעשטופּט. אַ ווײַלע שפּעטער זע איך אין זײַנע הענט אַ יונג מיידל. ער האַלט איר שלאַנקן גוף. עס קוקן אים אָן אַ פּאָר פאַרגלייזטע, האַלב־אָפענע אויגן, מיט אַן אָפּגעגאָלטן קאָפּ. אַ שאָד יעדע האָר, האָר ווערט פאַרברויכט צו מאַטראַצן פאַר די דײַטשן. שנעל וואַרפט ער זי אין דעם בּרענענדיקן אויוון, און שוין האַלט ער ווידער אַ פאַרשטײַפטן גוף. דער אויוון ברענט און פאַרברענט יידישע לעבנס. רויטע פונקען קרײַזלען אין דער לופט, ווי זיי וואָלטן געווען ליכט־סיגנאַלן... צי גיבן זיי איבער דער וועלט וועגן די מערדערייען ? .. פון דעם גרויסן טראַנספּאָרט, וואָס איז די נאַכט געקומען פון אונגאַרן, איז פאַרבליבן אַ קליין ביסל גרויע אַש, וואָס טליעט אין דרויסן.

אַ גאַנץ קליינער טייל פון די יונגע מענער זענען דערווייל פאַרבליבן ביים לעבן. און אָט קומען זיי אַרויס פון דער זאַונע מיט פריש־געגאָלטע קעפּ. אָפּגעריסענע און באָרוועסע שטעלן זיי זיך אויס צו פינף.

ס׳איז נישט דאָס ערשט מאָל, וואָס איך זע עס. נאָר אַצינד ציטער איך נאָך מער אויף. איך דערמאָן זיך אין יאָסעלען און זעליגן. אָט זע איך זיי. זיי שטייען פאַר מײַנע אויגן. עלנטע, פאַרשטומטע. איך זע זיי אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט. איך וויל אויסשטרעקן די הענט צו זיי, כ׳וויל זיי אָנרירן, גלעטן. אין יעדן יינגל זע איך מײַן יאָסעלען. אין יעדן מאַן — מײַן זעליגן. איך זע זיי פאַרפּייניקטע, צעביילטע פון קלעפּ. איך האַלט אין מײַנע טריט און באַטראַכט די מענער.

כ׳בין זיכער, אַז קיינער האָט נישט באַמערקט מײַן „פאַרברעכן״. די דײַטשן זענען נאָך נישט געקומען און די נאַכט־וואַכע איז דאָך אין זאַונע. זיי דרעסירן און קאָמאַנדעווען איבער די ניי־אָנגעקומענע, גיבן זיי צו פילן דעם טעם אוישוויץ...

ווען דער אַפּעל איז שוין צוגעגרייט, מיר שטייען אין גלײַכע רייען, באַווײַזט זיך פּלוצעם דער אונטערשאַרפירער. ער בלײַבט שטיין פאַר דער ערשטער ריי, וואַרפט מיט די אויגן און זוכט, קייכט פון רציחה, ברענט. מיר גיט אַ זעץ אין האַרצן, יאָ, ער האָט מיך געזען מסתמא נעבן די מענער, ער זוכט מיך...

אָבער דאָ רופט ער גאָר אויס: — ווער פון אייך ס׳האָט ברויט געשמיסן צו די מענער — זאָל אַרויסקומען! — ער האַלט אין האַנט אַ ביסן ברויט און פרעגט, — ווער האָט דאָס ברויט געשמיסן?

— צום דאָנערוועטער! איר זאָלט זיך מעלדן! איך וועל געבן אַ קליינע שטראָף. אין קעגנפאַל וועל איך אַלע באַשטראָפן, דרעקיקע באַנדע!

קיינער רופט זיך נישט אָן.

— איר וועט אַלע דאָרט אַהינגיין, ווייזט ער אויפן רויטן ציגל־הייזל...

מיר קוקן דעם דייטש אין זיין רוצחישן פּרצוף און שווייגן.

די אויפזעערין אין גרויען ס.ס.־מונדיר לויפט אַרום, אויך זי ליאַרעמט: — איר זאָלט שוין אַרויסגעבן די, וואָס האָט דאָס ברויט געשמיסן. זי שרייט און שטשירעט אירע גרויסע ציין, ווי ביי אַ חיה. ס׳הויבט שוין אָן טאָגן. די פרויען פון אַנדערע באַראַקן זענען שוין לאַנג ביי דער אַרבעט. אַ לאַנגע ריי מאַשינען שטייען שוין גרייט אָנצולאָדעווען די סחורות, וועלכע ווערן דורך אונדזערע הענט אויסגעפּאַרטיקט. אָבער מיר, די גרופּע פרויען, שטייען אין דרויסן. וואָס וועט איצט זיין? מיר ציטערן פון שרעק. האָבן מיר נאָך כוח זיך צו שרעקן? פון דער ווייטנס קומט אָן דער הויפּטשאַרפירער אין באַגלייטונג פונעם שעף פון קרע־מאַטאָריום. פאַר די אויגן הייבט־אָן שווינדלען. אָט דאָס איז עס. מיר מוזן זיין גרייט צום לעצטן וועג. — — —

דער שעף פון קרעמאַטאָריום, אַ מגושמדיק צעוואַקסענער, מיט רויטע פעטע באַקן. אויף זיין אָרעם — אַ געל־גלאַנציקער באַנד מיט שוואַרצע אותיות „קאַפּאָ״. אָ, מיר קענען אים גוט... ער באַטראַכט די רייען, ס׳קומט פאַר צווישן זיי אַ שטילע קורצע באַראַטונג, דאַן שטעלן זיי זיך אַוועק פאַרן פראָנט פון די רייען, קוקן יעדן גלייך אין די אויגן. עס געדויערט מסתמא געציילטע מינוטן, אָבער פאַר אונדז ציט זיך עס ווי אַן אייביקייט.

ראַפּטעם פאַלט צו דער הויפּטשאַרפירער און הייבט אָן ציילן. ער ציילט און קלאַפּט אין די פּלייצעס מיטן שטעקעלע. ער ציילט אָפּ ביז

הונדערט. — סטאָפּ! — רופט ער אויס. ער טיילט אויס הונדערט פרויען פון דער גרופּע. צווישן זיי — איך און האַלושע.

— אויפּפּאַסן! — שרייט ער — איר דאַרפט אַלע באַשטראָפט ווערן. נאָר דאָס מאָל וועלן נאָר הונדערט פון אייך באַשטראָפט ווערן, די איבע־ריקע — לאָס, צו דער אַרבעט!

די מיידלעך פאַרלאָזן שנעל די לאַגער־שטראָסע. זיי איילן צו דער אַרבעט. מיר, די הונדערט פרויען, בלייבן שטיין.

ס׳איז שוין גרויסער טאָג, נאָר אין אונדזערע הערצער איז אַזוי פינצטער, טראַכטנדיק וועגן די געציילטע שעהען, וואָס זענען נאָך פאַר־בליבן צום לעבן.

אַ שטילקייט הערשט אַרום. מען הערט נאָר פון צייט צו צייט דאָס זידלען און שרייען פון דער אויפזעערין.

פון מיטן נאַכט שטייען מיר אין דרויסן. אַלע אברים ברעכן. ס׳איז אַרום 12 בייטאָג. עס ציט זיך אַראָפּצוזעצן, זיך אויסלייגן אויף דער ערד. פון ווייטן זעען מיר אַ קליינעם אויטאָ, וואָס דערנענטערט זיך און בלייבט שטיין. ס׳שפּרינגט אַרויס די דרעקסלערקע, אָנגעטאָן אין איר ס.ס.־מונדיר מיטן שיפל פאַררוקט אויפן קאָפּ, אויף וועלכן עס בלאַנקט דער האַקנקרייץ, און גלייך נאָך איר — אַ שווערע, דיקע אויפזעערין.

— וואָס איזט דען? — פרעגט זי פאַרוווּנדערט.

— איינע האָט ברויט געשמיסן צו די מענער — דערקלערט איר די אויפזעערין און דערפאַר גייען די אַלע צום קרעמאַטאָריום.

די דרעקסלערקע פאַרלייגט אירע הענט, באַטראַכט יעדע באַזונדער פון אַלע זייטן. ענדלעך זאָגט זי מיט אַ באַפעלערישן טאָן:

— זאָלן זיי דאָ שטיין בלייבן, ביז איך וועל צוריקקומען! — זי זעצט זיך אַריין אין אויטאָ און פאַרשווינדט.

ס׳האָט מיך באַהערשט אַ מאָדנע גלייכגילטיקייט. וואָס קאָן דען נאָך געשען? מיר זענען דאָך שוין פאַרמשפּטע. און אפשר, אפשר, פּיקט אויף אַ נייע האָפענונג, זאָל מעגלעך זיין, אַז גראָד די רוצחטע וועט אונדז העלפן? מיין גאַנץ וועזן ווערט אַרומגענומען מיט דעם געפיל. אָט די פּייניקערין, זי וועט עס אונדז ראַטעווען? נאַרישע אילוזיעס! זי איז

דאָך אַ חיה אין מענטשן־געשטאַלט, צענדליקער טויזנטער פרויען האָט זי שוין אָוועקגעשיקט אין גאַז אַריין. טאָ וואָס קען מען פון איר דער־וואַרטן? ס'איז דאָך אַן אומזין צו טראַכטן בלויז וועגן דעם.

דער טאָג איז שוין הינטער אונדז. ס'איז שוין פאַרנאַכט און מיר שטייען נאָך אַלץ אויפן זעלבן אָרט. דער קאָפּ איז שווער, די פיס האַלטן מער נישט אויס. פון דער ווייטן זעען מיר אָנקומען דעם הויפטשאַרפירער. ער גייט גלייך צו אונדז. ער שטייט שוין פאַר דער ערשטער ריי, ער הייבט אָן רעדן. פון אויפרעגונג און כעס קומען די ווערטער אַרויס שטאַמלענדיקע, נישט קלאָרע. ער זשעסטיקולירט מיט די לאַנגע הענט, שיט פעך און שוועבל אויף אונדזערע קעפּ. איך גיב זיך אָפּ אַ חשבון, אַז דאָס איז דער סוף. נאָר עפּעס איז זיין טאָן געוואָרן רויִקער, זיין רויט צעהיצטער פרצוף האָט באַקומען אַ בלאַסן קאָליר, און מיט אַ מילדערן טאָן רופט ער גאָר אויס:

— אויפפּאַסן! איך האָב באַשלאָסן אָפּצוואַרטן מיט אייער פאַר־ניכטונג. איך בייט איבער אייער שטראָף... אָבער ווי וועט אייך זיין, אויב דאָס וועט נאָך אַ מאָל פּאַסירן. דאָס מאָל באַקומט איר אַ מילדע שטראָף: 24 שעה קיין עסן און די האָר ווערן ביי אייך אָפּגעגאָלט. לאָזט אין דער זאַונע! — שרייט ער — די האָרע שניידן!

— אָפּטרעטן! — גיט אַ קאָמאַנדעווע די רוצחטע אין ס.ס.־מונדיר און מיר שטעלן די ערשטע טריט ווידער אין דער ריכטונג פון „לעבן".

— — — — — — — — — — — —

אין „זאַונע" ווילדעווען און איזדעקעווען זיך די רוצחים איבער די נאַקעטע פרויען פון דער טאָג־שיכט. „באַדען" הייסט דאָס ביי זיי. נישט זיי לאָזן אויסטאָן און נישט זיי לאָזן אָנטאָן זיך. אין איין רגע דאַרף דאָס אַלץ געשען. זיי שלאָגן און טרייבן. אין דעם מאָמענט פיל איך זיך גוט. כ'בין היינט נישט געווען ביי דער אַרבעט און דאַרף זיך איצט נישט באָדן.

פאַר דער זאַונע טרעפן מיר אַ גרופּע פון 50 מאַן, זיי קוקן אויס זייער גוט. פיין געקליידט, אַ סימן, אַז זיי זענען ערשט געקומען פון דער פריי. פאַרבייגייענדיק, דערהערן מיר אויף פויליש: „מיר זענען

פּאַרטיזאַנער. לעבן נאָך מענטשן אין אוישוויץ? אויב אַזוי איז דאָך פאַראַן אַ האָפענונג צו פאַרבלייבן לעבן". אַזוי גלויבן נאָך אָט די שטאָלצע בראַווע מענער אַ קורצע שעה פאַר זייער פאַרניכטונג. אין געציילטע מינוטן איז אָנגעלאָפן דער דייטש מיט אַן אויסגעשריי „וויטערמאַכן!" מיט אויפגעהויבענע קעפּ, מיט פעסטע טריט האָבן די פּאַרטיזאַנער געשפּרייזט מיטן וועג צום קרעמאַטאָריום, זינגענדיק אַ ליד.

יום כיפור 1944. מיר זיצן יעדע אויף איר פּלאַץ ביי דער אַרבעט. ס'באַווייזט זיך דער אונטערשאַרפירער. ער בלייבט שטיין ביים טויער פון אָפענעם באַראַק, קוקט זיך אַרום און פרעגט: — ווער פון אייך וויל אַ זעמל מיט וווּרשט? — און ווי צו רייצן זיך מיט אונדז, וויקלט ער פונאַנדער אַ פרישן זעמל, צעשניטן אויף צוויי העלפטן, אַדורכגעלייגט מיט רויטן וווּרשט. — ווער וויל דאָס? — פרעגט ער נאָך אַ מאָל. קיינער ענטפערט נישט.

— איך פאַרשטיי שוין — שרייט ער — איר ווילט נישט, ווייל היינט איז אַ פאַסט־טאָג! איר האָט מורא פאַר גאָט — צעלאַכט ער זיך הויך. ער שאָקלט זיך פון פרייד, זיין גרינער מונדיר טאַנצט. — אָבער ווו איז אייער גאָט? — ווערט ער ערנסט — איר האָט מורא, אַז ער וועט אייך באַשטראָפן? אויך דו ווילסט נישט? — ווענדט ער זיך צום ערשטן מיידל און גיט איר אַ קאָפּע מיטן שטיוול. פאַר גרויס פּחד שטרעקט זי אויס די האַנט צו נעמען דעם זעמל. אָבער דאָ באַקומט די אויסגעשטרעקטע האַנט אַ שמיץ מיט דער גומי.

— דו ווילסט יאָ עסן? — האָט ער זיך געחידושט — דו האָסט נישט קיין מורא, אַז דיין גאָט וועט דיך שטראָפן? — שרייט ער אַ באַנומענער, אַ ווילד־געוואָרענער. — פאַרדאַמטעס פאָלק! — דערלאַנגט ער איר אַ זעץ מיט דער גומי. ער וויקלט איין דעם זעמל, לייגט גלייכגילטיק אַריין אין קעשענע און גייט אַוועק.

נאָך דער נאַכט־שיכט. מיר ווילן שלאָפן. פּלוצעם אַ פייף: „אויפ־שטיין!" בלאָנקאָ מיט דער שטובנדינסט לויפן אַרום אין באַראַק, פייפן

און רופן: „שנעלער הערֿאוס!” אויסגעשטעלט אין גלייכע רייען, פירט מען אַלע צום גרויסן ליידיקן פּלאַץ, ווו די מענער באַקומען געווײנלעך זייערע שטראָפן. וואָס וועט דאָ פּאַרקומען? מיר וואַרטן. ס.ס.־לייט קאָמאַנדעווען, די אַרבעטער קלאַפּן צו די לעצטע ברעטער צו אַ באַוועגלעכער הילצערנער פּאָדלאָגע.

צו וואָס אַזאַ בינע? — שושקעט מען זיך אויפן אויער. ווערט דאָ צוגעטראַכט עפּעס אַ נייע שטראָף? סע דויערט נישט לאַנג און פון ווייטן באַמערקן מיר אַ גרויסן שוואַרצן פלעק, וואָס קומט נענטער. דער פלעק ווערט גרעסער און דייטלעכער און שוין זעען מיר אַ גרופּע מענער אין טונקעלע רעקלעך, געיאָגט פון באַוואָפנטע זעלנער. זיי בלייבן שטיין.

יעדער פון זיי האַלט אַ מוזיקאַלישן אינסטרומענט, — אַ פידל, אַ קלאַרנעט, אַ פּויק, מעשענע בלאָז־כלים, קליינע און גרויסע אינסטרומענטן.

— קענט איר שיינע מוזיק שפּילן? איר קינסטלער פון טערעזיענשטאָט — פרעגט אַ הויכער באַשטיוולטער אָפיציר.

— יאָוואָל! — ענטפערן זיי אין איין אָטעם, פאַרסאָפּעטע, פאַרשוויצטע פון שנעלן לויפן.

— דאַן שפּילט איין נויען שלאַגער צום טאַנצן.

באַלד דערהערן זיך טענער פון אַ שיינעם טאַנגאָ, וועלכן כ׳האָב אַ מאָל, אַ מאָל געהערט אויף דער פריי.

— אַלזאָ, גייט טאַנצן!

טאַנצן? מיר וועלן טאַנצן? וואָס פאַר אַ משוגעת? נאָר באַפעל איז באַפעל. אַן אָרקעסטער פון פערציק מאַן שפּילט און די מיידלעך פון בזשעזשינקע נעמען זיך אָן פאַר די הענט און טאַנצן. נאָר עפּעס דרייען זיך נישט די פיס. זענען די שיך צו גרויס, אָדער צעריסן?

— אָבער טאַנצט דאָך! דאָנערוועטער! — ווערן די דייטשן אין כעס, — ווער עס ווירד שיין טאַנצן בעקאָמט צולאַגע.

די מיידלעך טאַנצן, די ס.ס. זיצן אַרום דער בינע און פּלאַצן פון געלעכטער.

— ווער קען שיין זינגען זאָל אויפהייבן די האַנט! — רופט אַ צוויי־

טער דייטשער אָפיציר מיט רונדיקע פליישיקע באַקן — פאַר שיין זינגען באַקומט איר צולאַגע.

אַלע ווילן זינגען. ס׳הערן זיך לידלעך אין פאַרשידענע שפּראַכן: פּויליש, רוסיש, יידיש, פראַנצויזיש און שטאַרק נעמט אויס דאָס ליד „מאַמאַ״, געזונגען אין איטאַליעניש. לאה זינגט מיט אַ האַרציקער שטימע אַ ליד אין רוסיש.

עס געפינען זיך דאָ פּראָפעסיאָנעלע זינגערינס מיט גוטע געשולטע שטימען, זיי זינגען אַריעס און גאַנצע טיילן פון אָפּערעס. זינט יענעם טאָג איז יעדן דאָנערשטיק געבראַכט געוואָרן דער אָרקעסטער פון מענער־לאַגער, וואָס איז ערשט נישט לאַנג אָנגעקומען פון טערעזיענ־שטאַט, און ביי דער אָנוועזנהייט פון ס.ס.־מענער זענען מיר געצוווּנגען געווען אָנטיילצונעמען אין קאָנצערט. כאָטש מיר פאַלן פון מידקייט, נאָך דער נאַכט־שיכט, אָבער דאָנערשטיק שלאָפט מען נישט, אַזוי האָבן באַשלאָסן די דייטשן.

יעדע נאַכט הערט מען אין לאַגער אַן אָפּקלאַנג פון שטילע האַמער־קלעפּ. ווי מיר דערוויסן זיך, ווערן עס אינסטאַלירט עלעקטרישע מינעס אין דער ערד. דער פּלאַן איז: אויב דער שונא וועט זיך דערנענטערן, וועט דער גאַנצער לאַגער, צוזאַמען מיט די העפטלינגס, אויפגעריסן ווערן.

אין דרויסן איז אַ געררויש. טויזנטער מענטשן פילן אָן די לאַגער־שטראַסע. ס׳איז אָנגעקומען אַ טראַנספּאָרט פון לאָדזש. איך ווער אויפגע־רודערט. אפשר געפינט זיך אין דעם טראַנספּאָרט ווער פון מיין שוואָ־גערס קינדער? מיין שוואָגער אברהמטשע, אָדער זיין פרוי דאָכע? איך דערמאָן זיך אין דער טעלעגראַמע, וואָס מיר האָבן פון זיי באַקומען פון לאָדזשער געטאָ: „מיר גייען אויס פאַר הונגער און קעלט. ראַטעוועט, שיקט אַרויס עסן און קוילן״. איך געדענק, ווי כ׳האָב דעמאָלט געוואָגט אַריינצוגיין צום דייטשן פּאָסט־שעף און געבעטן אַ דערלויבעניש אַרויס־צושיקן עפּעס.

— פאַר יידן איז נישט דערלויבט — איז געווען זיין ענטפער. נאָך גרויסער מי איז מיר דערלויבט געוואָרן אַרויסצושיקן אַ קאַסטן קוילן.

זאָל עמעצער פון זיי זיך געפינען אין דעם טראַנספּאָרט? דורך אַ

שפּאַרע פונעם דראָטענעם פּאַרקאַן, וועלכער איז שטענדיק פאַרהאָנגען מיט זעק רוף איך שטילערהייט: שוואַרץ, שוואַרץ! די מענטשן לויפן דערשראָקן און ווילד. נישט זיי הערן מיך, נישט זיי ענטפערן. ווי אַ סטאַדע שאָף לויפן זיי, שטופּנדיק איינער דעם אַנדערן. דער קליינער פּראָצענט יוגנטלעכע, וועלכע זענען נאָך דער סעלעקציע געקומען אין לאַגער אַריין, זענען אין עטלעכע טעג שפּעטער אַרויסגעשיקט געוואָרן אין פאַרשידענע אַרבעט־לאַגערן. דער יודנעלטעסטער פון לאָדזשער געטאָ, רומקאָווסקי, איז צוזאַמען מיט זיינע נאָענטסטע אין אַ ספּעציעלן אויטאָ אָפּגעפירט געוואָרן אין גאַז־קאַמער. די יינגלעך פון דער זאָנדער־קאָמאַנ־דאָ האָבן אים אָפּגעוואַרט און געמאַכט אים אַ „געהויבענעם" קבלת־פּנים, באַגלייט מיט גרויליקע וויצן און גלייכווערטלעך. אים אויפגעזונגען דאָס לידל:

> אָט דאָס איז דער חיים,
> פון בית־החיים,
> וואָס גיט צו עסן
> ברויט מיט קלייען...

צוזאַמען מיטן טראַנספּאָרט יידן איז פון לאָדזשער געטאָ אָנגעקומען אַ גרויסער שניידער־שאָפּ, הונדערטער ניי־מאַשינען, באַלן שטאָף אויף אָנצוגן, ווייסע לייוונטן און סחורות פאַר מיליטער־אוניפאָרמען.

ווידער זענען מירביידע צוגעטיילט געוואָרן צום געשיר־הויפן. ס׳זענען שוין אַוועק די וואַרעמע זומער־טעג. דער האַרבסט האָט אָנגע־הויבן ווייען. ס׳בלאָזט און רייסט אַ ווינט און ס׳שמייסט אַ דראָבנער רעגן אין פּנים אַריין. און גראָד איצט איז אונדז אויסגעקומען צו אַרבעטן אונטערן פרייען הימל. דאָס געשיר געפינט זיך אויף אַ גרויסן ליידיקן פּלאַץ. מען דאַרף וואַשן און סאָרטירן. אין קליינעם הילצערנעםביידל זיצט מאָריס דער פאָראַרבעטער, אַן איטאַליענישער בחור אין די דרייסי־קער יאָרן. ער פירט אָן מיט דער אַרבעט. ס׳ווערן סאָרטירט טעלער פון פאַרשידענע מינים און גרייסן. פאַראַן בלעכענע, גלעזערנע, פאָרצעלייענע און אַלומיניום־טעלער. שיסעלעך פאַר קינדער, גלעזער און טעפּלעך פון

פאַרשידענע גרייסן און סאָרטן, לעפל, גאָפל, מעסער, וואַסער־פלאַשן צום אָנהענגען אויפן אַקסל, טערמאָס־פלאַשן, וואש־שיסלען, נאַכט־טעפּלעך, ספּירט־מאַשינדלעך צום קאָכן, פאַרשידענע טעפּ. פרויען האָבן געזאָרגט ס׳זאָל זיין אין וואָס צו קאָכן, מיטגעבראַכט טעפּ מיט רייסטעל (איינברען), פלאַשן געגדזן־שמאַלץ, פלאַשן אויסגעקאָכטע פּוטער. דאָס אַלץ געהער, נאַטירלעך, צום פּרעס־באַראַק. דאָרט אַהין מוז מען אַלץ אָפּגעבן.

די אונגאַרישע טראַנספּאָרטן ברענגען פיל עסן — האָט זיך אויס־געדריקט דער אונטערשאַרפירער אַ צופרידענער, ווען ער האָט באַ־טראַכט די טעפּ שמאַלץ און קאָנפיטורן. די פראַנצויזן ברענגען פּודער, פּאַרפיום און שמינקע.

ס׳איז שוין קאַלט. די נעגל שפּרינגען אָפּ פון קעלט ביי דער אַרבעט. מיר טראָגן פון דער זאונע עמערס וואַסער צום וואַשן דאָס געשיר. אָבער ס׳ווערט גיך אָפּגעקילט. און דאָך זענען מיר דאָ צופרידן. מאָריס דער־לויבט עפּעס אָפּקאָכן ביי זיך איןביידל. אויף שטיקלעך ליכט, איינגע־וויקלט אין שמאַטקעלעך, קאָך איך אַ טאָפּ וואַסער מיט רייסטעל. מאָריס היט ביי דער טיר, צי ס׳גייט נישט ווער. מיר עסן זאַלבע דריט. אין דער זאַונע זענען מיר געוואָרן אייגענע. מיר גייען אַריין און אַרויס, זיצן דאָרט אַ ביסל, זיך צו דערוואַרעמען. מיר וויסן שוין אַפילו, ווו די יינגלעך, וואָס אַרבעטן אין דער זאַונע, באַהאַלטן זייערע „קניפּלעך״. אָט איז דער געלער אַרויף אויפן פענצטער־ברעטל און דראַפּעט זיך צום הויכן פענצטער. דאָרט, אויבן, אינעם ברוינעם פאַרהענגל האָט ער עפּעס באַהאַלטן. דאָ האָבן די אַלע גאָלד־שטיקלעך און בריליאַנטן אַ קנאַפּן ווערט. פאַר אַ בריליאַנטענעם רינג אָדער אַן אוירינגל באַקומט מען אַ ברויטל. מען דאַרף דאָס באַשטעלן ביים קאַפּאָ פון „שייס־קאָמאַנדאָ״. און שפּעטער, ווען ער קומט מיט זיינע מענטשן צו דער אַרבעט אויסצושעפּן פון דער לאַטרינע, ברענגט ער מיט די באַשטעלונג. ער קומט איין מאָל אין וואָך מיטן פערד־און־וואָגן און אונטער זיין געזעס האַלט ער די באַשטעלונג פאַרשטעקט. ווי נאָר מיר דערזעען אים אָנקומען אין דעם געשטרייפטן לאַגער־אָנצוג, גייען מיר גלייך צו דער טואַלעט, ווער עפּעס באַשטעלן און ווער — אָפּנעמען שוין דאָס פריער באַשטעלטע.

איינע היט זיך פאַר דער צווייטער. כאַטש יעדע ווייסט גאַנץ גוט פון דער צווייטערס „טראַנזאַקציעס״.

— איר זענט פריינדינס פון דער היים? — פרעגט מיך איין מאָל מאַריס, ווייזנדיק אויף האַלושען.

— ניין — זאָג איך — מיר האָבן זיך דאָ באַקענט. מיר זענען פון דעם זעלבן טראַנספּאָרט.

— יאָ, — זאָגט ער — דאָס זע איך פון אייערע נומערן. איר זענט זייער באַפריינדעט — ווי צוויי שוועסטערס.

— יאָ, מיר האָבן זיך ליב.

— אָבער דו ביסט אַ סך עלטער פון איר, נישט?

—מיט וויפל מיינסטו, מאַריס?

— איך מיין, אַז מיט אַ צען יאָר ביסטו עלטער.

— דו האָסט אַ גוטן בליק, מאַריס. מיט קנאַפּע צען יאָר בין איך טאַקע עלטער פון איר... אָבער מיר פאַרשטייען זיך זייער גוט.

היינט גיבן מיר אַרויס אַ לאַדונג שירעמס און שטעקנס, אויסגע־סאָרטירט און צונויפגעבונדן אין פּעקלעך. דער וועטער איז אַ טריבער, אַ רעגנדיקער. מיר טאַפּטשען אין דער בלאָטע און דערלאַנגען די פּעק־לעך צום אויטאָ. לעאָ איז אַרויס פון דעם אַנטקעגנאיבערדיקן פעלץ־באַראַק, ווו ער אַרבעט אַלס פאָראַרבעטער און ברומט צו מיר שטיל, פאַרבייגייענדיק, ווי נישט מיך מיינט ער:

— ווילסטו גיין צו דער אַרבעט אין שטאַב־געביידע קיין אוישוויץ? קאָן איך דיך איבערפירן דאָרט אַהין? אויב יאָ, גרייט צו הונדערט דאָלער.

— יאָ, כ׳וויל גיין — ברום איך אַזוי ווי ער און שאָקל צו מיטן קאָפּ. אָבער צוזאַמען מיט האַלושען, מיין חברטע, כ׳וויל גיין וואָס שנעלער. כ׳וויל זיין וואָס ווייטער פון קוימען. אפשר וועט דאָרט זיין לופט צום אָטעמען...

אויף צו מאָרגנס האָב איך אים דערלאַנגט אַ צעטעלע מיטביידנס נומערן און אַ בלעטל פון הונדערט דאָלער. נאָך איין הונדערטער איז מיר געבליבן, מיט אַ פלאַסטער צוגעקלעפּט צו דער זויל פון לינקן פוס. ער האָט דעם הונדערטער צוגענומען און מיך אָפּגענאַרט. ווי מיר האָבן

שפעטער זיך דערוווּסט, איז לעאָ שוין באַקאַנט געווען מיט זיינע שטיק און אָפּגענאַרט אויך אַנדערע.

אָקטאָבער 1944. אַ קאַלטער שטילער פרימאָרגן. אַ געוויינלעכער פרימאָרגן אין אוישוויץ.

אין די באַראַקן גייט אָן די אַרבעט. און פּלוצלונג — טראַך! טראַך!... אַן אויפרייס נישט ווייט פון באַראַק. מיר ווערן פאַרציטערט. ס'דאַכט זיך, אַז דער גאַנצער לאַגער פליט אין דער לופטן. פון צווישן די באַראַקן קומען אַרויס פאַרסאַפּעטע, צעשראָקענע מענער. זיי לויפן, ווילן געפינען אַן אָרט, ווו צו באַהאַלטן זיך. זיי לויפן אַריין אין די באַראַקן און לויפן גלייך צוריק. אומזיסט. נישטאָ וווּהין צו אַנטלויפן. ס.ס.־מענער מיט רעוואָלווערן אין די הענט יאָגן זיי נאָך מיט ווילדע קולות. ס'פליען קוילן אין דער לופטן. עס פייערט.

— שטיין בלייבן! — דערהערן זיך זייערע געשרייען, באַגלייט מיט אַ שיסעריי, אַ האָגל פון קוילן. איך זע ווי די יינגלעך פאַלן. אומעטום, וווּהין די אויגן גרייכן, ליגן דערהרגעטע.

— דו לעבסט נאָך? — לויפט צו אַ צעיושעטער ס.ס.־מאַן צו אַ יינגל, אַ באַגאָסענעם מיט בלוט — און קאָפּעט אים מיטן שטיוול.

— לעבסט נאָך, דו הונט?

אַן אַנדערער, אַן איינגעקאָרטשעטער, אויף אַלע פיר, האָט זיך איבערגעקערט, געבליבן ליגן נאָענט צום באַראַק. פון זיין פּנים רינט בלוט. זיינע אויגן קריכן אים אַרויס פון די לעכער. פון דער ווייטן דערזעען מיר פרישע רויך־קנוילן. ס'ברענט! דער צווייטער קרעמאַטאָריום ברענט. די סירענעס צעוואָיען זיך, פאַרשטאַרקן די מהומה. וואָס האָט פּאַסירט? אַן איבערקערעניש? אַן אויפשטאַנד אין קרעמאַטאָריום?

ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דערוווּסט, האָבן צוויי בענדינער מיידלעך, אַלאַ גערטנער און לאַלאַ איצקאָוויטש, צוזאַמען מיט נאָך צוויי מיידלעך, געקומענע פון מיידאַנעק, אַרויסגעגנבעט דינאַמיט און האַנט־גראַנאַטן פון דער אַמוניציע־פאַבריק „אוניאָן", ווו זיי אַרבעטן, און מיט דער הילף פון אַ מאַן, וואָס אַרבעט אין דער קאָנטראָל, איבערגעגעבן עס צו די מענער

פון זאָנדער־קאָמאַנדאָ, וועלכע האָבן צוגעגרייט דעם אויפשטאַנד אין קרעמאַטאָריום.

דאָס שטיקל אַרבעט האָט זיך איינגעגעבן. דער קוימען האָט אויפגע־ריסן, צעשמעטערט די פאַרבלוטיקטע ציגל פון דער טויט־פאַבריק. אָבער קיין איינציקער פון די מענער, וועלכע האָבן זיך געפונען ביי דער אַרבעט אין קרעמאַטאָריום איז נישט געבליבן לעבן. זייער יונג בלוט שלענגלט זיך אויף דער שוואַרצער פאַרשאָלטענער ערד פון אוישוויץ. די פיר העלדישע יידישע טעכטער זענען נאָך אומבאַשרייבלעכע פייניקונגען אומגעקומען. — יונגע יידישע העלדינס, אויסגעהויכט זייערע נשמות אויף דער תליה!

נאָכן אויפרייס פון קרעמאַטאָריום ווערן די אָפּגעברענטע ווענט איינ־געוואָרפן. מיט צוויי וואָכן שפּעטער איז דאָס דריטע קרעמאַטאָריום צענומען געוואָרן. די טראַנספּאָרטן האָבן זיך כמעט ווי אָפּגעשטעלט.

גאַנץ אָפט הערט מען דאָס רוישן פון עראָפּלאַנען. די ס.ס.־לייט קוקן אַרויף מיט בינאָקלען. פון זייער אויפרעגונג איז צו זען, אַז עפּעס קומט פאָר. די מענער, וואָס אַרבעטן אין פרעס־באַראַק ברענגען גוטע נייעס. די רוסן גייען פאָרויס פון מזרח, און די אַליאירטע — פון מערב. דאָס דייטשע מיליטער ליידט איין מפּלה נאָך דער אַנדערער. בליץ־שנעל ווערן די ידיעות צעטראָגן איבערן לאַגער און פילן אָן מיט פרישע האָפענונגען. אפשר וועט מען טאַקע איבערלעבן? אָבער מיר ציטערן־אויף: וועלן זיי דען איבערלאָזן אין אוישוויץ לעבעדיקע? ס'ווערט קלאָר פאַר יעדן איינעם, אַז מיטן דערנענטערן זיך פון סוף פון דער מלחמה, דערנענטערט זיך גלייכצייטיק דער סוף פון די אַלע, וואָס געפינען זיך הינטער די דראָטן.

אין דרויסן שטייט ווידער אויפן ליידיקן פּלאַץ אַ גרופּע מענער. ווונטש, דער ס.ס.־מאַן, קאָמאַנדעוועט מיט זיי: אויפשטיין! פאַלן! אַ שטראָף־ספּאָרט מוזן זיי אויספירן.

— וואָס מאַכסטו? — פאַרהאַלט גיזי זיין אויפגעהויבענע האַנט מיטן שטעקן. דערהערנדיק הינטער זיך איר שטימע, האַלט ער איין זיין צאָרן. ער דרייט זיך אויס צו איר מיט אַ שמייכל. און לאָזט אָפּ די מענער.

וועגן דער שיינער גיזי דערציילט מען זיך וווּנדער־געשיכטעס. אין איר האָט זיך פאַרליבט דער ס.ס.־מאַן וווּנטש, פון ערשטן בליק, גלייך נאָך איר אָנקומען צו דער אַרבעט אין באַקליידונגס־קאַמער. ער צערטלט זי, זאָרגט פאַר איר עסן און באַקוועמען לעבן. זי אַרבעט נישט שווער, שלאָפט אַליין אויף אַ באַזונדערער פּריטשע, מיט אַ קישעלע אונטערן קאָפּ, אַ ווייס ליילעך, צוגעדעקט מיט אַ וואַרעמער וואַטענער קאָלדרע. ער קומט צו איר אין בלאָק. קוקט אַרויף צום דריטן „שטאָק" ווי צו דער לבנה. דאָרט, אויבן, ליגט זיין ליבלינג, זיין גיזי. ער קאָן זיך נישט אָפּרייסן פון איר, איז פאַרשיכורט פון ליבע. גיזי זינגט סלאָוואַקישע און יידישע לידער, און ער, וווּנטש, חלומט וועגן דעם, אַז די מלחמה זאָל זיך פאַר־ענדיקן און ער זאָל זיך מיט גיזין פאַרבינדן אויף אייביק. וווּנטש גלייבט, איז איבערצייגט, אַז גיזי ליבט אים אויך, אַזוי ווי ער זי. און נישט איין מאָל קען זי אים אָפּהאַלטן פון שלאָגן און פייניקן יידן.

אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט פאַרדינט דאָס דייטשע „ראָסן־שאַנדע"־געזעץ, וואָס האָט אָפּגעהיט דעם כבוד פון דער יידישער טאָכטער אין אוישוויץ. מיר האָבן זיך אין דעם פּרט געפילט זיכער און זיך פריי באַוועגט אַפילו אין מיטן דער נאַכט.

אין טונקל־באַלויכטענעם באַראַק, ביי דער נאַכט־שיכט, באַווייזט זיך אַ קאָמיסיע פון דייטשע אָפיצירן.

— אַנטרעטן! שנעל אַנטרעטן! — ווערט אַ געפילדער.

אַלע שטעלן זיך אין דער ריי. די קאָמיסיע באַטראַכט אַלעמען און ס'ווערן פון אונדז אויסגעקליבן 28 פרויען. צווישן זיי — אויך איך און האַלושע. די נומערן ווערן פאַרשריבן. דער באַפעל לויטעט: — מאָרגן זיך מעלדן צום טראַנספּאָרט אין דער זאַונע. דאָס זעלבע פאַסירט אויך אין אַנדערע באַראַקן.

ווידער אַ צאַפּלעניש צווישן לעבן און טויט. וואָס זאָל דאָס באַדייטן? האָבן זיי אויסגעפונען אַ נייעם וועג, אַ נייעם פאַרניכטונגס־פּלאַן? צי וועלן זיי מיט אונדז מאַכן דאָס זעלבע, וואָס זיי האָבן געטאָן מיט די 625 מענער פון דער זאָנדער־קאָמאַנדאָ?

די 300 פאַרשריבענע פרויען זענען דערשלאָגן. ס׳איז שוין נישטאָ קיין כוח מער צו קלאָגן אויף דעם גורל.

אין דער זאַונע. אַ גאַנצן טאָג און אַ האַלבע נאַכט דויערן די רעווי־זיעס. מען זוכט אין מויל און אין די אויערן און אַפילו אין די לײדיקע הענט. אפשר האָט עמעצער פאַרשטעקט עפּעס הינטער דער הויט... יעדע פּאָר מינוט גייען פאַרביי די רייען אַנדערע אָנפירער. זיי זוכן פון דאָס נײַ און טרייסלען דורך די איינציקע שמאַטע, וואָס פאַרדעקט דעם קערפּער. ס׳איז אין מיטן דער נאַכט. אַ פּראַסטיקער וועטער. ס׳שווידערט אין די ביינער. מידע און אויסגעמאַטערטע פאַלן מיר אַוועק אויף דעם שטיינערנעם דיל, צו וועלכן מיר ווערן צוגעפרוירן, וואַרטנדיק אויף דעם טראַנספּאָרט.

— ווי לאַנג זענען מיר אין בזשעזשינקע, האַלושע?

— מיר האָבן דאָ איבערגעלעבט אַ זומער, און איצט איז שוין ווינ־טער.

אַזוי טראַכטנדיק דערהערן מיר פּלוצלונג אַ גערויש און אַ האַסטיק קלאַפּן אין די פענצטער. אַ פאַרשוויצטער שליח קלאַפּט און רופט:

— אויפשטיין! זייט גרייט!

אין זאַונע ווערט ליכטיק. די מענער, וואָס אַרבעטן דאָ, לויפן אַהין און צוריק, — טראַנספּאָרט! — שרייען זיי — טראַנספּאָרט! מיט האַלב פאַרשלאָפענע אויגן פרעגן מיר: — ווען גייט אָפּ דער טראַנספּאָרט? קיינער ווייסט אָבער נישט וואָס צו ענטפערן.

באַלד קומט צו לויפן, אַ צעטומלטער, דער הויפּטשאַרפירער און ליאַרעמט: — דאַנערוועטער! — ער ווישט דעם שוויס פון שטערן מיטן טאַשנטיכל, פּאַכעט מיטן היטל, הוסט אָפּ. און אָט שטעלט ער זיך אַוועק נעבן אונדז און הייבט אָן רעדן:

— מיידלס! — רופט ער אויס (צום ערשטן מאָל, ווי מיר הערן דאָס וואָרט „מיידלס") — ווילט איר גיין מיטן טראַנספּאָרט? אָדער ווילט איר דאָ פאַרבלייבן?

גלייך ווי מיר וואָלטן געהאַט אין דעם עפּעס וואָס צו זאָגן...

קיינער ענטפערט נישט. זיכער אַ פריש ספּעקטאַקל.

— אויב איר ווילט דאָ פאַרבלייבן? — רופט ער ווייטער אויס — דאַן לאָס, אין די באַראַקן!

שנעל פאַרלאָזן מיר די זאַונע און לויפן אין די באַראַקן, צו דער אַר־בעט.

אָבער וואָס איז דאָ פאַרגעקומען? די באַראַקן זענען ליידיק. קיינער אַרבעט נישט. אַלע געפינען זיך אין דרויסן. ס׳קאָכט ווי אין אַ קעסל. די מיידלעך לויפן מיט פעק אויף די פּלייצעס, אין די הענט ליידיקע וואַלי־זעס אויף וועלכע עס זענען אָנגעקלעפּט אַדרעסן פון פאַרשידענע לענדער. ס.ס.־מענער שרייען, יאָגן, — לאָס, לאָס, שנעלער! טעמפּאָ! רירט אייך! — אַלע לויפן, איילן זיך, טראָגן דעם געפּעק צום שייטערהויפן, וווּ פייערצונגען פאַרצערן עס באַלד. עס ווערט פאַרברענט יעדער סימן, וואָס קען אַ מאָל אָנווייזן פון וואַנען די מענטשן זענען אַהער געקומען. די אַרבעט ברענט. מיר ווערן געיאָגט און געטריבן, וואָס שנעלער אַוועקצו־טראָגן אַלץ צום פייער.

אין לאַגער איז אַן איבערקערעניש. פון אומעטום דערטראָגן זיך קרעכצן. ווער ווייסט, וואָס עס דערוואַרט אונדז איצט. מען רעדט וועגן טראַנספּאָרט, וועגן אויפרייסן דעם לאַגער. זאָלן דאָס טאַקע זיין די לעצטע שעהען?

# ארויס פון אוישוויץ

ס׳איז דער 18טער יאַנואַר 1945. אַ היסטאָרישער טאָג אין אונדזער לעבן הינטער די דראָטן פון אוישוויץ.

ווידער אַ געפּיפּעריי און אַ באַפעל: — אַנטרעטן! טראַנספּאָרט!

אָבער עפּעס איז אומפאַרשטענדלעך. די מאַגאַזינען פון באַקליידונג זענען אָפן, אַלע טוען זיך אָן די בעסטע זאַכן. מאַנטלען, שיך. איך און האַלושע זענען אַריין אין באַראַק, אָנגעטאָן זיך אין וואַרעמע הויזן און פעלצלעך, וואַלענע קאַפּ־טיכלעך, אַ וואַלענע דעק איבער די אַקסלען. אַ בלעכן פלעשל וואַסער אָנגעהאָנגען ביי דער זייט... מיר שטעלן זיך אין דער ריי, צוזאַמען מיט מיין קוזינע מאַניע און איר טאָכטער האַלינקאַ.

— מאַניע, — זאָג איך צו איר — ווו דער גורל וועט אונדז אויך ס׳ניי פאַרוואַרפן, זאָלן מיר זיך האַלטן צוזאַמען. זאָלן אונדזערע קינדער נישט בלייבן אַליין, אויב מיר וועלן ערגעץ פאַלן.

ס׳איז שוין געוועזן פאַרנאַכט. דער טראַנספּאָרט הייבט אָן רירן פון אָרט. צו פינף אין דער ברייט גייען מיר אַדורך דעם טויער. דאָרט, ווו מען האָט זיך קיין מאָל נישט געטאָרט דערנענטערן. אָט געפינען מיר זיך שוין נעבן פערטן קרעמאַטאָריום, וועלכן מיר זעען איצט אַזוי דייט־לעך פון אַלע זייטן.

שטיל איז געוואָרן דער קרעמאַטאָריע־אויוון, לייך די גאַז־קאַמער. אַ קליין ביסל גרויע אַש ליגט צעשפּרייט אין קרעמאַטאָריע־הויף נעבן די דראָטן. דאָס טאָפּלטע לאַנגע שאַר־אייזן ליגט דערנעבן, אָוועקגע־וואָרפן.

אַש פון דיין משפחה. הייליקע אַש.

מיר גייען אַוועק. מיר וועלן אייך קיין מאָל נישט פאַרגעסן. אייערע שטויבעלעך וועלן מיר טראָגן טיף אין האַרצן...

*

מיר גייען אַוועק. די אויגן בלאָנדזשען אַרום. אַלע טויערן שטייען אָפן. די טויערן פון גיהנום האָבן זיך געעפנט און לאָזן דיך פּלוצעם אַרויס אַ לעבעדיקע. די בלאָקן זענען ליידיק. אַלץ שטראָמט צום טויער, אַלץ גייט אַרויס, אַרויס, אַזוי ווי די יידן פון מצרים.

דער הויפּט־שאָסיי איז געבליבן הינטער אונדז און די קוימענס און די דראָטענע ווענט, געלאָדענע מיט עלעקטרישן שטראָם, און די קופּעס אַש...

מיר גייען פאַרויס, טראָגן מיט זיך דעם ווייטיק, דעם אוישוויצער פּחד אין דער נשמה און אין גוף. מאַרשירנדיק איבער די לאַגערן, באַהערשט דיך אַ טרויער ביים דערמאָנען זיך, וויפל מיליאָנען מענטשן ט'זענען דאָ אומגעקומען! וויפל פון דיינע נאָענטע האָבן דאָ זייערע נשמות אויסגעהויכט! ווי גרויס איז דער נס: מיר גייען פאַרביי די טויטן־פאַבריקלעך, מען פירט אונדז נישט אַריין, נאָר אַרויס. זאָל דאָס טאַקע אמת זיין ?! מעגלעך זיין ? מען פירט אונדז אַרויס פון אוישוויץ ? דער לאַגער איז אונטערמינירט, יעדע רגע קאָן אַלץ אויפרייסן, פליען אין דער לופטן, און ווער ווייסט, אפשר וועלן זיי דאָס טאָן אין דער לעצטער רגע ? עמעצער האָט אָנגעהויבן — צי פון איבעראַשונג, צי פון צעטומלונג — זינגען די דייטשע לידלעך, מיט וועלכע מיר פלעגן גיין צו דער אַרבעט. טרערן פון ווייטיק און פרייד גיסן זיך פון די אויגן. איז דאָס אַ חלום אָדער ווירקלעכקייט ?

פון בזשעזשינקי גייען מיר פאַרביי אַנדערע לאַגערן, וואָס זענען שוין אויסגעליידיקט. די מענטשן זענען נאָך פריער אַוועק. מיר זענען די לעצטע. אין אַלע לאַגערן ברענען פייערן. די ס.ס.־לייט איילן זיך, וואַרפן אַריין אין פייער די קאַרטאָטעקעס און אַלע אַנדערע דאָקומענטן, וואָס קענען דערציילן דער וועלט וועגן זייערע פאַרברעכנס.

די רייען האָבן זיך פאַרגרעסערט. אַ גרויסע צאָל פרויען פון אַ צווייטן לאַגער האָט זיך אָנגעשלאָסן. אונדזער צאָל דערגרייכט ביז צען טויזנט.

— לויפן! — הערן מיר די גוט־באַקאַנטע געשרייען פון די ס.ס., וועלכע רינגלען אַרום דעם טראַנספּאָרט. די געשרייען ווערן אויסגעמישט מיט זייערע שיסערייען. אַלע לויפן, מורא האָבנדיק, נישט צו באַקומען קיין קויל. דאָס לויפן געדויערט אַ גאַנצע נאַכט.

ס׳איז שוין גרויסער טאָג. ענדלעך דערהערט זיך דער באַפעל:

— צען מינוט רוען!

מידע פאַלן מיר אַוועק אין טיפן שניי. נאָר באַלד קומט ווידער דער רוף: — אויפשטיין! ווייטער מאַכען! — ווידער הייבט זיך אָן אַ געלויף. אַלע איילן זיך, כדי נישט צו בלייבן הינטערשטעליק. ס׳הערט זיך אַ כסדרדיקע שיסעריי. מיר לויפן אין איין אָטעם, איינגעהילט אין די קאָצן. די קניען ברעכן זיך פון מידקייט, אָבער זיי יאָגן, ווער עס בלייבט הינטערשטעליק, ווערט דערשאָסן.

נאָך האַלבער נאַכט זענען מיר אָנגעקומען קיין פּלעס. די שטאָט איז איינגעהילט אין פינצטערניש. די איינוווינער פאַרזונקען מסתמא אין אַ טיפן שלאָף. דאָ האָט זיך אָפּגעשטעלט דער מאַרש. מיר ווערן סאָרטירט יעדער לויט זיין לאַגער. פון דעם אַפּעל און איבערציילן, דערוויסן מיר זיך, אַז זיבעציק טויזנט העפטלינגס זענען אַרויס פון אוישוויץ.

שטייענדיק אַזוי פאַרטראַכט, באַמערק איך אַן אָנווייז־טאָוול, וואָס ווייזט, אַז ס׳איז 18 קילאָמעטער פון קאַטאָוויץ. מיין האַרץ ווערט אויפגעברויזט. ווי ווייט בין איך בסך הכל פון דער היים? אין מיין מוח טויכט אויף אַ געדאַנק: אַנטלויפן. אויסבאַהאַלטן זיך ערגעץ אין אַ טויער, ביז דער טראַנספּאָרט וועט אַוועק און דאַן מאַכן אַ פּרוּוו צו ציען אַהיים. איך פאַרטרוי עס האַלושען, אָבער זי וויל נישט הערן דערפון. און... מיר שלעפּן זיך ווייטער. אויסגעסאָרטירט יעדע לויט איר לאַגער, זענען מיר ווידער אַרויס אויפן שאָסיי.

אַרום איז אַ ליידיקע בלענדנדיקע ווייסקייט, מען זעט נישט קיין לעבעדיקן נפש, דער הימל ווייס, די פעלדער ווייס, דער שוואַרצער אַס־

פאַלט־וועג, ווי צוגעדעקט מיט ווייסן פוך, נאָר די פוסטריט לאָזן איבער סימנים אין דעם פוך. קליינע, דראָבנע טריט פון פרויען־שיך, גרויסע טריט פון זעלנער־ישע שטיוול. אין דער לענג און אין דער ברייט אַ שטילע ווייסע פוסטקייט. מיר געפינען זיך דאָ, ווי אין אַ מדבר, אין די הענט פון רוצחים. אַ לאַנגער געדיכטער מענטשנצוג גייט פאָרויס, צו צוויי און צו דריי געאָרעמט, איינער שלעפּט דעם אַנדערן: קום, בלייב נישט הינ־טערשטעליק, דיין לעבן איז באַדראָט, ס׳פליען קוילן, קאָנען דיך טרעפן.

ס׳איז אַראָפּ אַ נעפּל, אַ גרויער, אַ פייכטער, ווי אַ נאַסע פאָרהאַנג פאַר דיינע אויגן...

פאַרטאָג, ערגעץ־ווו אין אַן אויבערשלעזיש דאָרף ווערט געמאָלדן איין שטונדע רו. מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט אין שניי, געגעסן פון דער שפּע, וואָס די נאַטור האָט אונדז באַשאָנקען, געקוויקט און געזעטיקט זיך מיטן ווייסן שניי, אַזוי ווי מיטן „מן" אין דער מדבר.

דעם דריטן טאָג, ווי מיר געפינען זיך אין מאַרש און נישט באַוויזן צו עפענען די רוקזעק, כדי אַרויסצונעמען פון דאָרט דעם עסן. פאַרן מינדסטן פרווו אָפּצושטעלן זיך, ווערט מען דערשאָסן. מיר זענען אָנגע־קומען אין אַ דאָרף. פיל פון די פרויען האָבן זיך אַריינבאַקומען אין וואַ־רעמען פערד־שטאַל אָדער מיט דער לייטער אַרויפגעדראַפּעט זיך צום בוידעם. מיר ביידע האָבן זיך אויך אַרויפבאַקומען אויף אַ בוידעם, אַוועק־געפאַלן אויפן שטרוי. אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די שיך, כדי אָפּצורוען די פיס. ווען מיר האָבן געוואָלט זיי צוריק אָנטאָן, איז דאָס שוין נישט געווען מעגלעך. די פיס זענען נאַס און געשוואָלן. די שיך זענען נאַס. אין שטרוי האָבן זיי אויפגעטייעט. אויך דאָס אָנטועכץ איז נאַס.

— הערצאָוס! — דערהערט זיך אַ געשריי. — הערצאָוס מיט דער שייסע! שנעל פאַרבינדן מיר די פיס מיט שמאַטעס. נעמען די שיך אויף דער פּלייצע און לויפן צום טראַנספּאָרט. מען הייבט אָן פון דאָס ניי צו מאַרשירן צווישן פעלד און וואַלד. דער פראָסט ברייט, ס׳פּנים פלאַמט. יעדער לויפט, ס׳איז אַ סכנה צו בלייבן הינטערשטעליק. די דייטשן, וואָס באַגלייטן דעם טראַנספּאָרט, שיסן אָן אויפהער. פון ביידע זייטן וועג ליגן טויטע איבערגעקערט אין די ריוועס. דער גלאַנציקער שניי איז

געפּאַרבט מיטן רויטן בלוט פון די הרוגים. ס׳ליגן מענער אין געשטרייפטע לאַגער־קליידער, אין שניי. ווייזט אויס, אַז אויך די מענער האָבן דאָ אַדורכ־געמאַרשירט.

לויפנדיק פאַרלירן מיר אַלץ פון זיך. דער רוקזאַק איז שוין כמעט ליידיק. אויך די פּיס דינען נישט מער. מיר בלייבן הינטערשטעליק, מיר מישן זיך אויס יעדעס מאָל מיט אַנדערע מענטשן. מאַניען און האַלינקען האָבן מיר שוין לאַנג פאַרלוירן.

— לויפן! — הערן זיך כסדרדיקע באַפעלן, באַגלייט מיט שאָסן און קלעפּ.

שוין דער פערטער טאָג ווי מיר ווערן אַזוי געטריבן. די זייטן ברעכן. ס׳דוכט זיך, אַז די אברים זענען ווי אָפּגעריסן. פּלוצלונג בלייבט אַלץ שטיין. שוין טרייבט מען ווידער צוריק. דער וועג איז פאַרשטעלט מיט מיליטער, מיר קענען נישט ווייטער גיין. וואָס זאָל דאָס באַדייטן? זענען די רוסן ערגעץ דאָ נישט ווייט? ביים ריקצוג ווערט נאָך אַ גרע־סערע סומאַטאָכע ווי פריער. די דייטשן ליאַרעמען. אַ בהלה. — דאָנער־וועטער! — שרייען זיי — לאַופען!

די קוילן פליען איבער די קעפּ. ווידער זענען מיר אָנגעקומען אין זעלבן דאָרף, פון וואַנען מיר זענען אַרויס פאַרטאָג.

איך פיל ווי מיינע כוחות גייען מיר אויס און לאַנג וועל איך שוין נישט אויסהאַלטן דעם מאַרש צו פוס. קיינער וועט אַפילו נישט וויסן, וווּ מיר זענען אַהינגעקומען. קיינער וועט זיך נישט פרעגן, נישט דערמאָנען, נישט לאָזן קיין טרער. — —

— לויפן! — דערהערט זיך אַ באַפעל. לויפן מיר, לויפן מיט די לעצטע כוחות. אָט איז אַ שילד, וואָס ווייזט דעם וועג קיין קאַטאָוויץ. אין גאַנצן 27 קילאָמעטער. לאָמיר זיך פאַרהאַלטן. אפשר קאָנען מיר זיך פון דאַנען אַוועקדרייען? די כוחות וואָלטן זיך אָפּגעפרישט. אָבער אומדערוואַרט האָט זיך אַלץ געענדערט. די וואַך האָט זיך געטווישט. ס׳האָבן איר איצט איבערגענומען אונגאַרישע עלטערע מענער. זיי טרייבן נישט אַזוי ווי די פריערדיקע דייטשן. מיר גייען לאַנגזאַמער. זיי דערלויבן אַפילו אָפּצושטעלן זיך און נעמען אַ ביסל וואַסער אָדער אַ שטיקל ברויט

ביי די דאָרפֿישע איינוווינער, וועלכע זענען אַרויס פֿון זייערע הייזקעס און שטייען אויפֿן וועג מיט ברויט און טעפּלעך וואַסער אין די הענט. די פֿויערטעס צלמען זיך און ווישן די טרערן. ווו זענען מיר? עפּעס זענען די בערג אַזוי קענטלעך. יאָ, איך דערקען שוין דאָס אָרט, מיר געפֿינען זיך אין יאַסטזשאָמב, דאָס דאָרף, ווו מיר פֿלעגן פֿאָרן זומער אויף דאַטשע און ווינטער אויף נאַרטן, די באַוווסטע בעסקידן־בערג. אַלץ צאַפּלט אויף אין מיר. ווען איז עס געווען? און איז עס בכלל געווען?..

די כוחות פֿאַרלאָזן מיך, כ׳קאָן מער קיין טריט נישט שטעלן.

— קום, — וויינט האַלושע — דו מוזסט זיך שטאַרקן, דו מוזסט לעבן, פֿאַר מיר, קום, שטיי נישט אָפּ! — מיט אירע לעצטע כוחות שטופּט זי מיך אונטער — לאָז מיך נישט אַליין, — בעט זי, — לאָז מיך נישט אַליין.

4 מעת־לעת געדויערט שוין דער מאַרש. מיר ווייסן נישט, ווי לאַנג דאָס דאַרף נאָך געדויערן, און בכלל ווו מען פֿירט אונדז. טויזנטער זענען שוין געפֿאַלן פֿון מידקייט אָדער דערשאָסן געוואָרן.

צוזאַמען מיט די אַוועקגעפֿאַלענע און דערשאָסענע וואַלגערן זיך אונ־דזערע זאַכן אויפֿן ווייסן שניי לענגאויס דעם וועג. מיר וואַרפֿן אַלץ אַוועק, אַז ס׳זאָל זיין לייכטער דאָס גיין. ווי אין אַ קאָשמאַר, קומען פֿאַר די אויגן פֿאַרשידענע בילדער. אָט גייט נעבן מיר אַ האָלענדישע פֿרוי מיט אַ פֿינף־יאָריק יינגל, וועלכן זי שלעפּט אויף אירע פּלייצעס. זי קומט פֿון עקספּערימענטן־בלאָק. זי האָט געהאַט דאָס גליק, אַז איר קינד זאָל בלייבן לעבן. ביים אָנקומען אין לאַגער האָט מען איר דאָס קינד נישט צוגענו־מען, ווי מען האָט דאָס געטאָן מיט אַלע אַנדערע יידישע קינדער. די רוצחים האָבן באַשלאָסן צו לאָזן איר דאָס קינד, אָבער דערפֿאַר זענען ביידע גענומען געוואָרן אין עקספּערימענטן־בלאָק, און די אומגליקלעכע מאַמע איז געצוווּנגען געוואָרן צו זען מיט אירע אייגענע אויגן די אַלע יסורים, וואָס דאָס קינד האָט טאָג־טעגלעך געמוזט אויסשטיין. איצט טראָגט זי דאָס יינגעלע צוגעטוליעט צו זיך און פֿילט זיך גליקלעך. זי איז אפֿשר די איינציקע מאַמע מיט אַ קינד אין גאַנצן טראַנספּאָרט.

פּלוצלונג פֿאַלט צו איר צו אַ דייטש און רייסט פֿון איר אַוועק דאָס

קינד. זי וויינט און ספּאַזמירט. זי בעט זיך: דערשיסט מיך! אָבער די מערדער האָבן אַ טבע צו דערשיסן דווקא די, וועלכע רייסן זיך צום לעבן. אַזעלכע טראַגישע און שוידערלעכע בילדער פון פּיין און יסורים, וואָס קאָנען דערפירן ביז שגעון זענען דאָך געווען לרוב.

אין מיטן נאַכט זענען מיר אָנגעקומען אין אַ דאָרף צו אַ רייכן גוטבאַ־זיצער. ס'האָבן זיך דאָרט געפונען ריזיקע שטאַלן מיט פערד און בהמות. גרויסע בוידעמער מיט שטרוי און — אַ סך דייטשע מיליטער. מיר ווילן נישט טראַכטן, צי דאָס איז אַ מיליטער־פּונקט. ס'ליגט נישט מער קיי־נעם אין זינען, וואָס עס וועט זיין ווייטער. ווי היישעריקן באַפאַלן מיר די בוידעמער מיט היי און שטרוי. יעדע איינע וויל זיך וואָס פריער געפי־נען אינעווייניק, זיך אָפּרוען און אָנוואַרעמען. נאָך דעם ביטערן דרויסן, מיט די לעצטע כוחות, ממש, קלעטערן מיר אַרויף אויפן בוידעם און, מער טויט ווי לעבעדיק, פאַלן מיר מאַכטלאָז אויף דעם שטרוי. אַ נאַסער שווייס באַגיסט דעם פאַרפרוירענעם קערפּער.

מיטן באַגינען זענען די פּאָסטנס אַרויס פון די פערד־שטאַלן און אָנגעהויבן פייפן און שרייען: — אַנטרעטן! צום טראַנספּאָרט! אַלעס הערויס!

דער פראָסט איז נאָך שטאַרקער ווי נעכטן, עס ברענט און בריט. איך זוך אַן אָרט, וווּהין צו אַנטלויפן, כאָטש איך ווייס, אַז דאָס וועט נישט געלינגען, ס'איז אַ זיכערער טויט. פון ווייטן באַמערק איך ווי פון אַ זייטיק הילצערןביידל האָט זיך געעפנט אַ טירל. כאַפּ איך אָן האַלושען ביי די הענט און מיר לויפן אין דער ריכטונג צום ביידל. דאָרט האָט זיך געפונען אַ גרופּע פּריווילעגירטע: בלאָקאָוועס, שטובאָוועס, שרייבערקעס און אַנד.

דערזעענדיק אונדז, הייבן זיי אָן ליאַרעמען: אַרויס! אַרויס! — אָבער מיר רייסן זיך אַריין טיפער אינעווייניק, פאַרשטופּן זיך אין אַ ווינקל און געפינען זיך ווי אין אַ לייבן־גרוב.

פון דרויסן דערגייט אַ געפילדער, די רייען פאַרגרעסערן זיך, די וואַכן פייפן און שרייען, רופנדיק צום טראַנספּאָרט. „זאָלן מיר גיין אָדער פאַרבלייבן?" — רעדן זיך איבער די בלאָקאָוועס.

— אויב עס וועט געלינגען, וועל איך פאַרבלייבן — רופט זיך אָפּ איינע פון געזינדל. אויב אַזוי — טראַכט איך — וועלן מיר אויך פאַרבלייבן. מיר וועלן פּרוּוון מזל.

ס׳איז שוין געוואָרן גרויסער טאָג, דורכן שמאָלן פענצטערל זעט מען ווי לאַנגע רייען רוקן זיך איבערן ווייסן פּראָסטיקן וועג. מיר טראַכטן, אַז וואָס ווייטער זיי וועלן זיין, אַלץ מער האָבן מיר האָפענונג דאָ צו בלייבן.

פּלוצעם רייסט זיך אויף דאָס טירל.

— וואָס, איר זענט נאָך דאָ? — שרייט אַ זעלנער — פאַרפלוכטע באַנדע! צום טראַנספּאָרט, אַנשליסן!

געיאָגט פון דער זעלנערישער ביקס, לויפן מיר די לעצטע איבערן ליידיקן ווייס־פאַרשנייטן פעלד צום שאָסיי, כדי אָנצושליסן זיך צום טראַנספּאָרט.

מיר זענען אַריינגעפאַלן צווישן קריסטן און פאָלקס־דייטשן. פאַרדריסט זיך די מעשה. שוין קוראַנטער געווען צו זיין צוזאַמען מיט יידן. צווישן אייגענע איז פּיַ־רט אַנדערש. מיר זענען אָפּגעגאַנגען עטלעכע קילאָמעטער. אַ בלאַסע זון קריכט אַרויס פון די וואָלקנס, אָבער זי איז נישט אימשטאַנד צו דערוואַרעמען די פאַרפרוירענע גלידער. דער פראָסט ווערט אַלץ שטאַרקער, די פיס שוואַכער. מיר גייען אָן אַ ציל. צי וועלן מיר ערגעץ אָנקומען לעבעדיקע? די געדאַנקען האַקן זיך איבער. פון דער ווייטנס דערזעען מיר אַ באַן־ליניע, און אַ לאַנגע ריי מיט ליידיקע אָפענע וואַגאָנעס. וואַרטן זיי טאַקע אויף אונדז?

— איינשטייגן! — הייבן אָן ווילדעווען די דייטשן. אַלע באַפאַלן די וואַגאָנעס, אַקוראַט, ווי דאָס וואָלט געווען אַ רעטונג. מיר לויפן אַרויס פון דער ריי אין דער ריכטונג, ווו ס׳געפינען זיך די יידן, כדי צו זיין צוזאַמען מיט זיי.

— איר לויפט אַוועק? — וווּנדערן זיך די קריסטן — איז אייך דען שלעכט צו זיין מיט אונדז? און אַ ביסל שפּעטער האָבן מיר זיך טאַקע איבערצייגט, אַז זיי זענען געווען גערעכט, און הלמאי וואָלטן מיר געבליבן מיט זיי.

צוזאַמען מיט נאָך 130 פרויען זענען מיר אַריין אין אַן אָפענעם וואַגאָן. אַ זעלנער רופט אויס:

— ווער ס׳האָט אַ פלעשל, קאָן נעמען וואַסער פון קראַן.

איך פיל אָן אונדזערע צוויי פלעשלעך מיט וואַסער. זאָל זיין כאָטש אַ ביסל וואַסער אויפן וועג.

לויפנדיק איבער די באַן־רעלסן באַמערק איך אַ קאָרב מיט ברויט, וועלכער ווערט געהיט דורך צוויי סאָלדאַטן. איך דערמאָן זיך ווי לאַנג מיר האָבן שוין נישט געגעסן. די זאַפט קומט מיר אין מויל אַריין. גע־וואַלד, אַ שטיקל ברויט! און נישט לאַנג טראַכטנדיק, שפּרינג איך דאָרט צו.

— אַ שטיקל ברויט! — בעט איך ביים דייטש. מיינע פאַרפרוירענע ליפּן קאָנען קוים אַרויסברענגען די עטלעכע ווערטער.

— מיר זענען שוין פיר טעג אָן עסן — זאָג איך. זיי קוקן מיך אָן מיט פאַרוווּנדערונג, פאַרשטייען נישט, ווייזט אויס, פון וואַנעט עס האָט זיך צו מיר גענומען אַזאַ חוצפּה?

— גיב איר אין ברויט — זאָגט איינער צום צווייטן, — זי איז אַ דויטשע.

מיט אַ ברויט אונטערן אָרעם און מיט צוויי פלעשלעך וואַסער לויף איך איבער די באַן־רעלסן. צו מיין גליק איז קיין גרענעץ נישטאָ, אַקוראַט, ווי כ׳וואָלט שוין אויסגעלייזט געוואָרן פון אַלע צרות. פון וויטן הער איך הינטער מיר פאַרצווייפלטע רופן: אַ שטיקל ברויט! פון אַ לאַנגער באַן מיט אָפענע וואַגאָנעס טראָגן זיך מענער־קולות צו מיר: ברויט! ברויט!

איך פאַרהאַלט זיך פאַרן מענער־טראַנספּאָרט און מיט פאַרפרוירענע פינגער רייס איך אָפּ שטיקלעך פון ברויט און וואַרף עס צו די מענער. הונדערטער הענט שטרעקן זיך אויס, אויפצוכאַפּן אַ קרישקע. עטלעכע מינוט שפּעטער בלייב איך שטיין אַ פאַרציטערטע. כ׳האָב אין גאַנצן פאַרגעסן אין זיך און מיין קינד. ס׳איז מיר נאָר פאַרבליבן אַ קליין שטיקל ברויט אין האַנט. אַ פאַרלוירענע, לויף איך צוריק צו די וואַגאָנעס.

נעבן מיר אין וואַגאָן שטייט אַ בלאָנדע פרוי מיט אַ געקרייזלטן קאָפּ

קורצע האָר, ווי אַ שעפּס. מען זאָגט, אַז דאָס איז די קאַפּאָ פון דער ווע־בעריי.

— פון וואַנען ביסטו? — פרעגט זי.

— פון בזשעזשינקע — זאָג איך.

— אַאַאַ, בזשעזשינקע! וואָס האָסטו דאָ? — רירט זי אָן מיין פּלעשל, וואָס איז געהאָנגען אויף מיינע אַקסלען. אירע קאַצן־אויגן גיבן אַ בליץ מיט אַן אונטערדריקטן שמייכל, אַ שמייכל, פאַר וועלכן כ׳האָב זיך דער־שראָקן. — נו, גיב אַ ביסל וואַסער. — אין עטלעכע מינוט אַרום דאָס זעלבע.

— אויב דו ווילסט זען — זאָגט זי — קען איך ביי דיר צונעמען דאָס גאַנצע פּלעשל מיטן וואַסער און דו וועסט מוזן שווייגן.

איך ווער פאַרציטערט. כ׳וואָלט גערן געוואָלט זיך אָפּרוקן פון דער „שכנה". ס׳איז אָבער אוממעגלעך. דער וואַגאָן איז אַזוי אָנגעפּראָפּט מיט מענטשן, אַז מען קען אַפילו קיין טריט נישט שטעלן און מיר מוזן שטיין צוגעפּרעסט איינע צו דער אַנדערער.

אין מיטן נאַכט איז געוואָרן אַ מהומה. די געוואַלדן רייסן אַלעמען אויף. וואָס איז געשען? די פיס האָבן מער נישט געקענט אויסהאַלטן די לאַסט פון קערפּער און ס׳איז איינע געפאַלן אויף דער צווייטער. די שטובאָוועס, וועלכע האָבן זיך געפונען אין וואַגאָן, האָבן אָנגעהויבן צו אַרבעטן מיט די הענט און שטעקנס, אויף זייער שטייגער. אויך דאָ אין וואַגאָן ווילן זיי באַווייזן זייער מאַכט, ווילן זיין שטאַרקע.

צום מערסטן איז „טעטיק" סטעלאַ, די שטובאָווע פון בלאָק 14, זי האָקט מיטן שטיוול איבער די קעפּ און מאַכט ווילדע קולות. זי זיצט אויף איר רוקזאַק, אָנגעלענט אויף דער וואַנט פון וואַגאָן, און ווער ס׳פאַלט אַרויף אויף איר, פילט דעם טעם פון איר האַרטן שטיוול. נעבן איר זיצט אויך אין דער זעלבער פּאָזע, מיטן שטיוול אין האַנט, אַ צווייטע שטובאָווע, ווידאָווסקאַ, פון קוואַראַנטאַננע־בלאָק, אויך איר טאָר קיינער נישט אָנרירן. ווער ס׳רירט זי נאָר אָן, באַקומט געשלאָגן מיט דעם בלע־כענעם לאַגער־טעפּל.

די באַן האָט זיך ראַפּטעם אָפּגעשטעלט אין מיטן פעלד. מיר געפינען

זיך נעבן לאַגער גראַסראָזן. אפשר וועלן מיר דאָ אויסשטייגן און אַרויס פונעם וואַגאָנען־גיהנום? אָבער דאָ דערוויסן מיר זיך, אַז אויך דער לאַגער איז געוואָרן עוואַקוירט, מען לאָזט נישט אַריין. און מיר פאָרן ווייטער. אין וואַגאָן הערן זיך קרעכצן, הילפרופן, עס איז אָבער נישט פאַראַן קיינער, וואָס זאָל קאָנען עפּעס העלפן. מען שטופט איינער דעם צווייטן, מען פאַלט אויף עמעצן, וואָס ליגט שוין מאַכטלאָז אויף דער מענטשן־קופּע.

כמעט אַלע, וואָס געפינען זיך אין וואַגאָן זענען אין אַ צושטאַנד פון באַוווּסטלאָזיקייט. קיין עסן באַקומט מען נישט, ס׳איז אַפילו נישטאָ קיין ביסל וואַסער.

מיר פאָרן צונויפגעפּרעסטע, טרעטן אויף טויטע און פאַרחלשטע. די באַן בלייבט ווידער שטיין, ס׳איז אין מיטן נאַכט. שטאַרקע רעפלעקטאָרן גיבן אַ בליץ פאַר די אויגן. פון דער באַן־סטאַציע הערט זיך אַ רוף: פראַנקפורט! מאָמענטאַל וואַרפט עמעצער אַרויף אַ ברילע שניי, און באַלד נאָך דעם — נאָך ברילעס.

גלייך ברעכט אויס אַ מלחמה אַרום די ברילעס. געלינגט ווען צו כאַפּן אַ פּיצל שניי, אָפּגעקרישלט פון דער ברילע, איז אָבער נישט פאַראַן קיין סעקונדע צייט דאָס צום מויל צוצוטראָגן — מען רייסט איינע פון דער אַנדערער. מען וויל זיך ראַטעווען, זיך אָנהאַלטן אין אַ צווייטער, כדי נישט צו פאַלן. ווער ס׳איז געפאַלן האָט שוין נישט געקענט מער אויפשטיין, ס׳איז נישט געווען, ווו דעם פוס אַוועקצושטעלן.

אַזוי קעמפט און ראַנגלט זיך אַ באַרג מענטשן, יעדער איינער פאַר זיין אייגן לעבן. די הילפרופן און מוראדיקע קולות האָבן בלויז אָפּגעהילכט מיט אַ ווידערקול אין דער ווייסער פוסטקייט.

אָבער וואָס איז מיט האַלושען? איך זע, זי פאַרוואַרפט דעם קאָפּ. איך פאַל צו צו איר, הייב איר אָן בלאָזן אין מויל, רייסן אירע צוזאַמענגעפּרעסטע ציין. אָבער זי ענטפערט נישט און... פאַלט. מיר דאַכט זיך, אַז דאָס קינד אָטעמט נישט מער.

אַז האַלושע האָט געעפנט די אויגן און אָנגעהויבן אָטעמען, האָב איך

זיך נאָך אַלץ געפונען אין אַ באַוווסטלאָזן צושטאַנד און נישט אויפגע־הערט רופן: יאָסעלע, דו לעבסט?!

— — — — — — — — — — —

נאָך אַ שרעקלעכער רייזע פון דריי טעג און פיר נעכט האָט די באַן זיך אָפּגעשטעלט און מיר האָבן באַקומען דעם באַפעל אויסצושטייגן!

מיט די לעצטע כוחות לאָזן מיר זיך אַראָפּ פונעם וואַגאָן, מיטשלע־פּנדיק מיט זיך 9 טויטע און פאַרוווּנדעטע. מיר דערפרישן זיך מיטן שניי און שלעפּן זיך ווייטער, אַ מאַרש, וועלכן מיר הייבן אָן פון דאָס ניי. צענדליקער ס.ס.־דייטשקעס באַגלייטן דעם טראַנספּאָרט. מיר הערן ווידער די עפּיטעטן „דרעקיקע באַנדע". מיר טאָפּטשען אין שניי עטלעכע קילאָ־מעטער און קומען אָן אין אַ לאַגער, וואָס איז אַרומגעמויערט מיט הויכע דיקע מויערן, ווי אַ פעסטונג. איבער דער מויער — פאַרצוימונגען פון עלעקטרישע דראָטן.

ס'עפנט זיך אַ גרויסער אייזערנער טויער, באַוואַכט מיט באַוואָפנטע דייטשן און מיר ווערן אַריינגעלאָזט אין לאַגער ראַווענסבּרוק. קיינער רעדט נישט קיין וואָרט. מיר פילן, ווי מען וואָלט אונדז געפירט צו דער שחיטה. אָבער מיר זענען שוין נישט פעיק צו רעאַגירן. רעזיגנירטע און גלייכגילטיקע, ווערן מיר שפּעטער אַריינגעטריבן אין דער פאַבריק פון „סימענס ווערקע".

ס'איז אַ פינצטערע נאַכט. דאָס איינציקע ליכט, וואָס קומט אַריין פון דרויסן, איז דער ווייסער שניי, וואָס ליגט ווי אַ בלאַנקענדיקער טע־פּעך אויסגעשפּרייט איבערן גאַנצן אַרום. מיט טאָג־אויפגאַנג זענען אָנ־געקומען צענדליקער אויפזעערינס.

מיר זענען שטאַרק באַוואַכט און געהיטן. קיין עסן און טרינקען באַ־קומען מיר נאָך אַלץ נישט. ערשט פאַרנאַכט ברענגט מען עטלעכע קליינע קעסלען מיט זופּ. דער וואָס האָט נאָך כוח און קאָן זיך דערשלאָגן, שטעלט זיך אַוועק אין דער ריי נעמען אַ ביסל זופּ. די שוואַכע און קראַנקע, וואָס קאָנען נישט שטיין אויף די פיס, באַקומען גאָרנישט.

ס'איז ווידער נאַכט. מען רופט צו „לאַגער־רוהע". אַלע מוזן איצט שלאָפן. נעבן מיר זיצט אַ יונגע פרוי. — אָ! דו האָסט אַ וואַרעם קאָפּ־

טיכל — זאָגט זי צו מיר אויף רוסיש. זי רייסט מיר אַראָפּ דאָס טיכל פון קאָפּ און טוט זיך עס אָן. — הוי! — זאָגט זי אַ צופרידענע — ס׳איז טאַקע וואַרעם. — איך שווייג. כ׳בין נישט פעיק צו רעאַגירן. מיר זיצן אויף דער פייכטער ערד פאַרחלשטע פון הונגער, פאַרציטערטע פון שרעק. קיינער וואַגט נישט צו עפענען דאָס מויל, ס׳הערט זיך נאָר דאָס שרייען און זידלען פון די דייטשע אויפזעערינס, וועלכע דרייען זיך דאָ אַרום, אָנגעטאָן אין וואָלענע לאַנגע פעלערינעס, אין איין האַנט אַ שטעקן, אין דער צווייטער אַ רעוואָלווער און דראָען מיט שיסן.

— רבונו של עולם! — הער איך אַ פאַרצווייפלטע שטימע נעבן מיר — מאַך שוין אַ סוף מיט אונדז, צי וועט דער סוף קיין מאָל נישט קומען?

אַ צווייטע קאָרטשעט זיך פון ווייטיק אויף דער ערד. זי איז קראַנק נאָך דעם ביטערן וועג. זי קלאַמערט זיך אין מיר און וויינט:

— מיר איז אַזוי שלעכט, ראַטעווע מיך.

כ׳האָב צונויפגעשאַרט אַ ביסל שניי פון נעבן דער טיר און איר דערלאַנגט.

— נאַ, נעם אַ ביסל שניי, וועסט זיך אויפפרישן.

— וואָס וועט זיין? — רעדט זי צו מיר — די דייטשן האָבן טאַקע רעכט געהאַט. זיי פלעגן זאָגן: „אין אוישוויץ קענט איר גוט שטערבן"...

איך דערמאָן זיך אין איינעם אַ האַרבסט־טאָג. נאָך דער נאַכט־שיכט בין איך אַרויס זוכן עפּעס צו עסן. עס איז מיר אָנטקעגנגעקומען אַ גרופּע פון עטלעכע הונדערט פרויען און קינדער. מען האָט זיי געפירט צום קרעמאַטאָריום. ווען איך בין צוריקגעגאַנגען, האָב איך געזען ווי אַ מאַן פאַרמאַכט מיטן אייזערנעם פרענט די לאַנגע צווייע האַלב־טירן פון דער גאַז־קאַמער. ס׳איז געווען שטיל. אויף די שפּיץ פינגער איז פאַרבייגעלאָפן אַ בלאָנדער קאָרפּולענטער מאַן אין אַ צעעפנטער דייטשער מיליטער־בלוזע. ער האָט זיך פאַרהאַלטן ביי איינעם פון די צוויי קליינע פענצטערלעך אין דער רעכטער זייט וואַנט פון דער גאַז־קאַמער. אַ ווײַלע האָט ער זיך איינגעהערט, דאַן פלינק אָן עפן געטאָן דאָס ערשטע פענצ־טערל, אַריינגעוואָרפן אַ קעסטעלע גאַז און שנעל פאַרקלאַפּט. ס׳האָט זיך

אויפגעהויבן אַ יאָמערלעכער געשריי פון קינדער און דערוואַקסענע. דער רוצח האָט אָנגעהויבן שפּרינגען, אַריינגעשטעקטביידע הענט אין די הויזן־קעשענעס, איינגעקאָרטשעט זיך אין צווייען און זיך געקאַטשעט פון געלעכטער. „אין אוישוויץ קענט איר גוט שטערבן" — האָט ער עטלעכע מאָל אויסגערופן. — — —

מיט רעש און געפּילדער ווערן פאַרנאַכט אַריינגעבראַכט עטלעכע קעסעלעך זופּ, וועלכע ווערן אַוועקגעשטעלט אין מיט דער גרויסער האַלע. די אויפזעערינס שטעלן זיך אַרום און באַוואַכן די קעסלען. די דייטשע בלאָקאָווע מאַריאַ באַקומט אַ גרויסן שעפּלעפּל צום אויסטיילן דאָס עסן.

— „מיטאָג האַלן!" — ווערט אַ געשריי.

אַלע ווערן פּלוצעם וואַכעדיק, שטייען אויף, ווי פון שלאָף און לויפן זיך אַוועקשטעלן אין דער ריי. עטלעכע באַקומען אַ ביסל זופּ. אָבער באַלד דערהערן זיך געוויינען און געשרייען. יעדעס טעפּעלע זופּ ווערט אַרויס־געגעבן מיט אַ פּאַרציע קלעפּ פון דער דייטשער בלאָק־עלטעסטער מאַריע, אָדער פון די אויפזעערינס. וואָס נענטער צום קעסל, אַלץ מער באַקומט מען געשלאָגן. און אָט איז אויסגעבראָכן אַ נייע מלחמה. איינע האָט באַקומען מיט דעם שעפּלעפּל גלייך אין פּנים אַריין. אַ פאַרבלוטיקטע איז זי אַוועק אין דער זייט און שוין פאַרגעסן אין דער זופּ, אַנדערע האָט מען אַרויסגעשטופּט פון דער ריי. ס'איז געוואָרן אַ סומאַטאָכע אַרום דעם קעסל. קלעפּ זענען געפלויגן פון אַלע זייטן. די ריי איז זיך צעפאַלן, אַלע זענען פאַרטריבן געוואָרן, די קעסלען האָט מען אַוועקגעטראָגן. אַ העלפט איז פאַרבליבן אָן עסן.

— קום, העלאַ! — רופט מיך האַלושע און נעמט מיך ביי דער האַנט. — ס'איז אַ סכנה צו זיצן מיט קראַנקע. מען זאָגט, אַז די קראַנקע וועלן דאָ פאַרבלייבן, און די געזונטע וועלן נאָך היינט אַוועקגיין פון דאַנעט.

אין אַ ווינקל פון דער גרויסער פאַרפולטער האַלע האָבן מיר קוים געפונען אַ שטיקל אָרט פאַר זיך. ס'איז נאַכט. די דייטשע אויפזעערינס זענען אַוועק. עס היטן איצט באַוואָפנטע פּאָסטנס מיט מאַשין־געווער.

פאַרטאָג האָבן זיך אָנגעהויבן די אַפּעלס. אין דרויסן, אין ברענענ־דיקן פראָסט, אַ גאַנצן טאָג, טרייבט מען אונדז אַרום. „אַרויס! אַריין!"

מען ציילט, מען קאָנטראָלירט און נאָך דריי טעג זיין אין דער פאַבריק „סימענס ווערקע״, פירט מען אַלע אַריבער אין באַראַקן און צעלטן.

דער צעלט מאַכט דעם איינדרוק פון אַן אַלטער צירק־אַרענע, — רונדיק, נידעריק, באַדעקט מיט אַ געלן ברעזענט און אין סאַמע מיטן אַ הויכער שפּיץ.

אין דעם צעלט זענען אַריינגעפּרעסט געוואָרן אַרום צוויי טויזנט פרויען. אין מיטן פון צעלט געפינען זיך צענדליקער דריי־שטאָקיקע לאַגער־בעטלעך, אָבער כמעט קיין איינציקס איז נישט צו באַנוצן, ליידיקע שקעלעטן אָן ברעטלעך. אַרום די בעטלעך קאַלוזשעס וואַסער, ביים אַריינגאַנג אין צעלט אַ טיפע קלעפּיקע בלאָטע, וואָס טריקנט קיין מאָל נישט אויס.

פאַרנאַכט ווערט גערופן „לאַגער־רוהע״, „שלאָפן גיין״. אַלע מוזן איצט שלאָפן. אָבער ווו זאָל מען זיך אַהינטאָן? אַז ס'איז נישטאָ ווו זיך אַוועקצולייגן. ס'ווערט אַ געשטופּעריי, אַ לויפעניש, מען הענגט זיך אָן אין די ברעטער פון די ליידיקע בעטלעך, מען קנוילט זיך איין און מען לייגט זיך אין וואַסער, אין דער בלאָטע, אַבי אויסמיידן קלעפּ. אַלע זענען קראַנק, צעבראָכן, אויסגעשמירט אין בלאָטע, פאַרלוירן ממש יעדע מענ־טשלעכע צורה, ווי אין איין גרויסן משוגעים־הויז. ביים אַרויסגיין און ביים אַריינגיין באַקומט מען געשלאָגן. די דייטשקעס, אָפּגעצייכנטע מיט שוואַרצע און גרינע ווינקלען, האָבן דאָ די גאַנצע מאַכט. זיי שטייען ביים אַריינגאַנג מיט שטעקנס אין די הענט, רייכערן געמיטלעך און שלאָגן יעדן, ווער ס'וויל אַריבערגיין די שוועל.

אויסער איין מאָל אין טאָג אַ ביסל וואַסערדיקע זופּ, ווערט דאָ קיין עסן נישט אויסגעטיילט. די רוסישע פרויען און די דייטשקעס וואַרטן נישט אויפן צוטיילן, זיי לויפן צו דער קיך, גנבענען אַוועק פון דאָרט אַ קעסעלע עסן, טראָגן דאָס אַוועק הינטערן צעלט און צעטיילן עס צווישן זיך. די שוואַכע און קראַנקע גייען און פאַלן. קיין סעלעקציעס זענען דאָ, אין ראַווענסברוק, נישט איינגעפירט. שטאַרבט מען מיט אַ הונגער־טויט.

אויסגעדאַרטע, האַלבע שקעלעטן, גייען צו דער אַרבעט צו זעקס

אין דער ברייט, איינע האַלט די צווייטע אונטערן אָרעם, כדי נישט צו פאַלן. גיט זיך די ערשטע פון דער ריי אַ פאַרטשעפּע אין עפּעס, פאַלט אום מיט איר צו גלייך די גאַנצע ריי. פון ווייטן זעען זיי אויס ווי קינדער, קומען זיי נעענטער, האָט מען דעם איינדרוק, אַז דאָס זענען איינגעשרומ־פּענע זקנות. אין ראַווענסברוק געפינען מיר זיך צייטווייליק, ס'איז פאַר־געזען פאַר אונדז אַ ווייטערדיקער מאַרש, ערגעץ אין אַן אַנדערן לאַגער. מיר ווערן אָנגערופן „די אוישוויצער באַנדע". מיר אַרבעטן נישט, נאָר גאַנצע טעג שטייען מיר צום אַפּעל. די אויפזעערינס און ס.ס.־מענער באַ־זוכן יעדן איינעם גרינטלעך, טרייסלען אויס צום וויפלטן מאָל דאָס אָנ־טועכץ. זיי טוען אויס נאַקעט און זוכן. זיי זענען איבערצייגט, אַז מיר האָבן מיטגעברענגט ווערטזאַכן מיט זיך און באַהאַלטן עס. רייסן זיי שטיקער פון די בידנע מלבושים, שרייען און זידלען: — דאָס געלט זאָלט איר אָפּגעבן, פאַרפלוכטע באַנדע! — אויך זיי ווילן רויבן פונעם ייִדישן פאַרמעגן, וואָס איז אַריינגעפאַלן קיין אוישוויץ.

— ווּ האָסטו דאָס געלט? — שרייט אַ גראָבער דייטש צום מיידל, וואָס ער האָט אויסגעטאָן נאַקעט. ער דרייט זי ווי אַ הילצערנעם מאַנעקין אין אַלע זייטן און זוכט: — דאָס גאָלד זאָלסטו אָפּגעבן! ווּ האָסטו עס פאַרשטעקט? — ער שרייט און שלאָגט זי מיט דער גומי, דאָס מיידל פאַלט אַוועק אַ פאַרחלשטע. דאַן נעמט ער זיך צו אַ צווייטער. די רעווי־זיעס ציען זיך אָן אַ סוף. איך און האַלושע זענען אַריין אין בלאָק 15. דאָ איז מער אָרדענונג ווי אין צעלט. ס'איז פאַראַן אַ בלאָקאָווע, עלזאַ. די בלאָקעלטעסטע טיילט צו יעדן טאָג אַ קילאָ ברויט פאַר 7 פּערזאָן. אין אונדזער בעט געפינען זיך 7 פרויען. סטאַשע האָט אַ מעסערל. זי צע־שניידט דאָס לאַנגע שמאָלע ברויט אויף 7 פּאָרציעס. הינטערן רוקן פון מאַלגאָשען פרעגט זי, פאַר וועמען זאָל דאָס שטיקל ברויט זיין? יענע ענטפערט: פאַר צעשען, פאַר זאָשען אאַ"וו. אַן שום טענות ווערט דאָס ברויט לויט אָט דעם גורל אויסגעטיילט. נאָר אָפט טרעפט, אַז עס קומט בכלל נישט אָן קיין ברויט. די זופּ באַקומט מען אַ מאָל אין דער פרי און אַ מאָל ביינאַכט. פּלוצעם ווערט אין מיטן דער נאַכט געראָפן: „מיטאַג האָלן!" דאַן לאָזן זיך געשווינד אַראָפּ פון די בעטן מיידלעך, וועלכע זענען

גרייט צו ברענגען דאָס מיטאָג. אויך האַלושע באַמיט זיך צו זיין צווישן זיי. ביים נעמען אַ קעסעלע זופּ קאָן מען „אָרגאַניזירן" אַ רעטעך, אַ קאָלע־ראַבע, וואָס מען געפינט אַ מאָל נעבן דער קיך, אויב די אויפזעעריך האָט עס, פאַרשטייט זיך, נישט באַמערקט. אויך אין בלאָק מוז מען זיך מיט דעם געפונענעם זייער היטן, ווייל אַנדערע, שטאַרקערע, קענען דאָס מיט כוח צונעמען.

כאָטש דער קאָפּ שווינדלט פון הונגער און די קני בייגן זיך, קאָנען שוין נישט טראָגן דעם גוף, מוזן מיר זיך טיילן מיטן רעטעך און אָוועק־טראָגן אַ טייל פאַר זאָשע אורבאַן און פאַר דער רוסישער אידעלער נשמה נאַטאַשאַ, וועלכע האָבן אונדז געהאָלפן מיט עסן אין אוישוויץ. גיין צו דער קיך אין מיטן נאַכט ברענגען דעם מיטאָג און עפּעס „אָרגאַניזירן", איז נישט פון די לייכטע זאַכן. מיינסטנס קומען פאַר ביינאַכט אַליאַרמען. ס'פליען עראָפּלאַנען איבער די בלאָקן און ס'פייפן די סירענעס. ס'איז אָן אימה די נאַז אַרויסצושטעקן. די דייטשקעס צעלויפן זיך אין די שוץ־קעלערס זיך באַהאַלטן, און דאַן קאָן מען עפּעס באַקומען צום עסן. אָבער נישט איין מאָל ווערן די מיידלעך רעווידירט און אַלץ ווערט ביי זיי צו־גענומען, מיט אַ צולאָגע, פאַרשטייט זיך, פון אַ פאַרציע קלעפּ.

לעצטנס חזרן זיך שוין איבער אַליאַרמען אויך אין מיטן טאָג. די דייטשן ליגן דאַן באַהאַלטן, נאָר מיר זענען די העלדן און שטייען אין דרויסן. דער באַפעל איז צו שטיין גלייך, נישט רירן זיך פון אָרט, אַפילו ווען ס'דראָט אַ געפאַר.

אָבער נישט דאָס איז אונדזער זאָרג. מיר זענען דרייסט און שרעקן זיך נישט פאַרן טויט, דער עיקר פּייניקט דער הונגער. דער הונגער אין ראַווענסברוק איז נישט צום אַריבערטראָגן. די זופּ ווערט מיינסטנס אויס־געטיילט אין מיטן דער נאַכט, אין דער פינצטער, ביי אַ גוט פאַרטונקלטן קליינעם לעמפּל. ווער ס'האָט אַ טעפּעלע, באַקומט אַ האַלב טעפּעלע זופּ פון די דריי קליינע קעסעלעך זופּ, וואָס ווערן געבראַכט פאַרן בלאָק.

די קלאָזעטן זענען דאָ תמיד פאַרשלאָסן. די געלע מאַניע, די „שייס־קאַפּאָ", טראָגט די שליסלען ביי זיך און נאָר בלאָקאָוועס אָדער אירע

היימישע קאָנען דורך איר פּראָטעקציע דאָרט אַריינקומען. פאַר אַלע אַנדערע איז געשלאָסן. אין מיטן נאַכט ווערט געעפנט פאַר אַלע.

נאָך עטלעכע קאָשמאַרפולע וואָכן אין ראַווענסבּרוק, קומט אַ באַפעל:

— אַלע אויסוויצער, אַנטרעטן!

מיר לויפן צו דער לאַגער־שטראַסע, שטעלן זיך אויס צו פינף. דאָ ווערן מיר פונאַנדערגעטיילט, איין העלפט גייט אַוועק קיין מאַלכאָוו, די אַנדערע העלפט, אין וועלכער מיר געפינען זיך, ווערט מיט דער באַן אָפּגעפירט אין לאַגער נוישטאַט־גלעווע.

אַ גאַנצן מעת־לעת שלעפּט זיך די באַן. מיר פאָרן אין פּאַסאַזשיר־וואַגאָנעס מיט אָפּגעטיילטע קופּעען. יעדע קופּע ווערט געהיטן דורך אַ זעלנער. פאַרטאָג זענען מיר אָנגעקומען אויפן אָרט. מיר ווערן אַריינגע־טריבן אין אַ לאַגער, וועלכער געפינט זיך אין אַ געדיכטן וואַלד, אַרומ־געצוימט מיט עלעקטרישע שטעכל־דראָטן. דריי טויזנט פרויען בלייבן מיר שטיין אונטערן פרייען הימל. עס גיסט אַ שלאַקסרעגן. אַזוי שטייען מיר אַ גאַנצן טאָג.

שפּעט אין דער נאַכט עפנט מען אַ ליידיקן באַראַק, ווו מיר זעצן זיך אַוועק אויפן שטרוי. דאָ באַקומען מיר נאָר די פּאָרציע ברויט. ס׳זעט אויס, אַז אין דעם לאַגער איז איבערהויפּט קיין קיך נישט פאַראַן. אָדער איז דאָס גאָר אַ נייער לאַגער און נאָך נישט איינגעאָרדנט. ערשט אויפן פערטן טאָג זענען אָנגעקומען קעסלען, מען האָט אָנגעהויבן קאָכן און אויסטיילן פאַר יעדן צו ביסלעך זופּ.

אַ גאַנצן טאָג שטייען מיר צום אַפּעל. יעדעס מאָל ציילן און רעכענען אונדז אַנדערע דייטשן. אויב עמעצער פאַלט אַוועק, לויפט אונטער דער לאַגער־קאָמענדאַנט און מיט אַ רירעוודיקער שנעלקייט באַגיסט ער דאָס מיידל מיט אַ קאַלטן עמער וואַסער. „איז דיר נאָך שלעכט?", שרייט ער — און לויפט גלייך ברענגען אַ פרישן עמער וואַסער.

די דאָזיקע טאַט ווערט באַגלייט מיט אַ שפּאָטיש געלעכטער פון די אַרומיקע דייטשע בייהעלפער.

ביים פרימאָרגן־אַפּעל זענען געוואָרן אויסגעטיילט גרופּעס מיידלעך צו דער אַרבעט: 20 צו דער „מיל־קאָמאַנדאָ", 20 צו דער „הויף־קאָמאַנדאָ",

20 צו דער „שייס־קאָמאַנדאָ". האַלושע איז אויסגעקליבן געוואָרן צו דער מיל־קאָמאַנדאָ. באַגינען גייט זי אַוועק צו דער אַרבעט. די מיידלעך, איינגעשפּאַנט אין דישעל, שלעפּן אַ שווערן לאַסט־אויטאָ אויף גרויסע גומענע רעדער, אָנגעלאָדן מיט נאַסן מיסט. זייער אויפגאַבע איז צונויפזאַמלען דאָס גאַנצע מיסט פון דער קיך און פון לאַגער און אַוועקפירן עס ווייט אויפן באַרג אין טיפן וואַלד אַריין. אַ גאַנצן טאָג זענען די מיידלעך איינגעשפּאַנט אין שווערן וואָגן; די רעדער שניידן זיך איין טיף אין דער ערד און ווילן נישט רירן פון אָרט.

פאַרבייגייענדיק דורך אַ מיליטער־קאַנטינע, ווו ס'איז געשטאַנען אַ מיסט־קאַסטן מיט איבערבלייבעכץ פון עסן, וואָס האָט זיך דאָרט אָנגעזאַמלט פון טעג און וואָכן, און געווען באַשטימט פאַר חזירים, פלעגט האַלושע צו מאָל אַפּשעפּן מיטן לאַגער־טעפּעלע אַ ביסל פון דעם „עסן" און עס ברענגען פאַר מיר. מען האָט געדאַרפט פאַרשטאָפּן די נאָז, כדי נישט צו פילן דעם עיפּושדיקן גערוך, וואָס האָט זיך געטראָגן פון דעם „עסן". אָבער נישט אַלע מאָל איז איר געלונגען צו ברענגען אַזאַ טעפּעלע. אַ מאָל איז געווען אַ שלעכטער פּאָסטן און ער האָט פאַרטריבן די מיידלעך פונעם פּעסל. ווי צעפּלאָשעטע פייגל פלעגן זיי זיך פונאַנדערלויפן פון זיין געשריי. אַן אַנדער מאָל האָט די קאָנטראָל ביים טויער דאָס אַנטדעקט און אויסגעגאָסן די „שפּייז".

נאָר זייער אָפּט פלעגט זיי פירן צו דער אַרבעט אַן עלטערער פּאָסטן. ער האָט געהערט צו דער ווערמאַכט און איז געווען אַ סאָלדאַט נאָך אין ערשטן וועלט־קריג. פאַרבייגייענדיק די קאַנטינע פלעגט ער אַוועקגיין אין אַ זייט און זאָגן:

— ...אָבער לאָזט אייך נישט דערווישן...

— היינט איז געווען מיט אונדז דער אַלטער — זאָגט האַלושע, קומענדיק פון דער אַרבעט און אַרויסציענדיק דאָס טעפּעלע פון איר באַהעלטעניש.

איצט האָט זיך אָנגעהויבן אַ דינגעניש אַרום דעם טעפּעלע. — האַלושע, עס! — שטופּ איך איר אין מויל אַריין דאָס עסן, — דו קומסט

פון דער אַרבעט און דאַרפסט האָבן כוח. זי ענטפערט מיר מיט אָט דעם זעלבן פזמון: — עס דו, העלאַ, — איך קום פון וואַלד, פון דער פרישער לופט בין איך זאַט געוואָרן, — דו זאָגסט דאָך, אַז גוטע לופט מאַכט זאַט... דאָרי זיצט נעבן מיר אַ פאַרהונגערטע, זי הערט זיך איין צום ווִיכוח. זי בייסט די ליפּן און שלינגט די סלינע פון מויל. אויך אירע אויגן זענען אָנגעצילט צום טעפּעלע עסן. עס באַשעפּטיקט זי איצט נישט קיין שום אַנדערער געדאַנק, ווי נאָר דאָס טעפּעלע עסן.

— נעם, — זאָג איך, — נעם, דאָרי, טו אַ שלוק, ס׳וועט זיין גענוג פאַר אַלע...

דאָרי האָט אַ ריס געטאָן דאָס טעפּעלע מיט ציטערנדיקע הענט, נאָר איין מאָל אַ שלוק געטאָן. אָבער אַ ביסל האָט זיך פאַרגאָסן, און זי איז צוגעפאַלן צו דער ערד, מיט דער צונג אָפּצולעקן דאָס פאַרגאָסענע. אַ צווייטע האָט זי אַ שטופּ געטאָן מיט אַ ווייַנענדיקער גרימאַסע אויפן געלן פּנים: „לאָז שוין פאַר מיר אַ לעק, דו „מוזולמאַן״, אַלץ פאַר דיר, נאָר פאַר דיר?״

אַדורכגעווייקטע פון רעגן קומען די מיידלעך מיט צעריסענע שיך, פאַרקלעפּטע פון בלאָטע, מאַנכע אין הילצערנע טרעפּעס. מידע פון דער אַרבעט, פאַלן זיי אַוועק אויף דער ערד. פאַרטאָג, ווען עס איז נאָך פינצ־טער, שפּאַנען זיך איין די מיידלעך ווי פערד ביים דישעל און הייבן אָן די אַרבעט. פאַרנאַכט, גלייך פון אַפּעל, ווערן מיר אַריינגעטריבן אין די באַראַקן. די טירן און פענצטער ווערן מיט הילצערנע לאָדנס און אייזערנע שטאַבעס פאַרמאַכט פון דרויסן. ס׳קומט נישט אַרייַן קיין מינדסטער ליכטשיין, הגם אין דרויסן איז נאָך ליכטיק, איז שוין אין באַראַק פינצטער.

די אויפזעערינס פאַרשליסן די באַראַקן און גייען זיך רויִק אַוועק מיט די שליסלען. אין פינצטערן באַראַק הייבט זיך אָן אַ נייער גיהנום.

דער גרויסער רוים, ווו מיר געפינען זיך, פירט צו אַ באַזונדער קליינער שטוב אָן טירן. דאָרט געפינען זיך עמערס, צוגעגרייט אויף ביי־נאַכט. פון געדראַנג און פון דער פינצטערניש זענען די עמערס געוויינ־לעך אומגעוואָרפן. אַזוי טרעטן מיר אין שמוץ מיט באָרוועסע פיס, און דאַן איבער די קערפּערס. שפּעטער גייט נאָך איבער דער שמוץ און גיסט

זיך אַרײַן גלײַך אין באַראַק, דאָ, װוּ מיר ליגן אױף דער ערד. די הויט װערט געגרינצלט, װען עס דערנענטערט זיך די נאַכט.

איין מאָל, אין מיטן נאַכט, װען מיר זענען אײַנגעשלאָסן אין די באַראַקן, דערהערן מיר שװערע אױפרײַסן, אַליאַרם־סיגנאַלן און סירע־נעס. מיר פאַרגעסן מאָמענטאַל אין אונדזער גיהנום. ס׳טרײסלען זיך די הילצערנע װענט און די שױבן. ערגעץ װוּ אין דער נאָענט רײַסן אױף באָמבעס. ס׳ציטערט די ערד אונטער די פיס. אַזױ שױן זינט עטלעכע נעכט. מיר האָבן אָנגעהױבן גלײבן, אַז דער פראָנט איז ערגעץ נישט װײַט פון לאַגער. אויך בײַטאָג הערן זיך אױפרײַסן און אַ געריש פון עראָפּלאַנען. נאָר ס׳ערגסטע זענען די איבערלעבונגען אין די נעכט. יעדן פרימאָרגן פילן מיר װי מיר זענען אויפגעשטאַנען תחית המתים.

אין באַראַק גײט דאָס לעבן זײַן „נאָרמאַלן" גאַנג. צוליב די נישט היגיענישע באַדינגונגען און דעם פּערמאַנענטן הונגער, זענען אױסגע־בראָכן קראַנקײטן. זײער שטאַרק האָט זיך פאַרשפּרײט דיזענטעריע (דורכפאַל). ס׳ליגן קראַנקע מיט היץ, צוזאַמען מיט די געזונטע. מען ליגט אױף דער ערד אין שטרױ.

בײַם אָנקומען אין בױשטאַט־גלעװוע האָבן אַ סך פרויען זיך אָנגע־געבן אַלס קריסטינס, אָדער מישלינגס. אַזױ אַרום זענען זײ אַרײַן אין גױישע בלאָקן, װוּ ס׳לעבן איז נישט אַזױ הפקרדיק. אויך לאָלע האָט זיך אָנגעגעבן אַלס קריסטין און איז אַרײַן אין אַ גױישן בלאָק. זינט יענעם טאָג האָט זי זיך באַמיט נישט צו באַגעגענען מיט אירע ײדישע באַקאַנטע, װאָס װאָלטן זי געקענט ברענגען אין סכנה. זי האָט געװאָרפן שמוץ און בלאָטע אױף ײדן, כדי דערמיט צו פאַרשטאַרקן און באַפעסטיקן איר נײַע פּאָזיציע. איר אױסזען האָט זי נישט פאַרראַטן. די בלאָנדע האָר און בלויע אויגן האָבן באַשטעטיקט, אַז זי איז אַן אַריערין...

# באפרייונג

דעם 2טן מאַי 1945 איז געקומען די באַפרייונג. יענעם טאָג, ווי אַלע טעג, האָט מען אונדז אַרויסגעטריבן אין מיטן נאַכט צום אַפּעל, אָבער ביזן גרויסן טאָג אַריין האָבן די דייטשן זיך נישט באַוויזן. מיר זענען גע־וואָרן אומרויִק. וואָס זאָל דאָס באַדייטן? האָבן זיי פאַרגעסן, אָדער גרייטן זיי צו עפּעס אַ נייע צרה?

מיר קוקן זיך איבער מיט שרעק. ס'איז שוין שפּעט, דער טאָג אַ קאַלטער, מיר קאָנען שוין מער נישט איינשטיין. וואָס וועט זיין?

ווען ס'האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז אַזוי אָ וועלן מיר דאָ אויסגיין, הערט זיך פּלוצעם אַ באַפעל: „אָפּטרעטן!" און דאָ רופט די לאַגער־פירע־רין:

— צוואַנציק זאָלן אַנטרעטן!

מאָמענטאַל האָבן זיך אַרויסגערוקט צוואַנציק פרויען און איך צווישן זיי.

— אָפּטרעטן! טעמפּאָ! — הערן מיר איר גוט באַקאַנטע שטימע.

מיר גייען צו צוויי און איר גומענער שטעקן פּאָכעט שוין איבער אונדזערע קעפּ. ס'עפנט זיך דאָס טויער, אַ מיליטער־קאָנטראָל פאַרשרייבט פון דער האַנט די נומערן און זיי לאָזן אונדז אַרויס.

— רעכטס, דרעקיקע באַנדע, רעכטס! — באַגלייט אונדז אַ שטימע פון הינטן.

מיר גייען פאַרויס. די ערשטע לויפט די לאַגער־עלטעסטע, אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצן זיידענעם כאַלאַט, געמאַכט פון אַ זיידענער שבתדיקער

קאַפּאָטע. זי טראָגט אויך אַ שוואַרצן דרייעק־אָפּצייכן (אַ סימן פון איר וויכטיקער פאַרגאַנגענהייט — אַ גאַסן־פרוי).

— טעמפּאָ! — שרייט זי — באַוועגט אייך! — און זי פּאַטשט מיטן שטעקן.

אין דרויסן, האַרט ביים לאַגער, זעען מיר צענדליקער אויטאָס מיט פאַרוואונדעטע סאָלדאַטן, שווער פאַרוואונדעטע, טייל אָן הענט, אָן פיס, באַנדאַזשירטע קעפּ. נעבן זיי סאַניטאַר־אַמבולאַנסן. באַרמהאַרציקע שוועסטער אין ווייסע כאַלאַטן לויפן אַהין און אַהער. סאַניטאַרן טראָגן אויף טראָג־בעטלעך די שווער קראַנקע. אַ ריי אויטאָס מיט פּראָוויאַנט, אויטאָס מיט ברויט, גלאַנציקע רונדע ברויטלעך. שוין צוויי יאָר דאָס נישט געזען.

וואָס קומט דאָ פאָר? געפינט זיך דאָ נעבן לאַגער נאָענט דער פראָנט? אָדער איז עס סתם אַ סטראַטעגישער פונקט פון דייטשן מיליטער? ווו געפינען מיר זיך?

איז דאָס גאָר אַ ריקצוג פון פראָנט און די זעלנער ווילן זיך אויס־באַהאַלטן דאָ אין לאַגער?

איך דערמאָן זיך, אַז פאַרטאָג זענען מיט שטורעם, ווי אַ געדיכטע כמאַרע, אַדורכגעפלויגן הונדערטער עראָפּלאַנען איבערן לאַגער און דער שטאַרקער אַרטילעריע־אָנגריף בייטאָג און ביינאַכט באַווייזט דאָך אויך, אַז ערגעץ, נישט ווייט, געפינט זיך דער פראָנט. דאָס נישט אָפּנעמען היינט דעם אַפּעל, איז אויך זייער פאַרדעכטיק. און אַז מיר פאַרבינדן די אַלע פאַקטן און געשעענישן פון היינטיקן טאָג, איז וואָס?

מיר זעען, אַז עפּעס קומט פאָר, נאָר מיר האָבן נישט קיין שום שייכות מיט דער וועלט, מיר זענען אָפּגעשניטן פון איר, מיר אינטערעסירן זיך נישט מיט קיין שום זאַך, אַחוץ וואָס שנעלער צו באַקומען די פּאַרציע ברויט און אַז דאָס טעפּעלע זופּ זאָל זיין פול ביזן ראַנד. לעבעדיקע קענען מיר סיי ווי נישט אַרויס, וועט נישט פאַלן קיין באָמבע, וועט מען אונדז אומברענגען פון אינעווייניק. מיט די אייגענע הענט האָבן מיר דאָך איינ־

מאַנטירט עלעקטרישע מינעס אין דער ערד און אין איין סעקונדע קאָנען מיר אַלע פליען אין דער לופטן.

אָבער צוליב וואָס האָט מען אונדז אַרויסגעפירט פאַרן טויער? כדי צו זען אַזוי פיל וועגענער מיט עסן? דער גאַנצער הונגער פון יאָרן האָט זיך איצט אויף ס'נײַ צעשפּילט, אַזוי פיל ברויט איז פאַראַן, אָבער מיר, מיר מוזן ווייטער הונגערן. מײַנע חלומות וועגן ברויט האַקט איבער דער אויסגעשריי:

— לויפן! טעמפּאָ! לויפן!

אָט פאַלט נישט ווײַט אַ באָמבע און צעשפּליטערט זיך מיט אַ רויך אויף קליינע שטיקלעך.

— שטיין בלייבן! — דערהערן מיר אַ מענער־שטימע — אַנטרעטן צו צוויי!

מיר בלייבן שטיין פאַר אַ גרויסן לאַסט־אויטאָ, וואָס איז איבערגע־פולט מיט פאַרשידענע פליישן, האַלבע רינדער, חזירים. מען לאָדנט אויף די פלייש־זייטן אויף אונדזערע אַקסלען, מיר זאָלן דאָס שנעל אַוועקטראָגן.

מיר קאָנען אָבער די שווערקייט נישט אויסהאַלטן און פאַלן אַוועק אונטער דער שווערער מאַסע, נישט קאָנענדיק זיך רירן פון אָרט.

— קאָנט איר נישט, אָדער ווילט איר נישט! — צעשרייט זיך די לאַגערעלטעסטע און גלייך דערפילן מיר קלעפּ פון גומענעם שטעקן, און די סאָלדאַטן גרייטן שוין די קאָלבעס צו שלאָגן. פון גרויס שרעק ווערן מיר פּלוצעם שטאַרק, שטעלן אונטער די פלייצעס און הייבן אָן גיין. פאַרבײַגייענדיק נעבן די אויטאָס, שטעקט מיר עמעצער אין האַנט אַרײַן אַ פּעקל פון צוואַנציק ציגאַרעטן און דערווייטערט זיך שנעל. איך ווער פאַרציטערט. דאָס איז זיכער אַ פּראָוואָקאַציע — טראַכט איך — ביים טויער וועט מען רעווידירן, און וואָס דאָס באַדייט, צו דערטאַפּן אַזאַ פאַרברעכן, איז מיר גוט באַקאַנט. איך וויל דאָס גלייך אַוועקוואַרפן, נאָר עפּעס לאָזט מיך נישט. אַן אינערלעכע שטימע רעדט צו מיר: ניין, נישט אַוועקוואַרפן! דער אומבאַקאַנטער מאַן האָט דיר געוואָלט דערמיט העלפן, טאָן דיר אַ טובה. האָב איך די פּאַפּיראָסן גוט באַהאַלטן ביי זיך. מיר שטעלן לאַנגזאַמע שווערע טריט, מיר גייען פּאָרווייז, אויף אונדזערע פליי־

צעס ליגט אַ האַלבער פעטער חזיר וואָס דריקט דעם קערפּער צו דער ערד.

— האַלושע, — זאָג איך, צוריקקומענדיק אין בלאָק — איך האָב אָרגאַניזירט... אַ שטיקל פעטס אָפּגעריסן פון חזיר און אַ שאַכטל ציגאַ־רעטן. אַזאַ גליק האָט מיך געטראָפן צום ערשטן מאָל זינט מיין זיין אין לאַגער. זאָלסט וויסן, — זאָג איך אַ האָפערדיקע — מיר וועלן אַרויס לע־בעדיקע, איך האָף, אַז די ציגאַרעטן וועלן מיר שוין נישט אויסטוישן אויף עסן, נאָר זיי אויסרייכערן אויף דער פריי.

— אויף דער פריי! וואָס רעדסטו, העלאַ, ווי קומען צו דיר אַזעלכע געדאַנקען? — זי בלייבט שטיין, אירע אויסגעלאָשענע אויגן לייכטן.

— יאָ, האַלושאַ, מיין האַרץ זאָגט מיר, איך פיל, אַז עפּעס קומט פאָר. דאַכט זיך, מען דאַרף שוין מער נישט טראַכטן וועגן אַפּעל.

— דו רעדסט עפּעס אַזוי מאָדנע, צי האָסטו נישט קיין פיבער? אָדער האָט זיך דיר עפּעס געחלומט? באַפרייונג?... — פּלאָנטערט זי מיט דער צונג און ווערט טרויעריק, — באַפרייונג! דאָס באַדייט דער לעצטער טאָג פון אונדזער לעבן, אויב עס וועט אַ מאָל זיין אַ וועלט אַ פרייע. אָבער מיר, מיר וועלן שוין נישט זיין צווישן די לעבעדיקע.

— באַקומט מען נישט היינט קיין זופּ? — ציט מיך אַ מיידל ביים אַרבל — האָבן מיר באַקומען עפּעס אַ שטראָף?

אָבער ווער קאָן ענטפערן אויף דער דאָזיקער פראַגע. אַלעמענס אויגן זענען געווענדט צום בלאָק־טויער, ווי פון דאָרט וואָלט געדאַרפט קומען אַן ענטפער. נאָר דאָס טויער איז שטרענג פאַרמאַכט, עס איז כסדר „בלאָק־שפּערע". קיינער קומט נישט אַריין און קיינער גייט נישט אַרויס. פּאַולאַ, די בלאָקעלטעסטע, איז היינט טויער־וואַכע און זי שטייט מיטן פּאַסעק אין האַנט נעבן ארײנגאַנג.

צוויי מיידלעך האָבן זיך אַרויסגעגנבעט, געלאָפן צו דער קיך, גע־וואָלט אויסגראַבלען אין מיסט עפּעס צו עסן און דאָרט האָבן זיי געפונען דעם טויט. דער פּאָסטן פון דער קיך האָט זיי דערשאָסן.

דורך דעם פענצטער פון באַראַק זעען מיר אַדורכטראָגן אָפענע און

פאַרמאַכטע קאַרטאָנען מיט פּעקלעך מאַרגאַרין, זעק מיט ברויט, צוקער, זייטלעך פליש.

ווען אַלץ איז שוין געווען אָפּגעטראַנספּאָרטירט אין מאַגאַזין, איז די בלאָק־שפּערע אַראָפּגענומען געוואָרן.

אויף דער לאַגער־שטראָסע באַווייזט זיך דער לאַגער־קאָמענדאַנט. דערזעענדיק אים, רוקן מיר זיך אָפּ און לויפן שנעל אין די באַראַקן.

— וווּ לויפט איר? — שרייט ער מיט אַ כאַרכלענדיקער, הייזעריקער שטימע, ווי ער וואָלט געווען שיכור — דומע מעדלס! איר זעט נישט, וואָס עס קומט פאַר? — ער ווייזט מיטן פינגער צום טויער, ווּ עס געפינט זיך דאָס מיליטער, וואָס קלייבט זיך שוין אָפּטרעטן — איר ווערט באַלד זיין פריי! — רופט ער אויס, און גיט גלייך צו: — אָבער מיך זאָלט איר נישט באַשולדיקן. איך האָב דאָס נישט געטאָן פון מיין גוטן ווילן. אַזוי איז געווען דער באַפעל. ער רעדט מיט ענטוזיאַזם, זשעסטיקולירנדיק מיט די הענט. אַרום אים פאַרזאַמלען זיך טויזנטער פרויען, פרויען? מענטשן? — שקעלעטן זענען דאָס, שאָטנס פון מענטשן. ער רעדט הויך, זיינע פּעטע באַקן צעשפּרייטן זיך מיט געלעכטער און יעדן זאַץ פאַר־ענדיקט ער מיט: „ניכט וואַר, מעדלס?"

— פאַר וואָס רעדט ער היינט אַזוי פיל? זיין גוטמוטיקער טאָן וואַרפט אָן אַ פּחד. וואָס איז ער פלוצלונג אַזוי גוט געוואָרן, דער מערדער? מיר זענען שוין נישט קיין נומערן, קיין העפטלינגס, קיין „דרעקזאַו", מיר זענען גאָר „מעדלס". וואָס קומט דאָ פאָר? וואָס באַדייט דאָס אַלץ?

נעבן די עלעקטרישע דראָטן זעען מיר מענער. אויך זיי זעען אויס ווי מיר — אָפּגעריסענע, פאַרגעלטע, אין לאַגער־מלבושים, מיטן רויטן שטרייף אויף די הויזן און רוקן. זייערע קעפּ אָפּגעגאָלט, מיט אַ ברייטן ווייסן שטרייף אין מיטן קאָפּ. זיי שרייען צו אונדז מיט פריידיקע שטימען:

— האַלט אייך, מיידלעך, ברעכט נישט צוזאַמען! נאָך היינט ווערט איר זיין פריי! איר ווערט פריי!

מיר הערן זייערע שטימען און אַ שוידער גייט איבער דעם קערפּער. עס גלייבט זיך נישט. נישט אַנדערש, נאָר זיי זענען אונטערגעשטעלט פון די דייטשן, וועלכע ווילן דאָ עפּעס אויפפירן אַ נייעם ספּעקטאַקל,

ווילן זען, ווי מיר וועלן רעאַגירן, דערהערנדיק אַזאַ בשורה. ניין, מיר גלייבן נישט אין זייערע רייד, זיי מוזן זיין דייטשע משרתים, פאַרקויפטע נשמות.

פלוצעם ווערן מיר פאַרטויבט פון אַ געזשומעריי. און באַלד דערהערן זיך אויפרייסן. אַ האָגל פון באָמבעס פאַלט נישט ווייט פון די באַראַקן. יעדער אויפרייס צעטרייסלט די באַראַקן. די שויבן פאַלן אַרויס ווי שטיקלעך פאַפּיר. סירענעס פייפן און זאָגן אָן, אַז אין דער נאָענט איז אַ שטאַרקער אָנגריף אויף די דייטשן.

די אויפזעערינס און ס.ס.־מענער לויפן ווי פאַרסמטע שטשורעס, זיי לויפן אין איילעניש זיך אויסבאַהאַלטן אין שוץ־קעלער, וועלכער געפינט זיך נעבן דער קיך. מיט אַ מאָל דערזעען מיר אויפן דאַך פון קיך אויסגעשפּרייט ווייסע ליילעכער מיט אַ גרויסן רויטן קרייץ. דאָס ווילן אַזוי די געטרייע דייטשע העלדן זיך מאַסקירן. און מיר? מיר זיצן אויף דער ערד אין באַראַק, שוצלאָזע פאַרן אָפענעם האָגלדיקן בראַנד־פייער און הערן זיך צו צו דער ווילדער מוזיק.

— בלאָק־שפּערע! — שרייט מען פון דרויסן. פּאַולאַ די בלאָקאָווע שטעלט זיך גלייך אַוועק ביי דער טיר. אַליין מאַכט זי איצט די טויער־וואַכע און ווער עס דערנענטערט זיך צו דער טיר באַקומט געשלאָגן.

דורך די פענצטער זעען מיר איצט די רוצחטעס אַדורכלויפן. פיל פון זיי זענען שוין איבערגעטאָן אין ציוויל־קליידער, זייערע גרויסע ס.ס.־פעלערינעס זענען ערגעץ פאַרשוואונדן. זיי מאַכן איצט דעם איינדרוק פון אומשולדיקע ציווילע פרויען, וואָס קאָנען קיין פליג אויף דער וואַנט נישט פאַרטשעפּען. אַלע לויפן זיי אין דער זעלבער ריכטונג, צום טויער.

מיר זעען די לאַגערעלטעסטע אין ציוויל־קליידונג, זי גנבעט זיך שנעל צום טויער, כדי וואָס פריער צו זיין אויף יענער זייט און וואָס שנעלער פאַרגעסן וועגן אַלעם, וואָס זי האָט דאָ אָפּגעטאָן.

די בלאָק־שפּערע איז פאַרענדיקט. ביסלעכווייז הייבן מיר אָן אַרויסצוקריכן פון די לעכער, אַ קוק צו טאָן, וואָס עס קומט פאָר אויף יענער זייט טויער.

די וואַך־בודקעס אין דער הייך זענען, ווי ביז איצט, באַזעצט מיט

באַוואָפנטע זעלנער, מאַשין־געווער אין זייערע הענט. אויך ביים טויער שטייען, ווי געוויינלעך, צוויי באַוואָפנטע זעלנער. אין דער הייך רוישן הונדערטער עראָפּלאַנען. די אויפרייסן האַלטן־אָן, און די ערד ציטערט אונטער די פיס.

איך באַגעגן סאַלען, מיינע אַ פריינדין פון אַנדערן בלאָק. קוים וואָס זי שלעפּט אירע צוויי געשוואָלענע פיס. דאָס פּנים איז ביי איר געל ווי וואַקס. מיר קענען זיך פון בזשעזשינקע, פון בלאָק 9. אין יאָר 1944 איז זי מיט אַן אונגאַרישן טראַנספּאָרט געבראַכט געוואָרן אַהער. איר מאַן איז שוין פון פריער געהאַט פאַרשיקט געוואָרן, און איר איינציק מיידעלע האָט מען ביי איר צוגענומען אַנקומענדיק קיין אוישוויץ.

— סאַלאַ, זאָג איך, איך קען שוין לענגער נישט אויסהאַלטן. איך פיל, אַז די כוחות פאַרלאָזן מיך. אַ ליאַדע טאָג וועל איך צוזאַמענברעכן.

— וואָס רעדסטו? — רופט זי אויס אַ פאַרוווּנדערטע — דו זעסט נישט, וואָס ס׳טוט זיך? מיר ווערן דאָך באַפרייט! נאָך היינט וועלן מיר זיין פריי! די „רוסקעס״ (רוסישע פרויען) — דערציילט זי מיר אויפן אויער — זענען שוין גרייט זיך אָפּצורעכענען מיט די בלוט־זויגערס. — אַ שחיטה וועלן מיר זיי מאַכן — ביילן זיי זייערע פויסטן פון אויפרע־גונג. — מיר וועלן זיי אויסקוילען! נעמען נקמה פאַר אונדזערע ליידן און פּיין.

און דו גלייבסט אין באַפרייונג, סאַלאַ? — דערווידער איך — די „רוסקעס״ זענען מסתמא אַראָפּ פון זינען. אויסגעמאַטערטע, צעבראָכענע, וועלן זיי פּלוצעם ווערן די העלדינס און נקמה־נעמערינס אין די באַוואָפנטע דייטשן? מיר, די לעבעדיקע מתים, וועלן זיך אָפּרעכענען מיט רוצחים? און דו קלערסט, אַז די דייטשן וועלן אונדז באַפרייען? סתם אַזוי לעבעדיקע אונדז אַרויסלאָזן? ביסטו אַזוי נאַיוו דאָס צו גלייבן? — — — — — — — —

אויפן לאַגער־הויף וואַקסט דער טומל. מען קומט פון אַלע באַראַקן! מיר זעען עטלעכע מענער נעבן די דרויסנדיקע דראָטן. זיי שרייען צו אונדז אָן אויפהער: — האַלט אייך, מיידלעך, איר ווערט באַלד פריי! די אַמעריקאַנער געפינען זיך שוין אין שטאָט.

מיר זענען נאָך אַלץ טרויעריק און דערדריקט. ס׳ווילט זיך נאָך אַלץ

נישט גליבן. נאָר עפּעס גרויס און נייעס העגגט אין דער לופט. ווי אַזוי האָט עס פּאַסירט? ווי אַזוי האָבן עס די מיידלעך געוואַגט צו באַפאַלן דעם מאַגאַזין פון פּראָדוקטן, די קיך? עטלעכע זענען אַריין אין מאַגאַזין און דורך די פענצטער אָנגעהויבן אַרויסצוואַרפן ברויט, פּעקלעך מאַרגאַרין!

די מאַסע ווערט גרעסער. פון אַלע בלאָקן שטראָמט מען צום מאַגאַזין.

דורך די פענצטער פון מאַגאַזין פליען גאַנצע ברויטן. וועמען עס געלינגט צו כאַפּן אַ ברויט, ווערט באַלד באַפאַלן פון אַנדערע הונגעריקע, וואָס ווילן עס מיט כוח אַרויסרייסן. פון וואַנעט האָט זיך דאָס גענומען אַזאַ קראַפט און גבורה צו די האַלבע מתים, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין כוח אַ וואָרט אַרויסצורעדן, צו ווערן העלדינס?

די דייטשע זעלנער שטייען ביים טויער, שיסן אין דער לופטן, כדי צו צעטרייבן דעם צוזאַמענגעלויף און צוריקצושטעלן די אָרדענונג. נאָר קיינעם שרעקט איצט נישט קיין קויל, אַלע דריי טויזנט העפטלינגס געפינען זיך אין דרויסן.

דער גרויסער לאַגער־הויף איז איצט צו קליין. דאָ פלעגן מיר דאָך שעהן לאַנג שטיין צום אַפּעל און עס פלעגט נאָך איבערבלייבן אַזוי פיל ליידיק פּלאַץ, איז איצט געוואָרן ענג, דערשטיקט צו ווערן, אַלע שטופּן זיך, שרייען, די שטאַרקערע רייסן אַרויס ס׳ברויט ביי די שוואַכע.

די בהלה פאַרשטאַרקן די דייטשע פּאָסטנס, וועלכע שיסן איבער די קעפּ. און אָט אין דעם פאַרצווייפלטן מאָמענט קומט אָן צו לויפן האַלושע אַ דערשראָקענע. — העלאַ! — שרייט זי — איך האָב אַ ברויטל! — און וועלנדיק מיך איבערצייגן, שלעפּט זי דאָס ברויטל אַרויס פון בוזעם און שאָקלט אויס פון קעשענע אַ ביסל צוקער. אַז מיר זענען געקומען צו זיך, האָט עס ווידער געצויגן אַרויס, אַ קוק טאָן, וואָס עס הערט זיך.

דורך די דראָטן פון פאַרצוימטן מאַגאַזין פליען איצט פּעקלעך מאַר־גאַרין. דער מאַגאַזין איז נאָך אַלץ נישט אויסגעליידיקט פון דעם, וואָס די דייטשן האָבן היינט אַריינגעטראָגן. יעדעס פּעקל מאַרגאַרין ווערט געריסן פון די הענט מיט ווילדע קולות אין אַלע לשונות פון גאָר דער וועלט. אַ מאָדנער אינטערנאַציאָנאַל פון פעלקער און שפּראַכן. ענדלעך איז דער

מאַגאַזין אויסגעליידיקט געוואָרן און אַלע זענען אַריין אין די באַראַקן אָפּרוען זיך נאָך דער „שווערער אַרבעט“.

אין בלאָק הערשט אַ שטילקייט. עפּעס פון יענער אַנגעלאָדענער שטילקייט, וואָס טראָגט אין זיך שטורעם. עס געדויערט נישט לאַנג, באַמערקן מיר דורך די פענצטער עטלעכע מענער מיט לאַנגע שערן אין די הענט. זיי באַוועגן זיך שנעל און שניידן איבער די דראָטן פון לאַגער. מיר קוקן זיך איין און באַמערקן, אַז דאָס זענען העפטלינגס מיט אָפּגעגאָלטע קעפּ, מיט רויטע שטרייפן אויף זייער אַנטועכץ.

— מיידלעך, גייט אַרויס! הערן מיר זייערע רופן — נישטאָ מער קיין לאַגער, אויס לאַגער, איר זענט פריי!

מיר זענען פאַרשטאַרט, פאַרשטומט פון פּחד, פון צעטומלטקייט און מיר ענטפערן גאָרנישט.

— די דייטשע הענקער זענען אַוועק! — שרייען די מענער — וואָס, איר גלייבט נישט? אָט זענען מיר איצט אויך באַפרייט געוואָרן און אַהער געקומען אייך העלפן. אַנטלויפט! קומט! מיר זענען פריי!

מיר לויפן אַרויס און זעען, אַז די וואַך־בודקעס זענען ליידיק. אויך די טויער־וואַך איז אַוועק. ווו זענען זיי אַהינגעקומען, די מערדער? אפשר זיצן זיי באַהאַלטן און ווילן אונדז נאָר אַריינכאַפּן אין זייער נעץ? אַרויס־נאָרן פון טויער און דאָרטן אַלעמען אויסשיסן? ווידער אַ ווירוואַר, אַ פּאַניק. נאָר דאָס מאָל איז די פּאַניק אַן אַנדערע. דאָס מאָל קוקן מיר איינע אויף דער אַנדערער מיט רחמנות־בליקן. ביי אַ סך גיסן זיך טרערן פון די אויגן. מיר פילן, אַז עפּעס אויסערגעוויינלעכס שפּילט זיך אָפּ פאַר אונדזערע אויגן. עס געדויערט נישט לאַנג און מיר זעען ווי עס דערנענטערן זיך צוויי מיליטער־לייט אויף מאָטאָציקלען. שנעל לויפן מיר צוריק אין די באַראַקן. עס שוידערט פון שרעק און דערוואַרטונג. מיר זענען זיכער, אַז דאָס זענען דייטשן. יעדע זעצט זיך צוריק אויף דער ערד, אויף איר געוויינלעך אָרט. באַלד באַווייזן זיך די צוויי מענער אין באַראַק, קוקן זיך אַרום. זיי קייען כסדר עפּעס אין מויל און זאָגן „אָקעי“.

— ווער איז דאָס? — ווערט אַ געשושקעריי צווישן די מיידלעך.

— דאָס זענען דאָך אַמעריקאַנער! — רופט זיך אָן איינע.

— וואָס רעדט איר? — זאָגט אַ צווייטע — דאָס זענען פאַרשטעלטע דייטשן.

— דאָס איז זיכער אַ דעלעגאַציע פון רויטן קרייץ — זאָגט אַ דריטע — זיי ווילן זיכער עמעצן אַרויסנעמען. פּריוויִלעגירטע, פאַר וועמען זייערע קרובים אין אויסלאַנד האָבן באַצאָלט מיליאָנען דאָלאַרן.

אָבער די דיסקוסיע געדויערט נישט לאַנג. אין באַראַק פאַלן אַריין עטלעכע מענער, געפאַנגענע פון אַנדערע לאַגערן און שרייען פרייליך:

— מיידלעך, איר זענט פריי! מיר זענען אַלע פריי! די דייטשן זענען אַנטלאָפן! — זיי פאַלן אַרויף אויף אונדז ווי ברידער, קושן און האַלדזן אונדז און פון די אויגן גיסן טרערן, טרערן פון פרייד, פון ווייטיק, נאָך צוויי יאָר „פאַרברענגען" אין גיהנום, ווייגען מיר צום ערשטן מאָל מיט פרייד־טרערן. ס'מישט זיך צונויף געוויין מיט געלעכטער, טרויער און האָפענונג.

— מיידלעך, קומט אַרויס! די רוצחים זענען אַנטלאָפן! די טויערן שטייען אָפן! אין שטאָט געפינען זיך די אַמעריקאַנער. — ווי אַזוי האָט דאָס פּאַסירט, קאָנען מיר נישט באַגרייפן. ערשט מיט אַ שעה צוריק האָבן מיר דאָך זיי געזען, די בעסטיעס. זיי האָבן נאָך באַזעצט אַלע ביידלעך פון דער „פּאָסטן־קעטע", צילנדיק די געלאָדענע אויטאָמאַטן אין אונדז, און איצט — שוין פריי? ווי אַזוי איז דאָס געשען? איז עס ווירקלעכקייט, צי נאָר אַ חלום פון דער צעפיבערטער פאַנטאַזיע?

— וואָס זענט איר אַזוי פאַרטראַכט? איר זענט דאָך פריי. גייט אַרויס, — רופן די מענער. אָבער קיינער וואָגט נישט צו רירן זיך פון אָרט. וווהין וואָלן מיר גיין? ס'קלינגען עפּעס אַזוי אומהיימלעך, אַזוי פרעמד די ווער־טער: „פריי", „באַפרייט", „גייך".

— ניין — שרייט פרידל — איך גיי נישט אין ערגעץ. כאַטש דער־שיסט מיך. מיך שרעקט די פרייע וועלט! — זי ציט מיטן געפאַלדעוועטן שטערן, ווי אַ זקנה, און שרייט:

— איך גיי נישט! איך האָב נישט קיינעם אויף דער וועלט. — זי קוועטשט אַריין אירע אויגן אין אירע ביידע הענט, וויינט און רעדט צו זיך: — יאָ, דאָרט, ווו עס איז מיין טאַטע, מיין מאַמע, מיינע קליינע

שוועסטער און ברידערלעך, דאָרט וויל איך גיין, דאָרט איז מיין אָרט. אין קוימען, אין די פלאַמען, דאָרט אַהין בענק איך. דאָרט אַהין רייסט זיך מיין נשמה...

— וואָס איז מיט אייך? — דערמוטיקן די מענער — מיידלעך! זייט פריילעך, מיר זענען אייערע ברידער, ברידער פון ליידן. אויך מיר זענען געווען געפאַנגענע ביי די דייטשן, און נאָר וואָס באַפרייט געוואָרן. איר גלייבט אונדז נישט? מיר ווילן אייך העלפן, מיר האָבן תמיד געוואָלט אייך העלפן מיט וואָס מיר האָבן געקאָנט. צוגעגאָסן צום פעסל פאַר חזירים אַ באָרשטש, אַ גריץ, די רעשטלעך, וואָס זענען געבליבן אויף די טעלער, אַז איר זאָלט האָבן וואָס אָנצושעפּן — האָט אין אַ שלעכטן דייטש צו אונדז גערעדט אַ פראַנצויזישער געפאַנגענער, איינער פון די קריגס־געפאַנגענע, וואָס האָבן געאַרבעט אין דער דייטשער מיליטער־קאַנטינע.

— קומט, מיידלעך, גיט אַ קוק, די טויערן שטייען אָפן. די דייטשן זענען אַלע אַנטלאָפן ווי די מייז.

ענדלעך באַקומען מיר מוט. דרייסטערע הייבן אָן לאַנגזאַם אַרויס־צוקריכן, אַ קוק טאָן, וואָס עס טוט זיך אין דרויסן. ביסלעכווייז ווערט די באַוועגונג שטאַרקער. פון אַלע באַראַקן הייבן אָן שטראָמען די מיידלעך צום טויער. אָבער אַרויסגיין אין דרויסן האָט מען נאָך אַלץ מורא. קיין איינציקע פון אונדז וואָגט נישט אַרויסצושטעלן דעם ערשטן טריט פאַרן טויער.

— איז אייך דאָ אַזוי גוט, וואָס איר רעכנט דאָ צו פאַרבלייבן אייביק?

— וויצלען זיך די מענער, און אָנגעמענדיק ביי די הענט, שלעפּן זיי אונדז אַרויס פונעם טויער. — זעט נאָר, וואָס פאַר אַ שיינע וועלט ס'איז אין דרויסן אויף דער פריי!

צום טויער הייבן אָן אָנקומען פורען, קראַנקע, צעבראָכענע, איינע שלעפּט די אַנדערע אָנגעלענט אויף דער צווייטערס אַקסל. אויסגעשעפּטע, איינגעהויקערטע, נעמען זיי אויף מיט מאָדנעם געפיל די בשורה פון באַפרייונג.

— מאַמע! — רופט אויס האַלושאַ — פון איצט אָן מעג איך דיך

שוין רופן מאַמע, — און דו מעגסט שוין זיין מיין מאַמע. — זי פאַלט אַרויף אויף מיר מיט אַ געוויין.

ביסלעכווייז ווערן די באַראַקן אויסגעליידיקט. אַלע לאָזן זיך אין שטאָט אַריין.

— זאָלן מיר אויך גיין ערגעץ ווו נעכטיקן, אין אַ מענטשלעכער שטוב — זאָגט צו מיר האַלושאַ. — ס׳איז שוין באַלד נאַכט. וואָס וועלן מיר דאָ זיצן. דער לאַגער איז שוין האַלב ליידיק. קום, מאַמע, לאָמיר גיין. לאָמיר זוכן ערגעץ אַן אָרט פאַר זיך אויף דער פרייער וועלט — — —

— וווהין, קינד מיינס, זאָלן מיר גיין? ווו איז אונדזער וועג? אונדזער היים? מיך שרעקט די באַפרייונג, זי וועט אַנטהילן דעם גרויליקן שלייער, זי וועט עפענען אונדזערע אויגן און ווייזן דעם נאַקעטן אמת, דעם חורבן.

מיר נעמען זיך אָן ביי די הענט, האַלטן איינע די אַנדערע, ווי מיר וואָלטן מורא געהאַט, אַז מיר זאָלן זיך נישט פאַרלירן. אַוועק איז דער ערשטער שמייכל, ס׳האָט גענומען זיך אויסלעשן די פרייד פון באַ־פרייונג, ווי באַזיגטע קערן מיר זיך אום פון דייטשן גיהנום. שווייגנדיקע, אָן אַ וואָרט, פאַרלאָזן מיר דעם לאַגער. דאָס האַרץ קלאָגט און מאָנט: וווהין גייט איר איצט? וועט איר דערציילן דער וועלט וועגן אַלעם? וועט איר נישט פאַרגעסן אין דעם רוף פון באַצאָלונג און נקמה? יאָ, איך שווער דאָ, ביי די טויערן פון לאַגער אין נוישטאַט־גלעווע, אַז כ׳וועל נישט פאַרגעסן און קיין מאָל נישט מוחל זיין, ביז מיין לעצטן אָטעם־צוג.

איך וועל נישט רוען, איך וועל אַלעמען דערציילן, ווי אַזוי ס׳זענען אומגעקומען מיין משפחה, מיין שטאָט און מיליאָנען יידן.

# אינהאַלט